געאָרג בראַנדעס



# די הויפּט שטרעמונגען אין דער ליטעראַטור פון ניינצענטען יאָרהונדערט

באַנד 10

# יונג־דייטשלאַנד

איבערזעצט פון

דר. יעקב גרינפעלד



מאַקס נ. מייזעל

אידישער פאַרלאַג פאַר ליטעראַטור און וויסענשאַפט

424 גרענד סטריט, ניו יאָרק,

1921



# דאָס יונגע דייטשלאַנד.

אויב דער קינסטלער וואַרפט זיך ניט אַרויף אויף זיין אַרבייט אַזוי ווי קורציע האָט זיך געוואָרפען אין אָפּגרונד, און אויב ער אַרבייט ניט אין דעם קראַטער גלייך ווי אַן ערדגראָבער, אויף וועלכען די ערד איז אַרויפגעפאַלען; אויב ער פאַנגט אַן אַרומקלערען די שוועריגקייטען אויפ׳ן אָרט פון בייקומען זיי איינע נאָך דער צווייטער, דעמאָלט וועט ער זיין דער עדות פון זעלבסטמאָרד פון זיין אייגענעם טאַלאַנט.

— באַלזאַק.

# אינהאלט:

(יונג־דייטשלאַנד, אפטיילונג 1)

## .1

# דער פּאָליטישער הינטערגרונד.

פון דער צייט פון דעם הייליגען בונד, האָט דייטשלאַנד'ס לענדער געדריקט די גרויסע סיסטעמאַטישע רעאַקציע, וועמעס אָנהויב איז געלעגט געוואָרען אויפ'ן וויענער קאָנגרעס; איהר צענטער איז געווען עסטרייך, און דער אָנגעזעהענסטער פאָרשטעהער איהרער — מעטערניך, טאַלעראַנ'ס תלמיד. ער האָט ניט פאַרמאָגט זיין לעהרער'ס געשיקטקייט, נאָר איז געווען מעהר געפעהרליך; ער האָט געהאָפּט אָרומצעוויקלען גאַנץ איירּאָפּאַ מיט אַ רעאַקציע־חושך. די הויפּט־טעטיגקייט איז באַשטאַנען אין דעם, אַז ס'זאָל אויפ'סניי אויפבליהען אַלץ, וואָס איז פאַרלאָרען געגאַנגען, צעשטערט אָדער אונזיכער געוואָרען פון דער רעוואָלוציע און פון נאַפּאָלעאָנ'ען. די רעגירונג האָט ענדליך געמוזט באַקעמפען דעם גרויסען שונא מיט אַלערליי מיטלען: בעטען פאָלקס־הילף אנשטאט געבען באַפעהלען, זיך ווענדען צו זייערע סענטימענטען אנשטאט צו שטיצען זיך אויסשליסליך אויף זייערע טריי־אונטערטעניגע געפיהלען, און אפילו פאַרשפּרעכען עפּעס, וואָס איז אַזוי פרעמד פאַר דער קאַבינעט־פּאָליטיק, עפּעס אַזוי סטודענטיש־רעוואָלוציאָנעריש, ווי „די ווידער־געבורט פון דייטשלאַנד“. ווירקליך, צווישען די לאָזונגען וואָס עסטרייך האָט אַרויסגעלאָזט און די, וואָס די פּרייסישע רעגירונג האָט פאַרשפּראָכען, איז געווען אַ גרויסער אונטערשייד. „גערעכטיגקייט און אָרדנונג“, „אָרדנונג און שלום“ — אַזוי איז געווען די לאָזונג פון דער עסטרייכישער פּראָקלאַמאַציע: „דאָס פאָלק, „פרייהייט און עהרע, דייטשלאַנד“ — דאָס איז געווען די פּרייסישע לאָזונג. נאָר דאָך

זיינען ביידע גרויסע דייטשע מלוכות געגאַנגען פיעל ווייטער אַנט־קעגען דעם צייט־גייסט, ווי דאָס האָט געשטימט מיט די פאַרלאַנ־גען פון די מלוכה־פיהרענדע פּערזאָנען. און ווען דער שונא איז נאָר פאַרטריבען געוואָרען, דער רעוואָלוציאָנערער יורש איז אַראָפּ־געזעצט געוואָרען פונ׳ם טראָהן, און די פרייהייטס־מלחמה האָט זיך געענדיגט, האָבען די מלוכה־פיהרער אָנגעהויבען אויסראָטען די פרייהייט מיט דעמזעלבען אימפּעט, מיט וועלכען זיי האָבען זיך פריהער געכאַפּט צו פיהרען די מלחמה געגען שונא.

די יוגענד, וואָס איז אונטערגעוואַקסען אין דער צייט פון דער מלחמה מיט פראַנקרייך האָט ערוואַרט, אַז דער רעזולטאַט פון זיעג וועט זיין די גרינדונג פון אַ פאַראייניגטער דייטשער מלוכה. שטיין האָט נאָך אין יאָהר 1812 צונויפגעשטעלט אַ פּלאַן וועגען פאַראיי־ניגען די צופאַלענע טיילען פון דער דייטשער אימפּעריע: אַרענד און גערעס האָבען געשריבען אין דערזעלבער ריכטונג. נאָר ביים שליסען פון דעם פּאַריזער שלום, אין יאָהר 1814, איז קלאָר פעסטגעשטעלט געוואָרען: „די דייטשע מלוכות זיינען אומאָפּ־הענגיג איינע פון דער צווייטער און זיינען פאַראייניגט אין אַ פעד־דעראַציע”. דאָס האָט געמאַכט אַ סוף צו אַלע ערוואַרטונגען וועגען דער גרינדונג פון אַ פאַראייניגטער מלוכה. עס איז אַריבער כמעט אַ גאַנצער דור, איידער די אידעע פון פאַראייניגונג איז ווידער געבוירען געוואָרען אין די מחות פונ׳ם פאָלק. אויפ׳ן אָרט פון אַ פאַראייניגטער מלוכה איז באַשאַפען געוואָרען דער „דייטשער בונד”, אָדער, ווי מען האָט איהם גערופען „בונט” — אַ רייך קאָלירטער אָרלעקינער קאָסטיום פאַר דער נאַציע, וואָס איז אַזוי ביטער אַנטוישט געוואָרען.

מיט דעם טרוים וועגען דער פרייהייט איז פאַרגעקומען דאָס זעלבע, וואָס מיט דעם טרוים וועגען פאַראייניגונג. אום צו באַ־גייסטערען דאָס פאָלק אין דעם קאַמפּס־מאָמענט מיט נאַפּאָלעאָנ׳ען, האָבען פילע דייטשע מלכים פאַרשפּראָכען זייערע אונטערטעניגע אַ פרייע קאָנסטיטוציע. פון די גרעסערע מלוכות האָבען נאָר באַיערען, באַדען און ווירטעמבערג — געוועזענע מיטגלידער פון נאַפּאָלעאָנ׳ס רהיין־בונד, געהאַלטען אָט די פאַרשפּרעכונגען און ביי זיך איינגעפיהרט קאָנסטיטוציעס, — באַיערען און באַדען אין

יאהר 1818; ווירטעמבערג, וואו דער קעניג, אלס אויסנאם, איז געווען א מעהר פריי־דענקענדער, ווי די שטאנד־רעגירונגען — אין יאהר 1819, ווערענד קארל אויגוסט פון דער קליינער זאקסען־וויימאר, דער פיאנער פון פאליטישער פרייהייט אין דייטשלאנד, אין יאהר 1816, האט געגעבען זיין פאלק א פרייהייטס־קאנסטיטוציע און געגרינדעט ביי זיך אן אמת'ע פארלאמענטארישע אידיליע.

נאר אט די איינציגע פעלען האבען קיין גרויסע באדייטונג ניט געהאט, ווייל עסטרייך, ווי נאכ'ן שליסען פון שלום אזוי אויך פאר דעם, איז געווען די פארשטעהערין פון דעם רעאקציאנערען פרינציפ, און דייטשלאנד, וואו די באפעלקערונג האט ארויסגעוויזען א שטארקע שטרעבונג נאך פרייהייט, איז אינגאנצען צוגעשטאנען צו מעטערניכ'ס פאליטישע פרינציפען.

אבער די דייטשע באפעלקערונג האט ניט נאר געוואלט קריי־גען א קאנסטיטוציע, נאר פאדערענדיג זי, האט זי זיך געשטיצט אויף בארעכטיגונג. אט דאס רעכט האט מען זיי פארשפראכען אויפ'ן פאפיער, וועגס איז געווען פארזיגעלט מיט רעגירונגס־זיגלען. אין אן עדיקט פון יאהר 1810 האט דער רעפארמער פון דייטשלאנד, דער קאנצלער־פירסט הארדענבערג, פארשפראכען צו גרינדען אין דער צוקונפט אן אלגעמיינע פאלקס־פארשטעהערשאפט. אין דער צייט פון דער מלחמה מיט נאפאלעאנ'ען איז דאס פארשפרעכען איבערגע'חזר'ט געווארען, און ענדליך אין מאניפעסט פון דעם 23טען מאי 1815, איז דעם פאלק געגעבען געווארען א פארמאלער צוזאג; און עס איז געמעלדעט געווארען וועגען דעם קעניג'ס אונפערמייד־ליכען פארלאנג צו גרינדען גלייך א קאמיסיע און אויסצואורבייטען א פראיעקט פון רעגירונגס־באשטימונגען אויף קאנסטיטוציאנעלע יסודות. נאר ווערענד מיטערניכ'ס סיסטעם איז מעהר פארשפרייט געווארען, איז די אויספירונג פון אט דעם פלאן אלץ ווייטער און ווייטער אפגעלעגט געווארען. ווען געררים האט באשלאסען זיך צו ווענדען צו הארדענבערג'ן פון די רהיין־פראווינצען מיט א מעמא־ראנדום, וואס האט באדארפט דערמאנען דעם קעניג זיינע פארשפרע־כונגען, האט ער געקראגען אן ענטפער, אז דער קעניג, געבענדיג די פארשפרעכונגען, האט חכמה'דיג איבערגעלאזט פאר זיך דאס רעכט צו באשטימען די צייט פאר זייער דורכפיהרונג. פיעל מאל

נאכהער האט דער קעניג זיך ערקלערט געבונדען צו'ן אט די פאר־שפרעכונגען, נאר צו דערזעלבער צייט האט ער שטענדיג באגלייט זיין ערקלערונג מיט א באמערקונג, אז באשטימען די צייט פון אויספיהרען אט די צוזאגונגען מוז בלייבען פאר זיין פאטערליכער זארג. דערוויילי זיינען אריבער 25 יאהר — די לעצטע יאהרען פון קעניג 1).

די זארגען פון די רעגירונגען האבען זיך איצט קאנצענטרירט אויף אויסצוראטען אלע סמנים פון דער נאפאלעאנישער אדמיניס־טראציע. אזוי, צום ביישפיעל, האט מען אפגעשאפט אין האנא־ווער דעם נאפאלעאנישען קאדעקס מיט זיין עפענטליכער געריכטס־פיהרונג, און אויף זיין ארט איז ווידער באנייט געווארען דער אינקוויזיטארשער פראצעס פונ'ם 16טען יאהרהונדערט מיט דער געהיימער געריכטס־פיהרונג. די פויערים, וואס די פראנצויזען האבען באפרייט, זיינען ווידער פארשקלאפט געווארען. מען האט אפגעשאפט דאס פרינציפ פון גלייכהייט פאר'ן געזעץ; דער פריצישער קלאס האט צוריקגעקראגען אלע פאליטישע און סאציאלע פריווילעגיעס, וואס ער האט געהאט אין אכצעהנטען יאהרהונ־דערט.

און אין דערזעלבער צייט, וואס די ערשטע שפראצונגען פון א פרייערען רעגירונגס־לעבען האבען זיך אנגעהויבען ארויסווייזען אין דרום־דייטשלאנד איז פארגעקומען א צופאל, וואס האט גע־געבען א סיגנאל צו פארשטארקען די רעאקציע, צו שטויסען איהר פארווערטס און צו אננעהמען געוואלט־מיטלען אום צו דערשטיקען די אומבאדייטענדסטע און אומשולדיגסטע פאלקס־געפיהלען; איך רעד וועגען קאצעבו'ס מארד, אדער גיכער, וועגען דער באגייס־טערטער באציהונג צום מערדער, וואס דער באגאנגענער פון איהם פארברעכען האט ארויסגערופען אין דער פארקנעכטעטער דייטש־לאנד, וואס איז פול געוועזען מיט שפיאנען.

דאס אויפוואכען פון דעם נאציאנאלען זעלבסט־פארשטאנד און די באגייסטערונג פאר פרייהייט, וואס האט זיך אזוי ארויסגעצייגט

1) בידערמאן: „דרייסיג יאהר פון דער דייטשער געשיכטע"; פרוץ: „צעהן יאהר", 1 און 2.

אין דער צייט פון דעם קאָנפליקט מיט פראַנקרייך, האָבן באַשאַפען אין די נאָכפאָלגענדע יאָהרען צוויי באַוועגונגען צווישען דער דייטשער יוגענד, וועלכע די רעגירונג האָט איצט געשענקט פיעל אויפמערקזאַמקייט: די גרינדונג פון גימנאַסטישע געזעלשאַפטען און סטודענטישער באַוועגונג (בורשענשאַפט).

יאַן, דער גרינדער פון דער פאָלקס־גימנאַסטיק האָט, נאָך פיכטע'ן, געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויף דער דייטשער יוגענד. אַ דאַנק זיין גרינדונג פון דער ערשטער גימנאַסטישער שול אין בערלין. ער איז פריהער געווען אַ מיטגליד פון לוצעוו'ס שיס־קאָרפּוס; אַ הייסער דייטש און אַ פיינד פון די פראַנצויזען, האָט ער געטראָגען לאַנגע גרויע האָר, וואָס זיינען אין אומאָרדנונג אַראָפּגעפאַלען אויף זיינע אַקסלען, מיט אַן אָפענעם האַלז און מיט אַ ברייטען, אַראָפּהענגענדיגען קאָלנער, מיט אַ גראָבען סוקענעם שטעקען אין די הענט. באַגעגענענדיג אויף זיינע קאָניקול־רייזעס אַ פראַנצויזישע שילד אָדער אַ מאַן, וואָס איז געווען גע־קליידעט ווי אַ פראַנצויז, האָט ער מיט זיינע תלמידים איהם אַרומגערינגעלט און האָבען געשריען: הע, הע! אין דער צייט פון זיינע רייזעס האָט ער זיך זעהר אָפגעהיט מיט'ן עסען און טרינ־קען; די עקסקורסאַנטען האָבען צוזאַמענסטען געלעבט אויף ברויט און וואַסער און ביינאַכט זיינען זיי געשלאָפען אונטער'ן פרייען הימעל, און דעמאָלט האָט זיך אַרום פייער צעטראָגען מאַסמאַנ'ס שעהנע ספּאָרט־ליעד:

„שטובענוואַכט, אָפענפאַכט
האָט די הערצער ווייך געמאַכט,
וואַנדערפאַרט, טורנעראַרט
מאַכט זיי פראַנק און האַרט."

אָט דער מאַסמאַן, איידער ער איז געוואָרען איינער פון די גימנאַסטישע פיהרער, האָט פיעל מיטגעאַרבייט אויף דער גרינדונג פון די סטודענטישע „בורשענשאַפטען", — דערזעלבער וואָס האָט געשפּיעלט אַזאַ גרויסע ראָלע אַלס דער שעיר לעזאַזל אין היינע'ס לידער און פּאָררעדעס (ווינטערמאַרשען, ק. 11, לויבגעזאַנגען צום קעניג לודוויג, אַ פּאָררעדע צו ראַמאַנסעראָ).

יאָז איז אין גיכען געוואָרען די פיגור פון ליידענשאַפטליכער פאַרעהרונג ניט נאָר פאַר דער ניט־דערוואַקסענער יוגענד, נאָר אויך פאַר די באַרימטעסטע מענשען און געזעלשאַפטליכע קערפּער־שאַפטען. דיכטער האָבען איהם געווידמעט זייערע ליעדער: אַזאַ באַרימטער פילאָלאָג ווי טירש האָט איהם געווידמעט זיין „פינדאַר" און פאַרגלייכט די דייטשע גימנאַסטיק מיט דער גריכישער; צוויי אוניווערזיטעטען האָבען איהם געשענקט דעם עהרען־דאָקטאָר. יאָן פערזענליך איז געווען אַ טיעף־אונטערטעניגער מענש, נאָר צווישען זיינע לאַנג־האָריגע גימנאַסטען, וואָס זיינען אַרומגעגאַנ־גען מיט אָפענע העלזער און מיט רעקלאַך פון ניט געווייסטען ליי־ווענד, איז אַריין אין דער מאָדע אויסלאַכען די אַרמעע און צומ־מיינסטען די פראַנטאַווע גוואַרדיע־אָפיציערען: זיי האָבען חוץ דעם אין זיך ערצויגען אַ שטאַרקען האַס געגען די אַבסטראַקטע שונאים; ביי די גימנאַסטען איז געווען אַ באַשטימטער וועג, ווי אַזוי צו הרג'ענען דעם שונא פון דער גוטער זאַך: מען דאַרף צושטעכען מיט'ן שווערד ציעלען אין אויג, און אויב דער קרבן האָט פאַרדעקט דאָס געזיכט, דאַרף מען טרעפען אין סאַמע האַרצען.

ווערענד אָט די באַוועגונג איז באַשאַפען געוואָרען אין בער־לין, האָט די באַוועגונג פון די בורשענשאַפט זיך קאָנצענטרירט אין טיורינג. צוערשט האָט עס געטראָגען אַ כאַראַקטער פון קריסטליך־דייטשער טרוימעריי און געהאַט דעם צוועק צו רעפאָרמירען די גראָבע סטודענטישע זיטען; ווערענדיג באַשאַפען אין דעם טייל פון דייטשלאַנד, וואָס איז געווען דער צענטער פון די קליינע דייטשע מלוכות, האָט די באַוועגונג זיך אויסגעקליבען פאַר איהר פּראָגראַם דאָס באַרימטע אַרנדט'ס ליעד, וועגען דעם, אַז גאַנץ דייטשלאַנד איז דער געבורטס־אָרט פון די דייטשען.

צווישען די יענאַ־פּראָפעסאָרען איז דער נאָהענטסטער צו די סטודענטען געווען איינער פריס. דאָס איז דערזעלבער פריס, וועל־מען העגעל, אין זיין פאָררעדע צו דער „פילאָסאָפיע און רעכט", לאַכט אויס, אַלס אַ פאַרשטעהער פון אויבערפלאַכליכקייט. דאָס איז געווען אַ הייסער ליבעראַל, וועלכער האָט, רייד'ענדיג וועגען העגעל'ן געזאָגט, אַז זיין נייע לעהרע איז ניט אויסגעוואַקסען אין גאָרטען פון וויסענשאַפט, נאָר אין די בייטען פון אונטערטעניג־

קיים. אונטער פּריס'עס שוץ איז די שטרעבונג צו פּאַראייניגונג און אַבסאָלוטער פרייהייט פאַרשפּרייט געוואָרען צווישען דער סטודענ־טישער יוגענד. די מיטגלידער פון בורשענשאַפט האָבען זיך אויס־געקליבען אַ שוואַרץ־רויט־געלע פאָהן. אַט די פאַרבען זיינען קאָ־פּירט געוואָרען פון די פאַרבען פון די מונדירען פון דעם לוצעווישען שיס־קאָרפּוס — שוואַרצער און רויטער איבערשלאַג מיט גאָלדענע קנעפּ.

די יובילעאום־פייערונג פון דער רעפאָרמאַציע אין יאָהר 1811, האָט געצוואונגען אַלעמענס אויפמערקזאַמקייט אויף די סטודענטען און יוגענד. דאָס האָט אייגענטליך געבראַכט צום געדאַנק צוזאַמענ־צורופען די פאָרשטעהער פון אַלע דייטשע בורשענשאַפטען אויף אַ קאָנפערענץ אין וואַרטבורג. אין קאַרל זאַנד'ס יובילעאום ווערק ווערט דערמאָנט, אַז די דייטשע וועלט האָט פון ארנדט'ס צייט דריי ירושה־שונאים: רוים, די מאַנאַשעסטוואָ און דער מיליטאַ־ריזם. דעם 18טען אָקטאָבער זיינען 500 בורשען, אונטער דער לייַ־טונג פון עטליכע פּראָפעסאָרען, אַוועק קיין וואַרטבורג, וואו זיי האָ־בען געהאַט אַ באַנקעט אין דעם קעניג'ס זאַל, אויפ'ן באַפעהל פון דעם ליבעראַלען קייזער קאַרל אויגוסט. דערנאָך האָבען די גימנאַ־סטען אָנגעהויבען צייגען זייערע קונצען, אום צו איבערראַשען די איינוואוינער. אין אָבענד האָט מען געצונדען פיעל פייערווערק. דאָ האָט יאַן פאָרגעשלאָגען, נעמענדיג אַ ביישפּיעל פון לוטהער'ן, וואָס האָט פאַרברענט דעם פּאַבסט'ס בול, פאַרברענען איצט אַלץ, וואָס איז געשריבען געוואָרען פון די שונאים פון דער גוטער זאַך. מאַססמאַן איז פייערליך צוגעשטאַנען צו אַט דעם פאָרשלאָג. מען האָט געבראַכט עטליכע פּעק מיט אַלט־געדרוקטע פּאַפּיר, מיט די נעמען פון די געהאַסטע ביכער, וואָס זיינען פאַרפאַסט געוואָרען פון די שונאים פון דער גימנאַסטיק. פון זיי זיינען דריי געשריבען געוואָרען פון שמאַלצ'ען, דעם ערשטען רעקטאָר פון בערלינער אוּ־ניווערזיטעט; דאָ האָט אויך פיגורירט דער זשאַנדאַרם־בוך, וואָס איז אַזוי טרויעריג באַריהמט געוואָרען, פון דעם פּרייסישען יוסטיץ־מיניסטער קאַמפּף; דער „נאַפּאָלעאָנישער קאָדעקס", „די גע־שיכטע פון דייטשלאַנד" פון קאָצעבו; „די רעסטאַווראַציע" פון האַלערען און אַז. וו. און צולעצט האָט מען אויך אַריינגעוואָרפען

אין פייער דעם אולאַנישען מונדיר מיט די בענדלאַך, דעם פּאַריק און דעם קאַפּראַלישען שטעקען.

ווען פּירס האָט זיך דערנאָך מיט אַ פייערליכער רעדע געזעגענט מיט די סטודענטען, האָט ער זיי אויפמערקזאַם געמאַכט דערויף, אַז זיי געפינען זיך איצט אין דעם לאַנד פון דייטשער פאָלקס־פריי־הייט, פון דייטשען פריידענקערטום. ער האָט אין זיין רעדע גע־האָט אַזעלכע אויסדרוקען, ווי: „דאָ איז ניטאָ קיין שטענדיגע אַרמעע און אַז. וו." — דער אויסדרוק איז דערפאַר געווען שטאַרק קאָמיש, וואָרים וויימאַר'ס חיל איז באַשטאַנען פון פּשוט'ע האַנד־ווערקער, וועלכע האָבען פאַר אַ קליינעם טאָג־לוין צייטווייליג אַרויס־געטראָטען אין די ראָלען פון הוזאַרען אין הויכע שטיוועל מיט שפּאָרען, נאָר אָהן פערד. אין דער פאָררעדע צו זיין „פילאָסאָפיע פון רעכט", רעדט העגעל וועגען אָט דער רעדע, וואָס פּירס האָט זיך ניט געשעמט צו האַלטען אויף אַן עפענטליכער פייערונג, ווע־גען וועלכער עס טראָגען זיך אַרום אַזוי פיעל שלעכטע מעשיות, און נאָך דערביי אַרויסזאָגען פאָלגענדע מיינונגען בנוגע צו דער מלוכה און איהר פיהרונג: „פון אונטען, פון דעם פאָלק, ווערט דאָס לעבען ערשיינען, אויב נאָר דער אמת'ער געזעלשאַפטליכער גייסט ווערט באַקומען דעם אויבען־אָן; די געזעלשאַפט קען זיין פאַרבונדען נאָר מיט די הייליגע באַנדען פון פריינדשאַפט". העגעל געפינט פּירס'עס נאַרישקייט און נידערטרעכטיגקייט אין דעם, וואָס ער וויל צושטערען די גוטע אַרכיטעקטור פון דעם רעגירונג'ס שכל אין „אַן אומריינעם געמיש פון האַרץ, פריינדשאַפט און ענ־טוזיאַזם".

מאַסמאַן האָט פאַרעפענטליכט דעם באַריכט פון'ם יום־טוב, און האָט דאָרט געשריבען, אַז די נאַכט האָט אַנגעהויבען אַרומהיי־לען דייטשלאַנד, נאָר פּלוצלונג האָט זיך אַ ליכטיג־ן אַזעוער פריה־מאָרגען פאַרנומען.

מעטערניך האָט זיך באַמיהט צו ווירקען אויפ'ן פירשט האַר־דענבערג און אויפ'ן קעניג אַלעקסאַנדער, אַז צוליעב דעם יום־טוב זאָל מען אַביסעל צודריקען דעם קייזער קאַרל אויגוסט, און זינט דעמאָלט האָט ער אין וויענער הויף באַקומען דעם צונעמעניש „דער אַלטער בורש".

צווישען די ביכער, וואָס מען האָט פאַרברענט אין וואַרטבורג, זיינען איינינגע געווען קאָצעבו׳ס. אין ווייִמאַר האָט ער אַרויסגעגעבען זיין „ליטעראַרישעס וואָכענבלאַט״, אין וועלכען ער האָט גע־חנפ׳עט רוסלאַנד און געזידעלט די דייטשע יוגענד. ווי ניט אַפּשׂ געמט האָט סימפּאַטיזירט מיט דער יוגענד, נאָר איצטיגס מאָל האָט ער זיך דערפרעהט מיט דעם, וואָס מען האָט אַזוי אָפּגעזידעלט זיין אַלטען שונא. אַזוי ווי קאָצעבו איז געווען אַ מיטגליעד פון׳ם רוסישען קאָנסולאַט און פלעגט פון צייט צו צייט שיקען באַריכטען אין פעטערבורגער הויף, האָט מען איהם געהאַלטען פאַר אַ רוסישען שפּיאָן. זיינע באַריכטען זיינען געווען ניט מעהר ווי אומשולדיגע ליטעראַרישע איבערבליקען, נאָר אין די אויגען פון דער שטודירענ־דער יוגענד איז ער אויסגעקומען ווי אַ ריכטיגע פאַרקערפּערונג פון וועלזעוואולען. אין דערזעלבער צייט האָט זיך אין גיסענ׳ער אוניווערזיטעט אונטער דער לייטונג פון די דריי ברידער פאָלען, פאַקטישע רעפּובליקאַנער, אָנגעהויבען ענטוויקלען דער ראַדיקאַליזם, וואָס האָט זיך שטענדיג אַרומגעטראָגען מיט׳ן געדאַנק צו הרג׳ענען די טיראַנען מיט זייערע מיטהעלפער. אין די סטודענטישע ליעדער האָבען זיך געפונען אַזעלכע אויסדרוקען: „כאַפּ אַרוים דעם מעסער פון פרייהייט! אורא! שטעך איהם אַריין די שווערד אין שלונג און דער׳הרג׳ע איהם!“ קאַרל פאָלען איז געווען אַ פיהרער און אונטער זיין ווירקונג איז אינגאַנצען אַרונטערגעפאַלען דער יונגער, שמאַלקעפּיגער מיסטיקער קאַרל זאַנד, וואָס האָט זיך שטענדיג אַרומגעטראָגען מיט אַן אידעע וועגען דעם קרבן וואָס יעזוס קריסטוס האָט געבראַכט, און דעם 23טען מערץ פון יאָהר 1819 האָט ער דעם אַלטען קאָצעבו אַריינגעשטאָכען אַ שווערד אין האַלז. אויפ׳ן פּאַ־פּירעל, וואָס ער האָט איבערגעלאָזט נעבען טויטען קערפּער, זיינען געווען אויפגעשריבען פאָלענ׳ס ווערטער: „דו קענסט ווערען אַ יעזוס!“

ווי קלאָר עס איז ניט געווען, אַז דער דאָזיגער מאָרד, וואָס איז געקומען פון אַ רעליגיעזער עקזאַלטאַציע, האָט ניט געהאַט קיין שותפות׳דיגס מיט די שטרעבונגען פון דער פריידענקענדער־יוגענד, נאָר אַט דער צופאַל, צוזאַמענסטען איבער דעם, וואָס זאַנד האָט זיך אָנגעהויבען מאָלען אין פאָלק׳ס פאַרשטאַנד אין דער געשטאַלט פון

א הייליגען, האָט געצוואונגען מעטערניכ׳ען און גענצען, דעם עסטרייכישען אימפּעראַטאָר און דעם דייטשען קאַנצלער, אַרויסטרעטען מיט אַ פּראָטעסט קעגען איהם; אין גיכען זיינען אויסגעאַרבייט געוואָרען די אַזוי־אָנגערופענע קאַרלסבאַדער רעזאָ־לוציעס: ציימווייליגע, אויסשליסליכע געזעצען פאַר די אוניווער־זיטעטען, די „דעמאַגאָגען" אין דער פּרעסע. אַזוי אַרום איז באַ־שאַפען געוואָרען די דאַמאָלסדיגע דייטשע צענזור און גענץ האָט מיט פולע רעכט געקענט לויבען די נייע אָרדנונג, ווי די גראַנדיעז־סטע רעאַקציאָנערע באַוועגונג, וואָס איז געבאָרען געוואָרען פאַר די לעצטע דרייסיג יאָהר.

אונטער׳ן תירוץ, אַז מען פאַרפאָלגט די גרויסע רעוואָלוציאָנערע פּאַרטיי, וואָס האָט אין אמת׳ען אפילו ניט עקזיסטירט, ווי עס האָ־בען עס גוט געוואוסט די רעגירונגען אליין, האָבען זיי אָנגעהויבען א גאַנצע רייה מיט פאַרפאָלגונגען קעגען דעם אַזוי־גערופענעם „לי־בעראַליזם". דע־וועטטע, אַ פּראָפעסאָר פון בערלינער אוניווערזי־טעט, דערצו אַ פּראָפעסאָר פון טהעאָלאָגיע, איז אָפּגעזאָגט געוואָרען דערפאַר, וואָס ער האָט אָנגעשריבען אַ טרייסט־בריעף צו זאַנד׳ס מוטער. די פּאָליציי האָט דעם בריעף איבערגענומען און איבער־געלייענט. די רעאַקציע איז געווען געווענדעט אויך קעגען די פאַר־טיידיגער פון דייטשלאַנד׳ס זעלבסטבאַוואוסטזיניגקייט, וואָס האָט ערוואַכט אין דער צייט פון דער מלחמה. יאַן איז אַרעסטירט געוואָ־רען, איינגעשפּאַרט אין פעסטונג און דערנאָך פאַרשיקט, אונטער פּאָליציי־אויפזיכט, אין אַ קליינער שטאָדט; אַרנדט, אַלס „דע־מאַגאָג", איז אַריינגעשלעפּט געוואָרען אין אַ קרימינעלער געשיכ־טע און פאַרטריבען געוואָרען פון דער שטעלע. געררעס, וועלכער איז אָפּגעזאָגט געוואָרען פון זיין שטעלע, איז אַנטלאָפען קיין אויס־לאַנד.

די צענזור האָט זיך פאַרשפּרייט אין דייטשלאַנד ניט נאָר אויף די ביכער און צייטונגען וואָס האָבען זיך דאָרט געדרוקט, נאָר אויך אויף אויסלענדישע אויסגאַבען. אַלע דייטשע צייטונגען וואָס האָבען זיך געדרוקט אין ענגלאַנד, פראַנקרייך און האָלאַנד, זיינען פאַרבאָטען געוואָרען. גאַנץ גרויסע אויסגאַבען, ווי צום ב. ש. בראָק־הויז׳ישע, זיינען, צוליעב עטליכע בראָשורען וואָס זיינען דאָרטען

געדרוקט געוואָרען צענזורירט געוואָרען. אין אַלע אוניווערזיטעטען האָט מען באַשטימט פּאַרטרויענסווערטהע פּערזאָנען, וואָס האָבען באַראַפט נאָכצופאָלגען די שטימונגען צווישען די סטודענטען און די פּראָפעסאָרען־לעקציעס. אַלע גימנאַסטישע געזעלשאַפטען זייַ־נען פאַרבאָטען געוואָרען, און אויך די אַזוי־גערופענע אַלט־דייטשע קאָסטיומען און די שוואַרץ־רויט־געלע פאַרבען. צוממייסטען האָט די פּאָליציי זיך מייסטעריש אַרויסגעצייגט אין דער פאַרפאָלגונג פון די פאַרבען. זי האָט געמאַכט אַ געיעג אויף פּראַקען, הוטען, קאָ־טאָסען, ליולקעס, און יעדען איינעם, וואָס מען האָט געכאַפּט אין אַ ווייסען הוט, אין אַ רויטען זשילעט און שוואַרצען פּראַק, האָט מען אַריינגעזעצט אין טורמע און איהם באַשולדיגט אין רעגירונגס־פאַרראַט.

אין די 20־גער יאָהרען האָבען עטליכע סטודענטען פון מאַר־בורג זיך אויסגעשריבען פּעטטונגס־שווערדען פון אַ סאָלינגערער פאַבריק, נאָר עס האָט גראָדע געטראָפען, אַז די געוועהנליכע פאַב־ריק־מאַרקע, דאָס וואָרט „פירסט", איז אויף די שווערדען ניט גע־ווען. די גיסענער רעגירונג האָט געמאַכט אַן אונטערזוכונג אום צו דערגעהן, אויב די סטודענטען האָבען אומיסטען געמאַכט אַזאַ באַשטעלונג, אָבער צו דעם גרויסען פאַרדראָס פון דער פּאָליציי, איז ניט געפונען געוואָרען דער מינדסטער פאַרדאַכט אויף דער באַשולדיגונג. „איך האָב רחמנות אויף אייערע רעגירונגס־מענשען", האָט דאַמאָלס געזאָגט דער פראַנצויזישער מיניסטער גראַף דע־סער צו דעם באַרימטען ניבור, „זיי האַלטען מלחמה מיט סטודענטען."

מען האָט הויפּטזעכליך געזוכט פאַרבאָטענע געזעלשאַפטען צווי־שען די סטודענטען. ווען מען האָט אַרעסטירט אַרנאָלד רוגען האָט קאַמפף געמאַכט אַן אמת פּאָליציאישען געיעג דורך זיין שטעקען, אויף וועלכען עס זיינען געווען אויסגעשניטען די נעמען פון עטליכע בורשען פון יענאַ, ביז וואַנען דיזער קאָרפּוס־דעליקטי איז ענדליך קאָנפיסקירט געוואָרען אין שטראַלזונד. רוגען האָט מען געפּייניגט מיט לאַנגע איבערהייסונגען ביים אויספרעגען, ווערענד אין זיין צעל האָבען די ווערים איהם געגעסען. פאַר'ן פאַרברעכען וואָס ער האָט געטראָגען „אין מיטען העלען טאָג דייטשע פאַרבען", האָט פרימע רייטנער באַראַפט באַצאָהלען מיט אַפּזיצען אין אַ שרעק־

ליבער טורמע אין בערלין; דערנאָך האָט מען איהם פאַראורטיילט פאַר רעגירונגס־פאַראַט און איהם אַריינגעזעצט אין אַ שמוציגען קאַזעמאַט אין פעסטונג. אין באַיערען איז אַ פאָליטישער זינדי־גער פאַראורטיילט געוואָרען צו פעסטונג פאַר דער שולד, וואָס איז, נאָך פיעלע באַוויזען, באַשטאַנען אין דעם, וואָס ביי איהם אין הויז האָט מען געפונען עפּעס וואָס איז געווען עהנליך אויף אַ דייטשען פירסטערליכען מאַנטעל. דייטשע יונגע לייט, צוזאַמעג־סטען אַ דאַנק די עסטרייכישע מסירות, האָבען געמוזט געהן אין טורמע, אָדער אַרויסגעטריבען ווערען. מיט איין וואָרט: די לי־בעראַלע־בורזשואַזע יוגענד איז דעמאָלט געווען אַזוי רעכטלאָז און אַזוי פאַרפאָלגט, אַזוי ווי די סאָציאַליסטישע יוגענד פונ׳ם פער־טען־שטאַנד אין יאָהר 1890.

האַנט אין האַנט מיט דער פּאָליטישער איז, ווי געוועהנליך, אויך געגאַנגען די רעליגיעזע רעאַקציע. די פּרייסישע רעגירונג האָט אין 1821טען יאָהר געשלאָסען מיט׳ן פּאַבסט אַ קאָנקאָרדאַט, וואָס האָט געגעבען דער קאַטוילישער קירך אַן איינפלוס, וואָס איז אונ־מעגליך געווען אין פרידריך דעם גרויסען׳ס צייטען. אין אַ יאָהר אַרום האָט מען איינגעפיהרט אין דער פּראָטעסטאַנטישער קירך נייע פאָרמען פון גאָטעס־דיענסט, וואָס האָט זי דערנעהנטערט צו דער קאַטוילישער. באַדייטענדער פון אַלץ איז דאָס, וואָס אַפילו דער נאָמען „פּראָטעסטאַנטיזם" איז געוואָרען צו שאַנד. לויט אַ באַפעהל וואָס דער מיניסטאַרען־קאַבינעט האָט אַרויסגעלאָזען, זיי־נען די טערמינען „פּראָטעסטאַנט" און „פּראָטעסטאַנטיזם" פאַר־באָטען געוואָרען אין דייטשלאַנד; די צענזורען זיינען פאַרזאָגט געוואָרען ניט דורכצולאָזען אַזעלכע ווערטער, און זיי פאַרבייטען מיט דעם וואָרט „עוואַנגעליזם".

אַ שטאַרקער טרויער, איבער דעם וואָס די האָפנונגסלאָזע רע־אַקציע האָט בעזיעגט די מחות פון אַלע פּראָגרעסיווע מענשען, האָט אַרומגעכאַפּט אַלע בעסטע מענער און פרויען פונ׳ם דייטשען פאָלק. נאָר די פאָלקס־מאַסע איז ניך פאַרזונקען געוואָרען אין אַפּאַטיע און אין אַ פּאָליטישער גלייכגילטיגקייט. די רעאַקציע, וואָס איז פריהער אַנגעבונדען געוואָרען פון דרויסען, איז איצט אַריינגעדרונגען אין די מחות. פיעלע האָבען אַנגעהויבען קוקען

אויף די קאָנסטיטוציע, וואָס דייטשלאַנד האָט פאַרשפּראָ־כען, ווי אויף אַ ווערטלאָזער זאַך; אַנדערע האָבען בסוד געליטען בזיון זעהענדיג דייטשלאַנד, וואָס האָט געבראַכט אַזעלכע גרויסע קרבנות אין דער מלחמה קעגען נאַפּאָלעאָנ׳ען און האָט נאָך אַלץ קיין קאָנסטיטוציע ניט געהאַט, ווערענד די דרום־דייטשע קע־ניגרייכען, וואָס זיינען געגאַנגען האַנד אין האַנד מיט׳ן שונא, האָ־בען שוין גאַנץ לאַנג באַנוצט זיך מיט דער פרייהייט פון פּאָליטישען לעבען און האָבען איינגעפיהרט ביי זיך אַ פּאָליטישען קאַמף; אָט די פּערזאָנען האָבען געקוקט אויף דעם פּאָליטישען קאַמפּף אין אָט די לענדער מיט אַ כלומר׳שטדינגער גלייכגילטינקייט, וואָס האָט פאַרדעקט אַ געפיהל פון קנאה און פאַרדרוס. זיי האָבען אַנגעוויזען מיט אַ נקמה־געפיהל אויף דעם, אַז דער בונדעס־ראַט, וואו דייטש־לאַנד און עסטרייך האָבען געהאַט די אויבערמאַכט, האָט זיך שטענ־דיג געזאָרגט וועגען דעם, אַז מען זאָל אָפּשטעלען דאָס וואַקסען פון דעם דרום־דייטשען פּאַרלאַמענטאַריזם. חוץ דעם האָבען זיי נאָך געקענט פאַרשווארצען די אָפּאָזיציע, וואָס האָט אַנגעהויבען זיך צו באַווייזען אין די דרום־דייטשע קעניגרייכען. די מיניסטאָרען האָט זיך אַביסעל איינגעגעבען אָפּצוציהען אַביסעל די וואַהלען פון די קאַנדידאַטען וואָס האָבען ביי זיי ניט נושא־חן געווען, און אַביסעל האָבען זיי צוגעצויגען מיט כאַבאַר אָדער שרעקונגס־מיט־לען אויף זייער זייט פיעלע געגנער; און צולעצט האָבען זיי גע־קענט, אין אַ נויט־פאַל, ניט שענקען קיין אויפמערקזאַמקייט די באַשלוסען פון דער פּאַלאַטע, אויב די לעצטע האָט זיך אַרויסגע־זאָגט קעגען זיי. אַזוי ווי די מאַכט האָט זיך געפונען אין די הענט פון די רעגירונגען איז גאַנץ פאַרשטענדליך, אַז די פּאַרלאַמענטאַ־רישע באַשלוסען ביז׳ן יאָהר 1820, האָבען קיין שום טיפען אינטע־רעס ניט פאַרגעשטעלט.

די דייטשע פּרעסע איז קיינמאָל הויך ניט געשטאַנען. פאַר־לירענדיג די מעגליכקייט צו באַטראַכטען רעגירונגס־אַנגעלעגענהיי־טען, האָט זי זיך געמוזט באַגנוגענען מיט נאַכריכטען פון פּשוט׳ע פּאָליטישע פאַקטען און על־פּי־רוב געגעבען הויף־ידיעות, נייעסען וועגען שטורעמס און פאַרפלייצונגען, וועגען דער געבורט פון אויי־סערגעוועהנליכע קאַליקעס אין דער וועלט פון חיות און וועגען דעם

ערשיינען פון נייע שטערן אויף די אייראָפּעאישע טעאַטראַלישע ביהנען.

די געבילדעטע מענשען האָבען זיך געמיהט צו באַלוינען זיך פאַר דער אוממעגליכקייט צו נעהמען אַנטייל אין פּאָליטישען לעבען פונ'ם לאַנד מיט לײדענשאַפטליכער, האַלב־אומזיניגער באַגייסטע־רונג פאַר'ן טעאַטער. קיינמאָל האָט מען נאָך אַזוי ניט פאַרגעטערט די זינגערינס און טענצערינס, ווי דעמאָלט. אין בערלין זיינען אין די צוואַנציגער יאָהרען אַלע אינטערעסען אָפּגערוקט געוואָרען אויף צוריק צוליעב דער פראַגע וועגען דייטשער אָדער איטאַליענישער מוזיק. אַלע אָהן אויסנאַם זיינען אַריינגעשלעפּט געוואָרען אין קריעג, וואָס איז אַנטשטאַנען צוליעב ספּאָנטיני'ן און וועבער'ן. ווען בערנע איז אין יאָהר 1826 אָנגעקומען קיין בערלין, זיינען די מחות פון אַלע מענשען געווען פאַרנומען מיט דער זינגערין הענ־ריעטע זאָנטאַג, און וועגען בערנע'ן האָט מען נאָר דאָס געוואוסט, אַז ער האָט אָנגעשריבען וועגען איהר אַ קריטישען אַרטיקעל. אין זיינע בריעף פון פּאַריז געפינט זיך אַ שאַרפזיניגע און גאַנץ אמת'ע באַשרייבונג וועגען דעם, אַז מען האָט בערנע'ן אומעטום באַגעגענט און באַגריסט מיט'ן אויסרוף: „דאָס איז דער הערר, וועלכער האָט געשריבען וועגען הענריעטע זאָנטאַג". נאָך אין יאָהר 1832 זיינען אַלע לעבענס־ערשיינונגען: די פּאָליטישע באַוועגונג אין פראַנקרייך, די פּוילישע נידערלאַגע און דער רחמנות צו די פּוילישע פליכט־לינגע פאַרגעסען געוואָרען איבער דער באַגייסטערונג פאַר דער טענצערין טאַליאָני'ס פּיסלאַך, וואָס האָבען אַקוראַט צו יענער צייט אָנגעהויבען זייער זיעגרייכען טורנע איבער אייראָפּאַ. די הויפּט־פאַרשטעהער פון דער פּרייסישער גייסטיג־רעאַקציאָנערער ריכטונג, דער האָפּמאַרשאַל, צוקינפטיגער דיפּלאָמאַט, גענעראַל טעאָדאָר הענריך פ. כאָכאוו, שרייבט אין מאַי 1832 צום גענעראַל־פּאָסטמאַסטער פ. נאַגלער:

„זי וועט טאַנצען און אַזוי אַרום אונז פאַרשאַפען פיעל פרייד און באַשעפטיגונג... די מימיק פון דער גראַציעזער טיליאָני האָט אַרויסגעשטופּט די בייזע צייכענס פון דער צייט."

דאָס וואָרט באַשעפטיגונג איז ספּעציעל כאַראַקטעריסטיש.

איהרע טענץ האָבען נים נאָר פאַרשאַפט פאַרגניגען, נאָר זיי האָבען אויך געגעבען באַשעפטיגונג 1).

אין ליטעראַרישער הינזיכט האָט דער דאַמאָלסדיגער דור, נאָכ־דעם ווי געטע האָט דערגרייכט זיין אַכציג־יעהריגען עלטער, זיך שטאַרק באַגייסטערט מיט געטע׳ן. אַלץ וואָס דער ווירדיגער דיכ־טער האָט געזאָגט אָדער געשריבען, האָט דאָס לעזענדע פובליקום געהאַלטען פאַר דער פאַרקערפּערונג פון קלוגשאַפט, שעהנקייט און געטליכע פּאָעזיע. זיין גאַנץ לעבען האָט ער געמוזט פיהרען אַן אונאויפהערליכען קאַמפף מיט דער שנאה און אומפאַרשטענדליכ־קייט; איצט האָט די באַגייסטערונג פאַר איהם אָנגענומען כמעט אַ קאַריקאַטור־פאָרם. אין בערלין איז דאָס דערגאַנגען צו הערקו־לעסישע סטאַפּען פון נאַרישקייט 2). אין צעלער׳ס בריעף צו געטע׳ן רעדט זיך וועגען זיינע „עלפענאַרא“. „די קומענדע דורות גלויבען נים, אַז די זון פון אונזער צייט האָט באַשיינט דאָס דאָזיגע ווערק“. די אַלע, וואָס האָבען אָנגעלעגט שטיינער אויף געטע׳ס וועג, אַזוי לאַנג ווי זיין נאָמען האָט געהערט צו דער קריגערישער ליטעראַטור, זיינען געוואָרען זיינע אָנהענגער פון דער צייט וואָס זיין נאָמען איז געוואָרען אַן אומצווייפעלבאַרע אויטאָריטעט און האָט באַקומען אַ כאַראַקטער פון אַ קאָנסערוואַטיוו־נאַציאָנאַלער

---

1) „פרויען אין פראַנקרייך אין דער צייט פון דער יולי־רעוואָלו־ציאָן“, פאַרטרויטע בריעף פון גענעראַל פאָן כאַבאָוו, אַרויסגעגעבען פון י. קעלכנער און ק. מענדעלסאָן־בערטאָלדי.

2) אין בערלינער ליטעראַרישער געזעלשאַפט, „די מיטוואָך געז־עלשאַפט“, האָט דער געהיים־ראַטגעבער שולץ אָנגעשריבען לכבוד געטע׳ס געבורטס־טאָג אַ ליעד מיט פאָלגענדען אינהאַלט: „אַך ווען איך זאָל זיין אַ פישעל, אַ לעבעדיגס און פריש, אינגאַנצען אָהן ביינער, אום צו פאַרשאַפען געטע׳ן אין זיין געבורטס־טאָג אַ גוצליך, גרינג און באַ־טעמ׳ט עסען.“ וועגען אָט דער געזעלשאַפט האָט אַמאָל דער שאַרפזיניגער סאַפיר געזאָגט, אַז דער נאָמען אַליין צייגט ווער איהרע מיטגלידער זיי־נען. דאָס וואָרט „מיטוואָך־געזעלשאַפט“ אַנטהאַלט דריי ווערטער: „אָקס, עזעל און שאָף“.

לאַזונג. נאָר אין אַלגעמיין איז די ליטעראַטור געפאַלען. די ראָמאַנטישע פאַנטאַזיע פון דער פּאָעזיע האָט געהאַלטען ביים אויסגעלאָשען ווערען. ראַאופאַך און מיולער האָבען געקעניגט אויף דער ביהנע. קלאַוכען האָט געהערשט אויפ׳ן געביט פון ראָמאַן. די בעלעטריסטישע ליטעראַטור איז מיט יעדען טאָג געוואָרען אַלץ מעהר אויבערפלעכליך און גייסטיג נידעריגער.

.2

## די וויסענשאַפט און רעאַקציע.

די דייטשע וויסענשאפט, נאכ'ן איבערפלוס פונ'ם ראמאנטיזם, וואס האט באפרוכפערט דעם באדען, האט זיך שטארק דערהויבען, דערגרייכענדיג א גלענצענדע ענטוויקלונג אין אלע איהרע געביעטען; זי האט אין דערזעלבער צייט אויך איבערגעביטען איהר פארב. א דאנק אומגינסטיגע אומשטענדען איז זי אין דערזעלבער צייט געווארען אלץ מעהר אידעאליסטיש, זיך אויף יעדען שריט אפגערוקט פונ'ם ווירקליכען לעבען און אלץ מעהר צוגעשטאנען צו דער עקזיסטירענדער רעגירונגס־סיסטעם.

אלס א גוטער ביישפיעל דערפון דיענט העגעל. אין מערץ 1819 האט קארל זאנד דער'הרג'עט קאצעבו, און מיט א האלב יאהר שפעטער, 22טען אקטאבער 1818, האט העגעל דאס ערשטע מאל פארנומען די קאטעדרא פון בערלינער אוניווערזיטעט. שוין אין זיין איינטריט־רעדע האט ער געלאזט וויסען די צוהערער זיין פראגראם און פון אט דעם פראגראם האט מען געקענט זעהן, אז דאס עקזיסטירענדע סיסטעם און העגעל'ס פילאסאפיע האבען א צוזאמענהאנג, ווארום אט די פילאסאפיע האט באזירט אויפ'ן געדאנק פון אלמעכטיגקייט, און די מלוכה — אויף דער מאכט פון בילדונג און וויסען. דעם אומשטאנד, וואס פרייסען איז צו יענער צייט אומטריי געווארען איהר כאראקטער און איהר פארגאנגענהייט, ווערענדיג געפיהרט פון עסטרייך און דינענדיג דער גייסטיגער און פאליטישער רעאקציע, האט דער פילאזאף קיין אויפמערקזאמקייט ניט געשענקט. דערווייל זיינען די קארלסבאדער געזעצען שוין געווען אויסגעארבייט, ווערענד פרייסען האט גענר

מען אויף זיך די איניציאַטיווע דורכצופיהרען אַלע קליינע טיראַנישע געזעצען, אַ דאַנק וועלכער גאַנץ דייטשלאַנד איז אין גיכען אונ־טערגעפאַלען אונטער אַ פּאָליציייאישע אויפזיכט. העגעל האָט אַזוי שטאַרק געהאַסט די סענטימענטאַלע פּאָליטיק פון די בורשענשאַפ־טען ווי די סענטימענטאַלע פילאָסאָפיע. די וואַרטבורגער קאָנפע־רענץ האָט ער געהאַלטען פאַר אַ ראָמאַנטישער נאַרישקייט, און זאַנד'ס קלאַפּ מיט'ן שווער האָט דערוועקט אין איהם אַ האַס. אין דער פאָררעדע צו דער „פילאָסאָפיע פון רעכט", זיין ערשט און מעהר באַדייטענד ווערק אין בערלין, האָט ער ניט נאָר זיך ערני־דעריגט מיט זיין פאַרטיידיגען די פאַרפאָלגונג פון די דעמאַגאָגען, נאָר ער איז אַוועק אַזוי ווייט, אַז ער האָט אָנגעהויבען אַרויסטרעטען אין דער ראָלע פון אַ זשאַנדאַרם, אַרויסגעבענדיג זיין געוועזענעם קאָלעגע פירס צו דער רעגירונג:

„איך האָף, אַז ניט דער פּאָסטען און ניט דער טיטול קענען זיין אַ טאַליסמאַן פאַר די פּרינציפּען וואָס צושטערען די מאָראַל און אויך די געזעלשאַפטליכע אָרדנונג."

דערווייל איז העגעל זינט דעמאָלט געוואָרען דער פילאָזאָף־דיק־טאַטאָר פון דייטשלאַנד. פון בערלין האָט ער געהערשט איבער דער גאַנצער דייטשער גייסטיגער וועלט.

נאָר אָט די פילאָסאָפיע, אַפילו אין אַזאַ קאָנסערוואַטיווען ווערק, ווי די „פילאָסאָפיע פון רעכט" איז געווען, ענטהאַלט אַ צווייזיניגקייט, וואָס האָט געפיהרט צו גרויסע רעזולטאַטען. שוין אין יענער פריהער דערמאָנטער פאָררעדע, וואָס האָט באַקומען אַזאַ מאוס'ן שם, האָט זיך געפונען אַ פראַגע, וואָס איהר איז באַ־שערט געווען צו ווערען אַ קלאַסישער לאָזונג פון יענער צייט: פאַר איהר האָבען זיך צוערשט אָנגעכאַפּט די קאָנסערוואַטיווען פון דער רעסטאַראַציע־עפּאָכע, און דערנאָך האָבען זיך מיט איהר באַנוצט אַלס אַ געוועהר פאַר אַ שטורם העגעל'ס אינגסטע שילער. אין דער פאָררעדע זיינען מיט גרויסער שריפט געווען אָנגעשריבען פאָלגענ־דע צוויי שורות: „אַלץ, וואָס איז ראַציאָנאַל, איז אמת, און אַלץ, וואָס איז אמת, איז ראַציאָנאַל". וואָס האָט דאָס געמיינט? העגעל ענטוויקעלט דעם געדאַנק, אַז אויב דאָס געפיהל ערקלערט, אַז אַלץ וואָס עקזיסטירט איז נישטיג, איז דאָס שוין אַליין נישטיג; אויב

אבער, פארקערט, די אידעע ווערט אנערקענט אלס א פשוט'ע פאָר־שטעלונג, דאַרף מען אננעהמען, אז עס איז ניטאָ קיין אנדער ווירק־ליכקייט, אויסער דער אידעע. דער זין פון דער פילאָסאָפיע איז געווען צו ענדיגען דעם אייביגען אנהויב אינ'ם עקזיסטירענדען, אינ'ם צייטליכען, אינ'ם אויגענבליקליכען; מיט אנדערע ווערטער, אין אַט דעם פאַל דאַרף מען ניט באַשאַפען קיין רעגירונג־אידעאַל, נאַר מען דאַרף זי נעהמען ווי זי איז.

גאַנץ אויפריכטיג איז געווען האַים, העגעל'ס ביאָגראַף, מיט זיין מיינונג, אז די לעהרע וועגען דער אבסאָלוטער מאַכט איז ניט אזוי געפעהרליך, ווי די לעהרע וואָס ערקלערט פאַר הייליג אלץ וואָס עקזיסטירט. נאָר פון דער צווייטער זייט קען מען מיט דעמזעל־ביגען רעכט באַשטעטיגען, אז אפילו די ליידענשאַפט צו איבער־קעהרענישען ביי דער רעוואָלוציאָנערער יוגענד איז ניט אוועק אזוי ווייט, ווי די לעהרע וואָס ערקלערט פאַר ווירקליכקייט נאָר דאָס ראַציאָנאַלע, — נעמליך, עס אנערקענט דאָס איבעריגע אלס א פיק־טיווע לעבערליכקייט, אלס א מיראַזש, געגען וועלכען מען קען קעמפען, באַזייטיגען, פאַרניכטען, צושטערען. דעריבער האָט ראַ־בערט פרוץ געקענט זאָגען וועגען אַט דער אָריגינעלער פראַגע, אז א דאַנק איהם זיינען פאַרנישט געוואָרען אלע צווייפלען; דער אַלטער גאָט פון חושך איז אַרונטערגעשליידערט געוואָרען אין אָפּ־גרונד, און דעם טראָהן האָט פאַרנומען דעם נייער, אייביג־הערשענ־דער צעאוס, די אידעע, וואָס אנערקענט זיך, — דעם מענש, ווי א דענקענדער וועזען.

ווי פאַרשיידען עס זיינען געווען די פילע אויסטייטשונגען פון העגעל'ס פילאָסאָפיע, נאָר די עהנליכקייט צווישען אַט דער לעהרע און געטע'ס פאָעזיע איז אנערקענט געוואָרען פון אלע וואָס פאַר־שטעהען. פאַר א קליינער גרופע פון געטע'ס פאַרעהרער אין בער־לין איז העגעל געוואָרען זייער מעכטיגסטער בונדעס־גענאָסע, און די באַגייסטערונג פאַר אַט די צוויי גרויסע גייסטער, וועלכע מען האָט גערופען: איינעם — דער אבסאָלוטער דיכטער, און דעם צווייטען — דער אבסאָלוטער פילאָסאָף, איז צונויפגעגאָסען גע־וואָרען אין איין געפיהל. דער רעכטגלויביגער העגעליאַנער האָט איינגעזעהן די פיעל־באַדייטענדע צוזאַמענטרעפונג אין דעם אומ־

שטאַנד, וואָס העגעל איז געבוירען געוואָרען דעם 27טען אויגוסט, און געטע דעם 28טען. אין די צוואַנציגער יאָהרען האָבען העגעל'ס אמת'ע פאַרעהרער זיך פאַרזאַמעלט אויף אַן אָבענד־פעסט דעם 27טען אויגוסט און געטרונקען לכבוד זייער לעהרער, דערמאַנענדיג דאָס, וואָס אין דער פאָררעדע צו דער „פילאָסאָפיע פון רעכט" האָט ער געזאָגט וועגען מינערווע'ס סאָווע, וועלכע הויבט אָן פליהען, ווען עס פאַלט צו דער בין־השמשות.

„ווען די מיט־נאַכט האָט אויסגעשלאָגען, איז איינער פון די רעדנער אויפגעשטאַנען און מיטגעטיילט די פרעהליכע נייעס, אַז אָפּאַלאָן, — דער גאָט פון טאָג און ליעד — האָט געבראַכט אויף זיין זון־וואָגען דעם גליקליכען טאָג פון דעם 28טען אויגוסט" 1).

דער פּאַטריאָטיזם, וואָס האָט אין 1813 אַרויסגעטריבען דעם שונא פון'ם לאַנד, האָט געהאַט אין זיך צוויי גאַנץ אַנטקעגענגע־זעצטע עלעמענטען: אַ היסטאָרישע, רעטראָספּעקטיווע ריכטונג, וואָס האָט זיך גיך פאַרמירט אין אַ ראָמאַנטיזם, און אַ פריידענ־קענדע, וואָס האָט געגלויבט אינ'ם פּראָגרעס פון דער ריכטונג, וואָס איז צולעצט פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין ליבעראַליזם. ווען עס האָט איינגעטראָטען די רעאַקציע, האָט זי זיך אָנגעהויבען שטיצען אויף פילע פּרינציפּען פונ'ם ראָמאַנטיזם, און אין גיכען האָט זי איהם איינגאַנצען פאַר זיך באַהערשט. אַזעלכע טהוער ווי גֶעררעס, ווי פרידליך שלעגעל און אַנדערע, זיינען איבערגעגאַנגען פונ'ם ראָמאַנטישען לאַגער אין דעם רעאַקציאָנערען.

די פרייהייטס־ליבענדע גרופּע האָט אין דער צייט פון דער מלחמה מיט נאַפּאָלעאָנ'ען, זעלבסט־פאַרשטענדליך, געטיילט די שנאה פון די ראָמאַנטיקער צו פראַנקרייך. נאָר ווען איהרע סימ־פּאַטיען זיינען פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין פאַרלאַנגען און פאָדע־רונגען (פּרעסע־פרייהייט, אַ קאָנסטיטוציאָנעלע רעגירונג, אַ וואַה־לען־געזעץ און אַז. וו.) איז צוביסלאַך ביי איהר אָפּגעשוואַכט גע־וואָרען איהר פיינדשאַפט צו פראַנקרייך. וואָס שטאַרקער די רע־

1) האַים: „העגעל און זיין צייט", ז. 365. „פאָרלעזונגען איי־בער דער דייטשער ליטעראַטור פון דער געגענוואַרט", ז. 259. טריעט־שקע: „דייטשע געשיכטע", באַנד 3, 686.

אקציע איז געוואָרען, אַלץ אַפּטער זיינען די בליקען געוואָרען גע־
ווענדעט צום שכנ׳ישען לאַנד, וואָס האָט פאַרמאָגט אַ פּאַרלאַ־
מענטאַרישע רעגירונג. און אין גיכען האָבען די העלדען פונ׳ם
פראַנצויזישען ליבעראַליזם באַקומען אַ גרויסען ווערט ביי די
דייטשע ליבעראַלען; זיי האָבען פון וויטען אויסגעזעהן פיעל
גרעסער, ווי מען האָט אויף זיי געקוקט ביי זיך אין לאַנד. אין
דייטשלאַנד איז, ווי נאָכ׳ן זיעג איבער נאַפּאָלעאָנ׳ען, אַזוי אויך
נאָך זייער נידערלאַגע, די רוהיגקייט געווען די ערשטע פליכט פונ׳ם
בירגער. אין אַט דעם לאַנד האָט אומעטום געהערשט אַ שטילקייט
און אַן אונטערטעניגקייט. אַזוי איז שטענדיג, ווען אַ הויך־באַגאַבט
נאַר ניט־ענערגיש פאָלק קען בשום אופן ניט אַראָפּוואַרפען פון זיך
דעם איהר שטיקענדען יאָך. די אונטערדריקונג האָט באַשאַפען
אַ האַס צו זיך אַליין. דער האַס צו זיך האָט ענטוויקעלט עפּעס אַ
שאַרפזיניגע פאַרצווייפלונג, ווי דער הומאָר פון אַ פאַראורטיילטען
צו דער תליה פאַר דער הינריכטונג. און ביי די בעסערע מענשען
איז צו ביסלאַך אַנטוויקעלט געוואָרען אַ ליידענשאַפט, צו זוכען
אַן ערלייכטערונג צו די ליידען, אין אויסלאַכען זיך פון דער אייגע־
נער נישטיגקייט. די געשפּרעכען וועגען דער אינערליכער לאַגע
פונ׳ם לאַנד האָבען גענעבען אַן אורזאַכע צו איראָניזירען איבער
זיך זעלבסט. מען פלעגט אַפּלאַכען פון די ראָמאַנטישע טרוימען,
דעם געדולד־גייסט און אונטערטעניגקייט אין פּאָליטישען געביט,
אָרטאָדאָקסיזם און פּעסימיזם אויפ׳ן רעליגיעזען געביט. די קאַריי־
קאַטור־פאָרמען פון דעם מלוכה־לעבען, פון דער רעליגיע און פּאָעזיע
האָבען געצייצט צום אויסלאַכען, וואָס האָט: אַט שטאַרק אַנגע־
ריהרט די פּאַטריאָטישע געפיהלען, אַט אַנגענומען אַ לייכטזיניגען
טאָן, וואָס צוליעב דעם, וואָס דער ליבעראַליזם האָט שטענדיג געצווי־
גען צו פראַנקרייך, איז ער געווען, אַדער האָט געדאַרפט גיכער זיין,
אַ פראַנצויזישער, אײדער אַ דייטשער.

3.

# דער גייסט פון דער אָפּאָזיציע.

די פאַרשידענע שאַטירונגען פון די מיינונגען, וואָס מיר האָבען אויסגערעכענט, זיינען פאַרקערפּערט געוואָרען אין די מעהר אויס־געצייכענטע דיכטער און שריפטשטעלער אין יענער צייט־פּעריאָדע. אַראַלבערט פאָן שאַמיסאָ, וואָס געהערט אַ דאַנק זיין בארימטע פּראָזאַאישע ערצעהלונג „פּעטער שלעמיעל“ און איינינגע שטריכען פון זיין כאַראַקטער, צו דער דייטש־ראָמאַנטישער ריכטונג ביי אַנ־דערע באַציהונגען, געפינט זיך אין אַן ענגער פאַרבינדונג מיט דעם פראַנצויזישען גייסט און פראַנצויזישער דיכטונג: אין פילע פון זיינע אָריגינאַלסטע געדיכטען און אין זיינע ליעדער־עפּיגראַ־מען איז ער דער אויסדרוק פון דער אומעטיגער שטימונג, וואָס האָט באַהערשט די בעסטע מענשען פון יענער צייט אין דער פאָרם פון דער אַלץ־וואַקסענדער פּאָליטישער און סאָציאַלער רעַ־אַקציע. שוין אין זיין ליעד „די גאָלדענע צייט“ פון 1882, לאַכט ער אויס די עפּאָכע אין וועלכער מען האָט זיך גערעכענט פאַר אַ יאַקאָבינער, ווען מען האָט געקענט עפענטליך ערקלערען, אַז צוויי און צוויי איז פיער; אין „נאַכט־וואַכטער־ליעד“ לאַכט ער אויס די יעזואיטישע הערשאַפט. אין „יאַסוא“ און „דאַמפּפּראָס“ שפּעט ער אָפּ פון די, וועלכע האָבען צוגע'גנב'עט דער צייט'ס געהיימנים, זי פאַרקלענערט און איינגעשפּאַרט אין ענגע ראַמען. אין „דאָס געבעט דער וויטווע“ מאָהלט ער מיט טיעפען פּעסימיזם אַ בילד פון דעם האַרט־הערציגען רעגירען פון די הערשענדע קלאַסען, וואָס זיינען אין גאַנצען גלייכגילטיג צום דעם שיקזאַל פון דעם פּשוט'ן המון; צולעצט זאָגט ער אַרויס זיין גרינדליכע מיינונג אויף זיין

צייט אין פאָלגענדען הומאָריסטישען פיער־שורה'דיגען ליעד, וואָס דערמאָנט אָן אַ פיעל־שטימיגען כאָר־ליעד, פול מיט אומעט:

**קאַנאָן**

דאָס איז דאָס אומגליק פון דער שווערער צייט,
דאָס איז פון דער שווערער צייט דאָס אומגליק,
דאָס איז דאָס שווערע אומגליק פון דער צייט,
דאָס איז, אָ, שווער אומגליק! דיין צייט.

נאָך די יונגע שטרעבונגען, וואָס האָבען זיך אויסגעצייכענט מיט'ן ראָמאַנטישען כאַראַקטער אין דער אויסוואהל פון זייער מאַטעריאַל, ווי אויך מיט'ן נאָכמאַכען די פאָרם פון דער שפּאַנישער דראַמאַ, איז אין פּרינציפּיעלען קאַמף מיט'ן ראָמאַנטיזם אַריינגעטראָטען דער גראַף אויגוסט פאָן פּלאַטען האַלערמונדע. ער לאַכט אויס די לעצטע ערשיינונגען פון ראָמאַנטיזם אין דייטשלאַנד, הויפּטזעכליך דאָס פעהלען פון טאַקט און אַ קריטישען חוש און דאָס ניט קענען אונטערשיידען צווישען דעם מענשען, וואָס געהערט צו איהר גרופּע און דעם מענשען, וואָס געהערט ניט צו איהר. דערנאָך געהט ער איבער פון דער ליטעראַרישער דראַמאַ צו דער פּאָליטישער ליריק, ווערענד אין איהם ווערט וואָס אַמאָל שטאַרקער די איבערצייגונג, אַז די הויפּט־אורזאַכע פון דער טרויעריגער לאַגע פונ'ם געזעלשאַפטליכען לעבען איז דאָס, וואָס דאָס דייטשע פאָלק פאַרשטעהט ניט די קראַפט, דעם סטיל און די פאָרם פון פּאָעזיע. ער פאַרטראָגט ניט דאָס לעבען אין דייטשלאַנד,ער אַנטלויפט פון דער אַנגענעליהמער מיט היץ לופט אין סעציליע, צו די דענקמאָלען פון דער אַלטער וועלט, אום צו פאַרגעסען די שווערע, שטיקענדע צפון־אַטמאָספערע און דעם יאָך פון דער דייטשער רעגירונגס־פאַרמען. נאָר ער קען פאַר קיין פּאָר ניט זיך אָפּווענדען פון דער דערנידערונג, אין וועלכער עס געפינט זיך זיין לאַנד. ער שרייבט זיין „בערלינער נאַציאָנאַל־ליעד", וואָס איז פול מיט איראָניע אויף דער אונטערטיניגקייט צו אויסלענדער און דער מילדקייט צו די יעזואיטען. מיר געפינען ביי איהם אַן אויסגוס פון נאַציאָנאַלען זעלבסטהאַס, וואָס האָט זיך ביי איהם דערוועקט צוליעב דעם, וואָס דער צענזאָר האָט געשטודירט זיינע ליעדער:

„נאָר באַרוהיג דיך, דער שאָדען איז ניט אַזוי גרויס, כאָטש דיין דיכטערשע עהרע האָט געליטען. דו ווייסט שוין פון לאַנג, אַז ס'איז נישטאָ קיין ערגערס אויף דער וועלט, ווי צו זיין אַ דייטש."

ווי דורכגעדרונגען היינריך היינע, פּלאַטאַנ'ס געגנער, איז ניט געוועזען מיט'ן ראָמאַנטיזם און אַנהויב פון זיין טעטיגקייט, איז דאָך זיין פּראָזאַ דורכגעדרונגען מיט דעם מאָדערנעם גייסט. איי־דער ער האָט, אייגענטליך, אַנגעריהרט די פּאָליטישע סטרונע, מאַכט ער זיך לוסטיג אין זיינע „רייזעבילדער" מיט בייסענדע אַנפאַלען און אַפּלאַכענישען איבער דער לאַגע אין דייטשלאַנד און איבער דער דייטשער אָפּגעלאָזטקייט. לודוויג בערנע, פּארקערט, כאָטש ער האָט זיך געצייגט אַלס אַ שטאַרקער עסטעט אין פאַרלויף פון צעהן יאָהר צייט, ווען ער איז ארויסגעטראָטען אַלס אַ טעאַטער קריטיקער און אַלס מחבר פון קליינע נאָוועלען, איז דאָך זיין איינ־ציגע ליידענשאַפט אין דער ווירקליכקייט געוועזען פון אַנהויב אָן די ליעבע צו דער אַלגעמיינער פּאָליטישער פרייהייט.

דאָס וואָס אָט די שריפטשטעלער האָבען געהאַט לעזער און פאַרעהרער, איז דער בעסטער באַווייז, אַז דער דענקענדער טייל פון'ם דייטשען פאָלק צו ענדע פון די צוואַנציגער יאָהרען, האָט זיך אָפּגעזאָגט פון גלויבען אין אויטאָריטעט ווי אויף דעם פּאָליטישען אַזוי אויך אויף דעם אַלגעמיין גייסטיגען געביט. אין דער צייט, נעמליך, איז די פאַרפאָלגונג אויף די בורשאַפטען אַנ־געגאַנגען מיט דער גרעסטער היץ; אַלע סטודענטישע אָרגאַני־זאַציעס זיינען צובראָכען געוואָרען, אָבער זיי זיינען אַלע מאָל אויף ס'ניי אָרגאַניזירט געוואָרען, און אין איין דייטשער מלוכה, אין באַיערען, זיינען זיי, נאָכדעם ווי לודוויג האָט פאַרנומען דעם טראָהן, אפילו געדולדעט געוואָרען פון דער פּאָליציי. ווען עס האָט אויס־געבראָכען אַ קריג צווישען זיי, האָט מען זיך דעמאָלט געקענט דערוויסען פון די פאַרשיידענע שטימונגען, וואָס האָבען צו יענער צייט אָנגעפילט די מחות פון'ם פאָלק. אין ערלאַנגען זיינען אין יאָהר 1827 געגרינדעט געוואָרען דריי, איינער צום צווייטען געגנער־שע, געזעלשאַפטען: די טוטאָנישע, די אַרמינישע און די דייטשע.

די טוטאָניע, איז געוועזען דער אָרגאַן פון דער ריין ראָמאַנטישער רעליגיעזער מיסטיק און האָט ערקלערט, אַז זי וועט זיך האַלטען

ווייט פון דער פּאָליטיק. די אַרמינישע פּרינציפּען זיינען געווען: שטרענגע מאָראַליטעט און שטרעבונגען צו וויסענשאַפט; אַלס איהר צוועק האָט זי זיך געשטעלט, איבערצובויען דייטשלאַנד׳ס געזעלשאַפטליכען לעבען, פעסטשטעלענדיג אין איהר די איינינקייט און פרייהייט. די דייטשע — האָט אויסגעדריקט איהר דאַמאָלסדיגע ראַדיקאַלע ריכטונג. אָט די געזעלשאַפט האָט זיך אָפּגעזאָגט פון אַלע פאָדערונגען פון שטרענגער מאָראַליטעט, פון דעם אַלטען „טוגענד־בונד“, זיך אָפּגעקערט פון אַלע אויטאָריטעטען און אָפּגעשאַפט דעם גלויבען אין אויטאָריטעט, אפילו אין דער רעליגיעזער, האַלטענדיג זיך ביי דער מיינונג, אַז דער צוועק — וואָס איז אויך פאַר דער געזעלשאַפט געווען די פאַראייניגונג פון דייטשלאַנד מיט דער פרייהייט — קען דערגרייכט ווערען נאָר דורך אַ רעוואָלוציע. כאָטש אָט די געזעלשאַפט איז אין תוך געווען אַ ריין פּאָליטישע, וואָלט דאָך געווען אַן אומזין זי אָנצורופען אַלס אַ וויכטיגע און געפעהרליכע פאַר דער רעגירונג.

אָט די דריי הויפּט־באַוועגונגען האָבען גיך געפונען אָנהענגער אין אַלע דייטשע אוניווערזיטעטען, און עס איז גאַנץ כאַראַקטעריסטיש דער פאַקט, אַז די ריכטונג וואָס די דייטשע האָט אָנגענומען, האָט געהאַט דעם גרעסטען ערפאָלג.

## 4.

# דער אײנפלוס פון דער יולי־רעוואָלוציע.

אין מיטען פון אָט דער אָפּגעשטאַנענקייט, אָט דעם יאָך, פאַר־צווייפלונג, האָפנונג, זיך־זעלבסט אויסלאַכען און שטרעבען צו פרייהייט, האָט די נייעס פון דער יולי־רעוואָלוציע אין פּאַריז גע־ווירקט אויף דער געזעלשאַפטליכער מיינונג אין דייטשלאַנד ווי אַן עלעקטרישער טאַק. אַלע בליקען האָבען זיך געווענדט קיין פראַנקרייך און דייטשלאַנד'ס גייסטיגע קרייזען האָט בעהערשט אַן ענטוזיאַזם, וואָס פילע האָבען געטיילט.

דעם שטאַרקסטען אײנפלוס האָט אָט דער צופאַל געהאַט אויף דער שטודירענדער יוגענד.

מיט צוויי מאָנאַטען פאַר דער רעוואָלוציע האָט קאַרל גוצקאָוו, ווי ער האָט אַליין דערצעהלט, זייענדיג נײַנצעהן יאָהר אַלט, נאָך ניט געהאַט דעם מינדעסטען באַגריף וועגען דער אייראָפּעאישער פּאָליטיק. ער האָט ניט געוואוסט, ווער אַזוינס פּאָליניאַק איז; וואָס עס מיינט פאַרשווערען די כאַרטיע (די פראַנצויזישע קאָנס־טיטוציע). ער האָט נאָר געוואוסט אײנס, אַז די דייטשע בורשאַפ־טען, ניט קוקענדיג אויף אַלע פאַרפאָלגונגען, עקזיסטירען דאָך, און אַז מען מוז זיך דערשלאָגען צו פאַראייניגונג אין דייטשלאַנד. אויב ער האָט זיך אַמאָל פאַרגעשטעלט איבערקעהרענישען, וואָס האָבען געקענט אַ שטוים טאָן פאַרווערטס דעם גאַנג פון די געשעהענישען, האָבען זיי געמוזט גיכער קומען פון ערלאַנגען אָדער פון יענאַ, ווי פון פּאַריז; אין לעצטען פאַל, האָט ער געדענקט, אַז עס איז מעג־ליך, אַז דער פּילעלינען־המון, וועלכער קעהרט זיך אום אהיים, זועט זיך אַרויסזעצען אין שטראַלזונד, און מיט געוועהר אין די הענט

וועלען זיי פאַרכאַפען די שטאַדט, וועלען רופען די פּאָמעראַנישע מיליץ (לאַנדװעהר) זיך נעהמען פאַר'ן געוועהר און דעמאָלט וועלען די פויערים, זייענדיג נעדריקט פונ'ם הונגער, מעגליך צושטעהן צום אויפשטאַנד.

צו יענער צייט, איז דער פראַנצויזישער שריפטשטעלער סען־מאַרק זשיראַרדין געקומען קיין בערלין, אום צו ערלערנען די דייטשע שפּראַך, דאָס פּרייסישע שול־סיסטעם, דעם פּיעטיזם וואָס האָט אויפגעבליהט אין האַללע און די אוניווערזיטעטישע טעאָלאָגיע, וועמעס פאַרשטעהערס זיינען געווען שלעיערמאַכער און נעאַנדער. אַלס אַ מיטאַ־ביימער פון דעם „זשורנאַל דע דעבייט” האָט ער געקראָגען דיזע צייטונג פון פּאַריז און אַלס אַ צוקינפטיגער קאַבינעט־מיטגליד, מיט גרויסען אינטערעס נאָכגעפאָלגט דעם ערפאָלג פון דער פראַנצויזישער אָפּאָזיציע. גוצקאָוו האָט יעדען טאָג איהם געגעבען אַ לעקציע אין דייטש. זיי האָבען געלייענט קאָצעבו'ס קאָמעדיע, וואָס דעם פראַנצויז איז זי מעהר געפעלען געווען פאַר איבונגען, ווי די שריפטען פון שילער און געטע. צו דערזעלבער צייט האָבען זיי געפיהרט הייסע געשפּרעכען וועגען פּאָליטיק. גוצקאָוו האָט נים געלייקענט פון סען־מאַרק־זשיראַרדין וואָס פאַר אַ קליינע אַהנונג ער האָט וועגען דער אַלגעמיינער פּאָליטישער באַדייטונג פון דער פראַנצויזישער קאָנסטיטוציע, און האָט אָפען באַשטעטיגט, אַז די יענישע בורשענשאַפט האָט אַ גרעסערע ווירקונג אויף דעם גאַנג פון דער געשיכטע, ווי די פּאַריזער דעפּוטאַטען־פּאַלאַטע. זשיראַרדין, צושמייכלענדיג ביי דיזע אַרגומענטען, האָט העפליך געענטפערט. אָפטמאָל זיינען אָט די געשפּרעכען איבערגעריסען געוואָרען מיט'ן אָנקומען פון עדואַרד האַנסען, אַ באַרימטער דייטשער פּראָפעסאָר, דער באַרימטסטער פון אַלע העגעל'ס תלמידים אויפ'ן יורידישען פאַקולטעט, וואַרענהאַגען'ס און היינע'ס פריינד. קענענדיג גוט די פראַנצויזישע שפּראַך, פלעגט ער נעמען אַן אַנטייל אין דער פּאָליטישער דעבאַטע און מיט זיינע שוואַרצע, געגרייזעלטע האָר און מיט זיינע באַקען־באַרדען האָט ער געמאַכט אַן אָריגינעלען איינדרוק אויף זשיראַרדין. ווען גוצקאָוו האָט געהערט, ווי דער שעהן־געקליידעטער, דער שמייכלענדיגער און שאַרפזיניגער קאַטעדער־פּראָפעסאָר לאַכט אויס די בורשענשאַפטען און דערצעהלט אין

שפּאַס, אַז ער האָט אַליין אַמאָל אויף די ברעגען פון זאַאַל געטראַכט וואָס פאַר אַ מיטעל איז דער בעסטער, צו העלפען דייטשלאַנד קריי־גען אַן אימפּעראַטאָרישע קרוין, האָט ער, גוצקאָוו, געבעטען דעם פראַנצויזישען פּאָליטיקער ניט צו גלויבען, אַז די גאַנצע דייטשע יוגענד טראָגט זיך כלומר'שט אַרום מיט דיעזע, האַנהאַנ'ס, געדאַנ־קען. „איך וויים עס,“ האָט סען־מאַרק־זשיראַרדין געענטפערט. „איהר ווילט באַפרייען די וועלט מיט דער הילף פון דער סאַנסקרי־טישער שפּראַך!“

דעם 3טען אויגוסט, 1830, איז אין זאַל פון דער בערלינער או־ניווערזיטעט געפייערט געוואָרען דעם קייזער'ס געבורטסטאַג מיט געזאַנג און רעדעס. די סטודענטען זיינען געשטאַנען אין אַן ענגער מאַסע פאַר דער אַפּגעצוימטער ביהנע, וואו עס זיינען געזעסען די פּראָפעסאָרען, די רעגירונגס־באַאַמטע און דער גענעראַל־שטאַב. דער אָראַטאָר איז געווען דער באַרימטער פילאָלאָג באָק, און איבער זיין קאָפּ האָט געזונגען דער סטודענטען־כאָר, אונטער דער לייטונג פון'ם מוזיק־דיריגענט צעלטער, געטע'ס קאָרעספּאָנדענט. דער רעקטאָר פון דער אוניווערזיטעט, אַ יוריסט, פּראָפעסאָר שמאַלץ, איז אַרומגעגאַנגען צווישען די בענק אין אַ פּאַריק און שווערד און זיך דורכגעוואָרפען מיט פריינדליכע ווערטער מיט די גע־עהרטע געסט. האַנס, פּאַרקערט, איז געווען שטאַרק אויפגערעגט און אונגעדולדיג. ער האָט צוטיילט עטליכע בריעף פון פרידריך פ. ראַומערען, וועלכער האָט זיך נאָר וואָס צוריקגעקעהרט פון פּאַריז. דער קרוינפּרינץ, דער שפּעטערדיגער פרידריך ווילהעלם דער פער־טער, איז געזעסען און געשמייכעלט, נאָר אַלע האָבען געוואוסט, אַז מיט עטליכע טעג צוריק האָט מען אין פראַנקרייך אַראָפּגעזעצט דעם קעניג פון'ם טראָהן. עס האָט זיך געדאַכט, גלייך ווי אַ הילך פון האַרמאַטען וואָלט זיך צוטראָגען איבער'ן זאַאַל. באָק'ס רעדע וועגען די שעהנע קונסטען, האָט ניט געצויגען קיינעמ'ס אויפמערק־זאַמקייט, און ווען העגעל האָט פון דער קאַטעדרע אויסגערופען די נעמען פון די, וועלכע האָבען ערפאָלגרייך דורכגעמאַכט די אַקאַדע־מישע לעהרע, האָט קיינער ניט געהערט די נעמען וואָס ער האָט גערופען, אויסער, פערשטעהט זיך, די וואָס האָבען געקראָגען די מעדאַלען. גוצקאָוו אַליין האָט נאָר מיט איין אויער געהערט, אַז

ער האָט געקראַגען אַ מעדאַל פאַר זיינע ערפאָלגען אין פילאָסאָפיע; מיט'ן צווייטען אויער האָט ער זיך צוגעהערט צו דעם, וואָס מען האָט דערצעהלט וועגען דעם פאָלק, וואָס האָט האָט אָראָפּגעזעצט זייער קעניג פון טראָהן, וועגען דעם האַרמאָטען־הילך, וועגען די טויזענדער וואָס זיינען געפאַלען אין קאַמפף. ער האָט אפילו ניט צוגעהערט זיך צו די באַגריסונגען וואָס ער האָט געקראַגען; ער האָט אפילו ניט געעפענט דעם פוטלאַר, אין וועלכען עס איז געלעגען דער גאָלדענער מעדאַל; ער האָט פאַרגעסען זיין האָפנונג צו ווע־רען פּראָפעסאָר, צוליעב וואָס ער האָט אַזוי געוואָלט קריגען דעם מעדאַל. ער איז געשטאַנען אַ באַרוישטער און געטראַכט וועגען סען־מאַרק־זשעראַרדין, וועגען זיין פּראָפעצייהונג און וועגען זיינע איי־גענע טרוימען, וועגען די דייטשע בורשענשאַפטען. באַלד נאָך דער צערעמאָניע איז ער אוועק אין אַ קאָנדיטעריי און צום ערשטען מאָל אויף זיין לעבען האָט ער געכאַפּט לייענען אַ צייטונג. ער האָט אומגעדולדיג ערוואַרטעט דאָס ערשיינען פון דער אָפיציעלער אָבענד־צייטונג, ניט צוליעב דעם וואָס ער האָט ערוואַרטעט צו געפינען דאָרטען זיין נאָמען צווישען די מעדאַליסטען. ניין, ער האָט פּשוט געגאַרט זיך צו דערוויסען, ווי אַזוי פאַריז האָט אויסגעקוקט, צי זיינען דאָרטען נאָך פאַרבליבען די באַריקאַדען; ווי אַזוי פראַנק־רייך וועט אַרויס פון לאַפאַיעט'ס הענט: אַלס רעפּובליק אָדער אַלס קעניגרייך. „די וויסענשאַפט האָב איך איבערגעלאָזט הינטער זיך, — די געשיכטע האָט מיך גערופען פאַרטווערטס", האָט ער געשריבען 1).

זיין געשטאַלט איז טיפּיש; ווי אַ מוסטער פון דער שטימונג פון דעם יונגען דור אין יענער צייט אין דייטשלאַנד, — דער דור פון די דאַמאָלסדיגע צוואַנציג־יעהריגע בחורים.

כמעט איינצייטיג מיט קאַרל גוצקאָוו'ס פּאָליטישער אויפוואַ־כונג, איז אין געטע'ס קאַבינעט פאַרגעקומען די באַקאַנטע מיספאַר־שטענדניש: איינער פון דעם באַרימטען דיכטער'ס באַזוכער, וועמען דער אַלטער דיכטער האָט זעהר פרעהליך עמפאַנגען צוליב די

1) קאַרל גוצקאָוו, „דאָס קאַשטאַניען וואַלדכען אין בערלין"; „ריקבליקע אויף מיין לעבען", ז. 7).

לעצטע געשעהענישען אין פּאַריז, האָט אין אָנהויב פון'ם געשפּרעך געדענקט, אַז געמע רעדט דאָ וועגען די יולי־טעג, און ערשט פּיעל שפּעטער האָט ער זיך דערוואוסט, אַז ער רעדט גאָר וועגען דעם, אַז דער נאַטור־וויסענשאַפטליכער קריג, וואָס איז פאָרגעקומען צווישען קיוואווען און סענט־איילער'ן, איז געוואונען געוואָרען דורכ'ן לעצ־טען. א לאַנגע צייט האָט דיזע מיספאַרשטענדניש גערינט אַלס באַ־וויז פון געטע'ס באַגרעניצקייט אין פּאָליטיק. נאָר די גערעכטיג־קייט פאָדערט אַנצודייטען אויך אויף דער צווייטער זייט פון'ם באַלערענדען אַנעקדאָט: אויף דעם פּיעל־באַגרינדעטען געפיהל פון דעם אַלטען'ס ניט־גלויביגער באַציהונג צו פּאָליטישע געשעהע־נישען, וועלכער מען האָט אין יענער צייט צוגעגעבען א גרויסע באַ־דייטונג. אין דער ווירקליכקייט איז דער אויבען־דערמאָנטער ווי־סענשאַפטליכער קריג געוועזען פּיעל וויכטיגער, ווי די פראַנצויזישע רעוואָלוציע פון 1830, נאָך זיין אידעען־אינהאַלט און נאָך דער איבערקעהרעניש, וואָס דאָס האָט געמאַכט אין דער גייסטיגער וועלט. סענט־אילער'ס לעהרע וועגען דער „איינינקייט פון'ם טיפּ", האָט געדיענט אַלס פאָראויסזאָגער פון דאַרווינ'ס בוך „די ענט־שטעהונג פון די מינים". נאָר דאָס בילד פון דער יונגענד'ס באַגייס־טערונג פאַר דער פראַנצויזישער פּאָליטישער איבערקעהרעניש טרעט נאָך העלער אַרויס אויפ'ן הינטערגרונד פון געטע'ס אינדיפערענ־טיזם. (עמיל קוה: „ביאָגראַפיע פר. העבעל'ס", 1, 432.)

גרויס איז אויך געוועזען דער איינדרוק וואָס אָט די געשעהעניש האָט געמאַכט אויף די באַרימטע פּערזאָנען, וואָס האָבען ניט גע־הערט ניט צום יונגען און ניט צום אַלטען דור.

די ענטוויקעלטסטע און די סאַמע־דענקענדע פרוי פון יענער צייט, ראַכעל, געטע'ס א ליידענשאַפטליכע פאַרעהרערין, וועלכע איז שוין דעמאָלט אַלט געוועזען 60 יאָהר, האָט א דאַנק איהר עמפּינדליכ־קייט, זיך באַצויגען מיט דער גרעסטער סימפּאַטיע צו דער רעוואָ־לוציע. אַלס פרוי האָט זי מעהר אינטערעסירט די סאָציאַלע זייט פון די געשעהענישען, ווי די פּאָליטישע. זי איז שטאַרק באַ־גייסטערט געוואָרען פון'ם סען־סימאָניזם; זי האָט פאַרשטאַנען מיט א ריין־יוגענדליכער וואַכזאַמקייט, וואָסערע קערנער עס באַהאַלטען

זיך אין איהם, און האָט אין דער יולי־באַוועגונג געזעהן דעם ער־שטען שטוים צו דער פאַרווירקליכונג פון זיינע סאָציאַלע אידעען.

צו דעם לעבהאַפטען און באַגייסטערטען איינדרוק פון דער יולי־רעוואָלוציע איז צוגעקומען אַן אַנדער איינדרוק, וואָס האָט פאַר־שאַרפט די פּאָליטישע ליידענשאַפטען ביי דעם יונגען דור, — דער איינדרוק, וואָס דער פּוילישער אויפשטאַנד האָט אויף זיי גע־מאַכט. דאָס האָט מען געקענט קלאָר זעהן אין דעם פאַל מיט פּלאַטענען, וואָס האָט זיך געווענדעט אין אַ שטאַרקער אויפרעגונג צום פּרייסישען קרוין־פּרינץ אין אַ פּאָעטישען אויפרוף, אַז ער זאָל אויף זיך נעהמען די פאַרטיידיגונג פון די פּוילישע ענינים. (עס איז אַ סברא, אַז דער קרוין־פּרינץ האָט איהם מיטגעפּיהלט). און דער־נאָך האָט ער זיך גענומען פאַרפאַסען זיינע „פּוילען־לידער", די איינ־ציגע לידער זיינע, אין וועלכע ער דערהויבט זיך ביז ליידענשאַפט; די שטאָלצע פרייהייטס לידער, וואָס זיינען פול מיט די שאַרפסטע סאַרקאַסטישע אַנפאַלען אויף'ן זעלבסט־הערשער, פאַר וועמען עס האָבען זיך געבויגען די דייטשע הויפען, ווי פאַר אַן אַלמעכ־טיגסטען הערשער, און אויף די, וואָס האָבען זיך ערלויבט אונטער־געקויפט צו ווערען דורך געלד.

בערנע'ן האָט די נייעס וועגען דער יולי־רעוואָלוציע געטראָפען ווי אַ פּלוצליכער דונער.

אין זומער פון דעם יאָהר 1830 האָט ער געוואוינט אין דעם באָדע־פּלאַץ אין סאָדען, ניט ווייט פון פראַנקפורט, אום זיך צו ערהאָלען נאָך דער לאַנג־דויערענדער מאַלאַריע און די אָפטע אַנ־פאַלען פון בלוט־שפּייען. זיין טאָגע־בוך ווייזט, אַז זיינע פּאָליטישע האָפנונגען זיינען כמעט שוין אויסגעלאָשען געוואָרען, ווי עס זיינען פאַרשטומט געוואָרען זיינע אַלע פאַרלאַנגען. אַזאַ נשמה, ווי זיינע, וואָס האָט ליידענשאַפטליך געשטרעבט צו פרייהייט, גע־דאָרשט נאָך גערעכטיגקייט, האָט אויסגעזויגען זיינע לעבענס־קראַפטען און ענדליך ניט געקענט אַריבערטראָגען דעם יאָך פון דער פּאָליטישער רעאַקציע.

ער איז אַלט געווען 44 יאָהר, און פון דער צייט פון דער באַ־פרייאונג־מלחמה, ד. ה., אין דער יוגענד און אין זיין רייפען אַלטער, האָט ער נאָר געזעהן דעם זיעג פון נידערטרעכטיגקייט, ווי זי פאַר־

פּאַלגט אַלץ וואָס איז אמת און פריידענקענד. ער האָט ניט געקענט אויפהויבען די אויגען פון דעם פּאַפּיר אויף וואָס ער האָט געשריבען אום צו זעהן, ווי דער בלאַסער שרעק פאַר יעדער שטאַרקער ליידענשאַפט, פאַר אידעאַלען, אפילו פאַר דער יוגענדליכקייטט געהט האַנט אין האַנט מיט'ן חיה'שען אינסטינקט פון זעלבסט־דערהאַלטונג און מיט דער טירישער באַגייסטערונג פאַר די גענוסען — מעטערניכ'ס און גענצעס פּרינציפּען. ער האָט זיך ניט אָפּגעזאָגט אפילו פון איינער פון זיינע יוגענד־איבערצייגונגען. נאָר איבער זיין סביבה איז געהאַנגען אַ טרויער־דעק. איהם האָט זיך געדוכט, אַז ער זיצט אין דייטשלאַנד אויף'ן גרונד פון ים, וואוהין דער ים־גלאָק ברעננט נאָר גענוג לופט, אום ניט דערשטיקט צו ווערען. אין פּאַריז האָט ער געאָטעמט מיט פרישער לופט, דאָרט האָבען די ליכט פון דער זון, די קולות פון מענשען, דער רעש פונ'ם לעבען, איהם אריינגעבראַכט אין באַגייסטערונג. איצט האָט ער געציטערט פון קעלט צווישען די פיש. ער האָט זיך געקוועלט מיט דער שרעקליכסטער בענקשאַפט. די שטילקייט האָט איהם קראַנק געמאַכט; די איינגשאַפט, אין אַלע הינזיכטען, האָט איהם געפּרעסט ביז'ן בלוט.

ער איז געווען איינער פון יענע נאַטורען, וואָס קענען ניט אַ לאַנגע צייט פאַרטראַגען קיין איינזאַמקייט. ער האָט זיך גענויטיגט אין בעטהאָווענשע סימפּאַניעס, אָדער אין טרוימען. ער איז געווען פון יענע מענשען, וואָס פיהלען זיך אומאַנגענעם אין אַ טעאַטער־לאַזשע. ער האָט געוואָלט זיצען אין פּאַרטער, ארום־גערינגעלט פון פיעל מענשען.

איהם האָט זיך געדאַכט, אַז אַלע לעבענס־ווערטען ווערען פּאַב־ריצירט אין דייטשלאַנד אונטער דער ערד, אין דער מיט־נאַכטיגער שטילקייט, אַזוי ווי העגדלער פון פאַלש געלט שטעכען זייערע מטבעות. די וואָס האָבען געאַרבייט אין דייטשלאַנד, האָבען ניט גענאָסען די פרוכט פון זייער אַרבייט; און די וואָס האָבען יאָ גענאָסען, די וואָס האָבען אין מיטען העל־שיינענדען טאָג געהאַנדעלט מיט די לעבענס־ווערטהען, וואָס זיינען באַשאַפען געוואָרען אונטען, אין דער פינסטערניש, דורך שרעק און ציטערניש, אָט די האָבען ניט געאַרבייט. אין פראַנקרייך האָט דער לעבענס־לוסטיגער

מענש געלעבט אַ קוריער־לעבען, וועלכען מען שיקט מיט רעגירונגס־דעפּעשען אין פרעמדע שטעדט, אַלע מאָל אין אַ נייער, און וועל־כער זעהט אין דער צייט פון זיינע וואַנדערונגען זעהר פיעל און האָט הנאה פון די פאַרשיידענאַרטיגע איינדרוקען; אין דייטשלאַנד האָט ער געלעבט ווי אַ בריף־טרעגער, וואָס מאַכט שטענדיג נאָר די קורצע רייזע צווישען צוויי סטאַנציעס און קריגט דערפאַר פונ'ם גליק אַ קלעגליכען טרונק־געלט. פאַרשטעהט זיך, אַז דער בריף־טרעגער קען מאַכען אַזעלכע רייזעס אפילו אין שלאָף. איהם איז באַקאַנט יעדער שטיין אויף אַ מרחק פון צוויי מייל, און דאָס האָט שוין אין דייטשלאַנד געהייסען פאָלקאָמענהייט. נאָר בערנע, וואָס האָט געוואוינט אין סאָדען, אין אַ קליינעם האָטעל, און האָט צוגעקוקט די שלאַכט פון די הינער אין הויף, די אייפערזיכטיגקייט פון די אינדיקעס און די קאָקעטסווע פון די אינדיטשקעס, האָט זיך ניט געפרעהט מיט דער מעגליכקייט אויסצואַרבייטען אין זיך אַ זעלטענע פאָלקאָמענהייט („אוים מיינעם טאָגעבוך", סאָדען, 22־סטער מאַי, 1830).

פלוצלונג באַקומט ער אַ ידיעה, אַז פּאָלינאַק'ס מיניסטעריום האָט פאַרעפענטליכט די באַוואוסטע אָרדינאַנצען, האָט פאַרשוועכט די קאָנסטיטוציע. פאַראויסזעהענדיג אַלע רעזולטאַטען פון דיי־זער נעשעהעניש, שרייט ער אוים: „און גאָט זאָגט: זאָל ווערען ליכטיג!"

און באַלד נאָכדעם זיינען אָנגעקומען די נייעסען וועגען דער יולי־רעוואָלוציע. אומגעדולדיג האָט ער יעדען טאָג ערוואַרט די שטונדע, ווען די צייטונגען קומען אָן. ער איז יעדען טאָג געגאַנ־גען איבער'ן גרויסען וועג, אויסקוקענדיג דעם בריף־טרעגער. ווען דער לעצטער איז אַזוי גיך ניט געקומען, פלעגט בערנע צוגעהן ביז העכסט, וואו עס פלעגט אָנקומען די קאָרעספּאָנדענץ. באַלד האָט ער שוין מעהר ניט געהאַט קיין כחות אויסצוהאַלטען אין סאָדען. ער האָט זיך אומגעקעהרט קיין פראַנקפורט, וואו ער האָט די אַרו־מיגע ערשטוינט און עלעקטריזירט מיט זיין הייסער באַגייסטערונג. דעם שווייגענדיגען, מיט'ן מאַרטירער געזיכט, דעם פריהערדיגען בערנע'ן, איז גאָרניט געווען צו דערקענען. עס האָט זיך געדאַכט, אַז עפּעס אַ וואונדער האָט מיט איהם פּאַסירט: ער איז יונג גע־

וואָרען און איז נאָך אַמאָל געזונד געוואָרען. עס האָט זיך אויס־געדוכט, אַז זיינע אַלע אַלטע טרוימען זיינען שוין פאַרווירקליכט געוואָרען און איצט איז אַלץ, וואָס ער האָט אַזאַ לאַנגע צייט גע־דאַרפט האַלטען אין דער טיפעניש פון זיין נשמה, אַרויסגעשוואָר־מען אויף דער אויבערפלאַך, ווי עס שפּרינגט אַרויס אַן עלאַסטישע פּרוזשינע ווען מען נעהמט אַוועק דעם דרוק וואָס פּרעסט זי.

פראַנקפורט האָט איהם אויך ניט לאַנג צופרידענגעשטעלט, און אין אַ שטיקעל צייט אַרום איז ער אַוועקגעפאָהרען קיין פּאַריז.

דעם 7טען סעפּטעמבער שרייבט ער פון שטראַסבורג:

„די ערשטע פראַנצויזישע קאָקאַרדע האָב איך דערזעהן אויף אַ פּויער׳ס הוט, וועלכער איז געפאָהרען פון שטראַסבורג און איז פאַרביי מיר דורכגעפאָהרען קיין קעלע. אָט די קאָקאַרדע האָט זיך מיר אויסגעוויזען, ווי אַ קליינער רעגענבויגען נאָך אַן אַלוועלטלי־כער פאַרפלייצונג אין אונזערע טעג; אַלס אַ סימבאָל פון שלום, וואָס דער גאָט פון שלום האָט אַראָפּגעשיקט. אָבער ווען די דריי־קאָלירענדיגע פאָהן האָט אַ בלאַסק געטאָן פאַר מיינע אויגען, דער־מאָנט, אַך! איך בין מאַכטלאָז צו באַשרייבען די אויפרעגונג, וועלכע האָט מיך באַהערשט... די פאָהן איז נעשטאַנען אין מיטען פון אַ בריק, איהר שטעקען האָט געשטעקט אין פראַנצויזישער ערד, נאָר אַ טייל פון דער פאָהן האָט געפלאַטערט אויך אין דער דייטשער לופט. פרעג דעם ערשטען סעקרעטער פון דער געזאַנד־שאַפט וואָס דו באַגעגענטסט, צי אין דעם איז ניט פאַראַן אַ פאַר־שוועכונג פון דעם צווישען־פעלקער רעכט. בלויז אַ רויטער פּאַס פון דער פאָהן האָט געוועהט איבער אונזער ערד. דאָס איז די איינ־ציגע פאַרב, וואָס איז אויסגעקומען אויף אונזער חלק פון דער פראַנ־צויזישער פרייהייט — אַ רויטע: בלוט, בלוט! אַך, נאָר ניט קיין בלוט וואָס איז פאַרגאָסען געוואָרען אויף שלאַכט־פעלדער!“

בערנע האָט דאָ נאָר אויסגעדריקט די געפיהלען, וואָס האָבען אַרומגעכאַפּט אַ גרויסע צאָהל פון די מענשען, וואָס זיינען נאָך אין דייטשלאַנד געווען עמפּינדליך צו ענטוזיאַזם. אין דייטשלאַנד, גלייך ווי אין פראַנקרייך, איז מען געווען באַגייסטערט פון די פראַנ־צויזישע פּאָליטעכניקער, פון די סטודענטען און אַרבייטער פאַר זייער העלדישקייט אין דער צייט פון די דריי גרויסע טעג, —

נאָכמעהר איז מען געווען באַגייסטערט פון זייער טעטיגקייט דער־פאַר, וואָס מען האָט אין דעם געזעהן די ערוואַכונג פון ענערגיע, וואָס האָט זיך געדוכט, אַז די דייטשען האָבען שוין מעהר ניט אַזעלכעס. אומעטום האָט זיך אַרויסגעוויזען די נייגונג זיך צו באַציהען מיט אַן איבערטריבענעם סאַרקאַזם, איבער דעם, וואָס עס פעהלט זיי דער פּאָליטישער חוש, און דערפאַר וואָס זיי קענען ניט האַנדלען ענערגיש אין דעם אַנטשיידענעם מאָמענט.

אויב אָט די געשעהענישען האָבען נעקענט האָבען אַזאַ גרויסע ווירקונג אויף אַזעלכע פּערזאָנען ווי בערנע, און אויף אַזעלכע ענטוזיאַסטען, וועלכע מען האָט אַזוי אָפט באַגעגענט צווישען די פאַרשטעהער פון דער וויסענשאַפט, וועט דאָס בילד באַקומען אַ פאַרענדיגטען אויסזעהן, ווען מיר וועלען אַ קוק טאָן, וואָסער אַן איינדרוק זיי האָבען געמאַכט אויף די רעאַקציאָנערע מענשען.

גענטץ, וועלכער האָט צוערשט זיך געפרעהט איבער דער ענער־גיע פון קאַרל דעם צעהנטען, איז טרויעריג געוואָרען, ווען ער האָט נאָר דערזעהן די דערנעהנטערונג פון דער רעוואָלוציע.

„די אָרדינאַנסען געגען די צייטונגען און ביכער — האָט ער געשריבען — האַלט איך פאַר אַ מוראַ׳דיגער ריזיקע, דעם גרונד פון וועלכער איז מיר נאָך ביז איצט ניט קלאָר געוואָרען... אַזאַ געוועהר קען מען באַנוצען נאָר אין אַזאַ פאַל, אויב דו פיהלסט אַ זיכערקייט אין דיין קראַפט און אין דיינע מיטלען; אַזעלכע מענשען, ווי פּאָ־ליניאַק און פּעיראָנע וועלען אומקומען, אויב זיי וועלען וואַגען געהן אויף אָט דעם וועג.“

נאָר ווען עס איז ביי איהם אַריבער די ערשטע מוראַ, האָט ער מיט זיינע מיטהעלפער אָנגעהויבען די שטאַרקסטע און פּיעלפאַר־ביגסטע טעטיגקייט, אום אַרויסצוקריגען אַ נוץ פון יעדען טעות, וואָס די פריי־דענקענדע האָבען געמאַכט. ביי אַ קלוגער באַ־נוצונג מיט די רעזולטאַטען, וואָס די פראַנצויזישע רעוואָלוציע האָט געבראַכט, האָט מען נעקענט אין דייטשלאַנד, מיט דער הילף פון אַן אומ׳ברחמנות׳דיגע אונטערדריקונג פון אַלע באַוועגונגען, מיט דער הילף פון שווערע פאַרפאָלגונגען און צענזור, אויף לאַנג פאַר־האַלטען די אַנטוויקלונג פון דער פרייהייט, אַזוי אַז נאָך מעטער־ניכ׳ס אויסדרוק, צונעפּאַסט פאַר דער האַמבאַכער רעוואָלוציאָנע־

רער פייערונג, האָט די יולי־רעוואָלוציע גרינג געקענט פארוואנדעלט ווערען פון א פייערונג פון שלעכטע אין א יום־טוב פון גוטע, און ווירקליך, עס איז ניט אריבער קיין יאהר פון דער צייט, וואס גענץ האָט אזוי טרויעריג געקוקט אויף דער צוקונפט און ער האָט שוין געשריבען פאָלגענדעס:

„נידער מיט די טרויעריגע געדאנקען! מיר שטארבען נים. אייראפּא שטארבט נים. און דאָס וואָס מיר ליבען, שטארבט אויך נים. איך בין שטאָלץ דערמיט, וואס איך בין קיינמאָל ניט פאר־צווייפעלט.“

ווי מעטערניך האָט פארמאָגט געגוג ליטעראַרישען פארשטאַנד, אום באגייסטערט צו ווערען פאר בערנע'ן, אזוי איז אויך גענטץ געוועזען א הייסער אָנהענגער פון היינריך היינע. ביז דער יולי־רע־וואָלוציע האָט מען נאך געקענט זעהן אין היינע'ן הויפּטזעכליך דעם דיכטער פון דער אומגליקליכער ליבע און דעם פּאַעטישען הו־מאָריסט, מיט א לייכטער שאַטירונג פון אטעאיזם און לייכט־זיניגקייט.

היינריך היינע האָט זומער געלעבט אין העליגאָלאנד, טרוימענ־דיג אויפ'ן ברעג, קוקענדיג אויפ'ן ים, זיך איינהערענדיג אין דעם פּאטשען פון די כוואַליעס. ער האָט פארלאָרען אַלע האָפנונגען אויף בעסערע צייטען. ער האָט געלייענט די ווינציגע ביכער, וואָס ער האָט מיט זיך געבראכט, האָמער און די ביבעל, די געשיכטע פון די לאנגאבארדען און איינינגע אלטע ביכער וועגען מכשפות און כשוף. דער דיכטער האָט איצט מיט זיין געבראָכענעם גייסט זיך גע'חדוש'ט, ווי אזוי ער האָט ערשט מיט א שטיקעל צייט צוריק געקענט זיין דער רעדאקטאָר פון די „פּאָליטישע אננאַלען“. צוויי טעג נאך דער יולי־רעוואָלוציע, נאך איידער די נאכריכט האָט געקענט דערגעהן ביז העלגאָלאנד, שרייבט היינע אין איינעם פון זיינע בריעף וואָס ער האָט געשיקט פונ'ם אינזעל, אז ער האָט פעסט באַשלאָסען זיך אויף שטענדיג אָפּזאָגען פון פּאָליטיק און פילאָסאָפיע: די גאַנצע „מעשה“ ברענגט ניט קיין נוצען; כאָטש דער געדאנק פון דעם אַלגעמיינעם וואוילזיין וועט איהם ניט לאָזען רוהען, נאר ער ווייסט, אז עס וועט אַלץ איינס גאַרניט ארויסקומען דערפון; די וועלט איז ניט אונבאוועגליך, נאָר זי באַוועגט זיך אין

אַ פאַר׳כשוף׳טען קרייז, נים ברענגענדיג קיינע רעזולטאַטען; ווען ער איז נאָך געווען יונג און נים פּראַקטיש, האָט ער געגלויבט, אַז כאַטש איינינע מענשען קומען אפילו אום אין קאַמף פון דער מענש־הייט פאַר פרייהייט, דערפאַר אָבער פייערט צולעצט די גרויסע זאַך איהר זיעג; איצט אָבער זעהט ער ווי די מענשהייט באַוועגט זיך, גלייך ווי דער ים, נאָך די רעגעלען פון אַפּלויפען און צולויפען.

אויב אפילו די דאָזינע אויסדרוקען זיינען ערשט שפּעטער צו־געטראַכט געוואָרען, אויב אָט די בריעף זאָלען אפילו זיין נים אמת׳ע, שטעלען זיי אָבער מיט זיך פאַר שטיקלעך פון עראינערונגען, וואָס זיינען צוליב קאָנטראַסט דערנאָך צוגעשטעלט געוואָרען אַלס איבער־גאַנגס־טייל אין בוך ווענען בערנע׳ן 1), דאָך האָבען מיר אין זיי אַן אמת בילד פון היינריך היינעס גייסטיגער שטימונג אין יענע אומפּאַרגעסענע טעג.

דעם 6טען אויגוסט שרייבט ער:

„איך בין געזעסען און געלייענט פּאָול וואַרנעפרידע׳ס „די געשיכטע פון די לאַנגאָבאַרדען", ווען אַ גראָבער פּאַקעט מיט צייטונגען, מיט ליכטיגע, פלאַמענדיגע, פייערדיגע נייעסען איז מיר אָנגעקומען פון דער יבשה. דאָס זיינען געווען זונען־שטראַלען, וואָס זיינען איינגעוויקעלט געווען אין געדרוקטען פּאַפּיר און האָבען אָנגעצונדע אין מיין נשמה אַ גראַנדיעזען פייער. מיר האָט זיך גע־דוכט, אַז איך קען אָנצינדען דעם גאַנצען אָקעאַן ביז צום צפון־פּאָל מיט׳ן פלאַמענדיגען ענטוזיאַזם און שטורעמדיגער פרייד, וואָס האָט אין מיר אויפגעקאָכט."

דאָס אַלעס האָט זיך איהם אויסגעוויזען ווי אַ חלום. מעהר פון אַלעמען האָט מאָדנע געקלונגען אין זיינע אויערען לאַפאַיעט׳ס נאָמען. עס האָט זיך איהם פאַרגעשטעלט ווי עפּעס אַ לעגענדע, פון די, וואָס זיינען איהם דערצעהלט געוואָרען אין זיין קינדהייט; ער האָט קוים געקענט באַגרייפען, ווי אַזוי דער מענש, וואָס האָט באַגייסטערט די זיידעס פון דער איצטיגער צייט און האָט זיי געפיהרט אויף אַ מלחמה פאַר דער באַפרייאונג פון אַמעריקאַ, האָט זיך איצט ווידער אַרויפגעכאַפּט אויפ׳ן פערד, און שטעלט מיט זיך

1) היינע: „געזאַמעלטע ווערקע", 7, 80.

פאַר א נאַציאָנאַלען העלד. איהם האָט זיך אַליין פאַרוואַלט פאַהרען קיין פּאַריז, אום צו זעהן אַלץ אויפ'ן וואַהר מיט די אייגענע אויגען.

ער שרייבט אין אַן אויפגערעגטען פּאַטעטישען טאָן, און בלויז צייטענווייז מאַכט ער ווייכער זיין פּאַטאָס מיט דער שאַטירונג פון א גרינגער איראָניע איבער זיך אַליין:

„לאַפאַיעט, דריי־פאַרבינע פאָהן, מאַרסעליעזע... איך בין ממש פאַר'שכור'ט... געוואַגטע האָפנונגען כאַפּען מיך לײַדענשאַפטליך אַרום, הויבען מיך אין דער הויך, ווי בוימער מיט גאָלדענער פרוכט און צופלאַטערענדע צווייגען, צושפּרייטען זייערע גרינע קליידער... ביז'ן סאַמע הימעל. עס איז פאַרשוואונדען מיין פאַרלאַנג נאָך רוהיגקייט. איך ווייס ווידער וואָס איך וויל, וואָס איך דאַרף זיין, וואָס איך דאַרף טאָן... איך בין דער זוהן פון דער רעוואָלוציע און איך כאַפּ זיך ווידער פאַר מיין היילינען געוועהר, איבער וועל־כען מיין מוטער האָט געמורמעלט איהרע פאַר'כשופ'טע ווערטער... בלומען! בלומען! איך וויל באַקרוינען מיין קאָפּ פאַר א מלחמה אויף לעבען און טויט. נאָר אויך א לירע גיט מיר, אַז איך זאָל קענען אויסזינגען א שלאַכט־ליעד... ווערטער, ענליך צו בליש־טשענדע שטאַלענע פּיקעס, וואָס קענען זיך אַרויפדרעהען ביז'ן זיבעטען הימעל און דאָרט דערשרעקען די אָרימע צבוע'קעס, וואָס זיינען אַריין אין קדשי־קדשים... איך בין אינגאַנצען — פרייד און געזאַנג, אין גאַנצען — שווערד און פלאַם... און מעגליך, אַז אויך אַן אמת משוגע'נער."

ער דערצעהלט, צווישען אַנדערע זאַכען, אַז דער פישער וואָס האָט איהם אין עטליכע טעג אַרום געפיהרט צום זאַמד־ברעג, פון וועלכען ער האָט זיך געוואָרפען אין וואַסער אַריין, דערצעהלט איהם, שמייכלענדיג וועגען די נייעסען, מיט פאָלגענדע ווערטער: „דאָס אָרימע פאָלק האָט געזיעגט". און היינע איז ערשטוינט געוואָרען פון דעם ריכטיגען אינסטינקט פונ'ם פשוט'ן מענשען. אין אמת'ן אָבער איז פאַרגעקומען פאַרקערט: ניט דאָס אָרימע פאָלק, נאָר די רייכע זיינען צולעצט געבליבען די זיעגער.

נאָר דער איינער אויבענגעבראַכטער אויסדרוק איז ניט גענוג, אום צו ווייזען, ווי אַזוי די דייטשע שריפטשטעלער האָבען פאַר־שטאַנען די יולי־רעוואָלוציע. זי האָט אין זיי איינגעאָטעמט די־

זעלבינגע רעליגיעזע געפיהלען, מיט וועלכע פערציג יאָהר צוריק האָבען די פיהרענדע גייסטער אין דייטשלאַנד זיך פאַרהאַלטען צו די געשעהענישען פון דער גרויסער רעוואָלוציע. זי האָט זיך זיי פאַרגעשטעלט ניט אַלס רעזולטאַטען פון דער מאַכט פון דער ליבעראַלער בורזשואַזיע און איהר מעגליכקייט צו באַפוילען די נידעריגע קלאַסען צו אַרבייטען פאַר זיי און פאַרגיסען זייער בלוט; נאָר דאָס איז געווען דער אַלגעמיינער סיגנאַל פאַר דער פּאָליטי־שער, עקאָנאָמישער און רעליגיעזער באַפרייאונג פון דער מענש־הייט. זי האָט זיך זיי פאַרגעשטעלט אַלס יענע גרויסע געשעהעניש וואָס האָט מיט איין קלאַפּ אָראָפּגעשליידערט דעם יאָך, וואָס האָט געדריקט דאָס פאָלק און באַפרייט אַלע מחות פון׳ם דרוק.

איינער פון די מעהר־אויסגעצייכענטע צווישען די ראַדיקאַלע שריפטשטעלער פון די פערציגער יאָהרען, ראָבערט פּרוץ (וועלכער איז דעמאָלט אַלט געווען אינגאַנצען פערצעהן יאָהר) האָט אין יאָהר 1847 פּראַכטפול געשילדערט דעם איינדרוק, וואָס די יולי רע־וואָלוציע האָט געמאַכט, מיט פאָלגענדע אויסדרוקען:

„אין פאַרלויף פון פונפצעהן יאָהר האָט זיך געדאַכט, אַז די איבעריג־שאַפענדע קראַפט פון דער וועלט־געשיכטע איז פּאַראַליזירט. אין פאַרלויף פון פונפצעהן יאָהר האָט מען געבויט און רעמאָנטירט, גערופען קאָנגרעסען, געגרינדעט נעזעלשאַפטען, צעוואָרפען נעצען פון פּאָליצייאישער מאַכט איבער גאַנץ אייראָפּא, געשמידעט קייטען, אַנגעפילט די טורמעס, אויפגעשטעלט עשאַפאָטען — אָבער דריי טעג זיינען געגנוג געוועזן, אום אַראָפּצושליידערען די טראָהנען און מאַכען ציטערען אַלע איבעריגע. ניט אמת זיינען געווען די באַריה־מערייען פון די מאַכט־האָבער און דאָס, וואָס עס האָבען געזונגען און גערעדט זייערע לעקער־ראָמאַניסטען" 1).

די טויזענד־יעהריגע הערשאַפט פון דעם הייליגען בונד האָט אינגאַנצען געדויערט פונפצעהן יאָהר. דעריבער האָט זיך געדוכט, אַז אַ נייער פריהלינג דאַרף אויפשיינען, הן אין דעם פּאָליטישען, הן אין דעם גייסטיגען לעבען פון׳ם דייטשען פאָלק.

---

1) ר. פּרוץ: „פאָרלעזונגען איבער דער דייטשער ליטעראַטור פון דער געגענוואַרט", 270,271.

5.

# באיראָנ'ס איינפלוס.

די קלאַסישע ליטעראַטור אין דייטשלאַנד איז געוועזן אין סוף פון אכצעהנטען און אין אנהויב פון נייגצעהנטען יאָהרהונדערט נאָך איהר פאָרם און אינהאַלט אַן אַנטיקע; די ראָמאַנטישע ליטעראַטור וואָס האָט איהר נאָכגעפאָלגט איז מיט איהר אינהאַלט און פאָרם געוועזן אַ ליטעראַטור פון די יאָהרהונדערטען.ביידע ליטעראַטורען האָבען זיך דערוויטערט פון דער אַרומיגער ווירקליכקייט, פון דער איצטיגער צייט, פון די פּאָליטישע און סאָציאַלע פאַרהעלטנישען פון זייער צייט. קיין איינע פון זיי האָט ניט געהאַט קיין דירעקטען איינפלוס אויף אַט די געביטען. דאָס אידעאַל האָט זיך אַרומגעטראָגען אין דעם בלויען עפיר פון גריכענלאַנד, אָדער אין דעם קאַטוילישען הימעל פון די מיטעלע יאָהרהונדערטען. איצט איז עס אינגאַנצען געוועזן אויף דער ערד. פאַר די אויגען פון אַלע טרוימענדע און שטרעבענדע מענשען איז ערשינען דאָס מאָדערנע אידעאַל אָהן אַ שום מיסטישע עלעמענטען. מיט אימפּעט, מיט ליידענשאַפט, וואָס האָט גאַנץ אָפט פאַרוואַנדעלט די פּראָזאַאישע פאָרם אין אַ פּובליציסטישער און די פּאָעזיע — אין אַ ריין לירישער, אָדער אַ ריין פראַגמענטאַרישער, האָבען די געגנעריש־געשטימטע דיכטער און שריפטשטעלער אַנגעהויבען אַריינשפּאַרען אין דער ליטעראַטור דאָס לעבען פון דער צייט און איהר אינהאַלט. נאָר אַזוי ווי דאָס אַריינשפּאַרען פון דעם נייעם מאַטעריאַל אין דער ליטעראַטור איז געטאָן געוואָרען דורך קאַמף, האָבען דער הומאָר און די סאַטירע אַנגעהויבען שפּילען אין דייטשלאַנד נאָך אַ גרעסערע ראָלע, ווי פריהער. די געגנערשאַפט צום

הערשענדען סיסטעם און די אַנפאַלען אויף איהם זיינען געווען דורכגעדרונגען מיט דעם גייסט פון דער שטורם־און־דראַנג פעריאָדע. דאָס איז געווען די מעכטיגע שטרעבונג צו פרייהייט, וואָס האָט צוערשט געצוואונגען היינע׳ן און בערנע׳ן דורכלעגען נייע וועגען פאַר דער דייטשער ליטעראַטור, און דערנאָך באַגייסטערט די שריפט־שטעלער, וואָס האָבען זיי נאָכגעפאָלגט און געקראָגען אַ ניט־באַ־שטימטען נאָמען „דאָס יונגע דייטשלאַנד“.

עס איז געווען איין גרויסע ערשיינונג, וואָס איז אָפט דערמאָנט געוואָרען, נאָר איז נאָך אָפטער ניט דערמאָנט געוואָרען — די ערשיינונג פון דער פרעמד־שפּראַכיגער ליטעראַטור, וואָס, ניט קוק־קענדיג דערויף, וואָס זי שטאַמט פון אַ פרעמד לאַנד, האָט פונ־דעסטוועגען געהאַט אַ גרעסערען איינפלוס אויף דייטשלאַנד׳ס גייס־טיגען לעבען, ווי איהרע גייסטיגע פיהרער. מיר ריידען וועגען לאָרד באַיראָן און זיינע ווערק. זיינע קינסטלערישע שוואַכ־קייטען און חסרונות זיינען ערשט שפּעטער אַנטדעקט געוואָרען אין דייטשלאַנד. דער איינציגער איז געווען גוצקאָוו, וואָס האָט איהם אין יאָהר 1835 אומ׳ברחמנות׳דיג קריטיקירט. נאָר באַיראָן, פאַר וועמען געטע איז געווען באַגייסטערט און איהם ליעב געהאַט, צומיינסטען פאַר די טיילען פון זיינע שריפטען, וואו דער אַלטער מייסטער האָט דערשפּירט זיין אייגענעם איינפלוס; באַיראָן מיט זיין אונגעצוימטער געגנערשאַפט צום הערשענדען סיסטעם; באַיראָן מיט זיין דורשט נאָך טעטיגקייט, מיט זיין האָס צו דער קנעכטשאַפט, וואָס האָט זיך באַהאַלטען אונטער דעם צודעק פון די „באַפרייאונגס מלחמות“ געגען נאַפּאָלעאָנען; באַיראָן מיט זיין כעס אויף אַלע באַשרענקענדע געזעלשאַפטס־באַשטימונגען, מיט זיין גאַנצער עמפּפינדליכקייט, מיט זיין ליידענשאַפטליכער ליעבע צו פרייהייט אין אַלע איהרע ערשיינונגען, איז איצט, נאָך זיין טוידט, באַקרוינט געוואָרען מיט׳ן לאָרבער קראַנץ פון אַ פרייהייטס העלד, די פאַרקערפערונג פון אַלץ, וואָס מען האָט פאַרשטאַנען אונטער די ווערטער — צייטיגער גייסט, און צייטיגע פּאָעזיע.

מיט הייסען ענטוזיאַזם האָט איהם בעזונגען ווילהעלם מילער, דער מחבר פון „די גריכענליעדער“.

„זיעבען־און־דרייסיג טרויערינע קאַנאָנען־קראַכען! איך פרעג.

צוליעב וועמען שיסט מען דאָס? וואָס קומט דאָ פאָר? אפשר צוליעב די זיעבען־און־דרייסיג נצחונות, וואָס ער האָט געהאַט פאַר זיין פאַלען? אָדער לכבוד די זיעבען־און־דרייסיג וואונדען וואָס דער העלד טראָגט אויף זיין ברוסט? עלאַדאַ וויינט, באַקלאַגענדיג דיינע זיעבען־און־דרייסיג יאָהר. וואָס־זשע זיינען די יאָהרען, וואָס דו האָסט איבערגעלעבט? קיינער וועט זיי ניט באַוויינען. אייביג וועלען זיי לעבען אין דעם ליכטיגען, שטראַהלענדען שימער פון רוהם. די אַדלער־פליגלען פון׳ם ליעד טראָגען זיי, אויפהויבענדיג זיי העכער און העכער, רוישענדיג טראָגען זיי זיך אין׳ם רוים פון דער צייט, וועקענדיג אין די גרויסע נשמות הויכע שטרעמונגען. ניין, איך באַוויין אַנדערע יאָהרען — די יאָהרען וואָס דו האָסט ניט געלעבט; די יאָהרען, אין וועלכע דו האָסט געקענט זיין טעטיג, ווי דער קעניג און הערשער פון עלאַדאַ. וועגען דעם פאַרלוסט פון אַט די טעג, פון אַט די יאָהרען — אַט וועגען וואָס די קאַנאָנען־שאָסען דערצעהלען. וואָסערע ליעדער, וואָסער קאַמפף, וואָסערע וואונדער, וואָס פאַר נידערלאַגען עס האָט געקאָנט פאַרקומען! דער העלדישער טוידט אין דער צייט פון דער זיעגרייכער מלחמה מיט דער געשטורעמטער וויזאַנטיע, ביי דיינע פיס איז גריכענלאַנד׳ס קרוין, אָרום דיינע האָר איז דער קראַנץ פון פרייהייט!..״

באַיראַנ׳ס שטאָלץ און זיין האָס צו פּאָליטישער אונפרייהייט לעבען ווידער אויף ביי פּלאַטענען; זיין אַריסטאָקראַטישער טאָן, זיין אויפרעגונג קעגען די אַבערגלויבענישען, זיין ליידענשאַפט צו וואַנדערונג, זיין ליעבע צו חיות און צו דער נאַטור, זיין גראַציע און זיין איראָניע לעבט ווידער אויף ביים פּרינץ פּיוקלער. דער גרויסער איינפלוס פון באַיראָן אויף די געשטאַלטונג פון היינע׳ס פּאָעטיש אידעאַל דאַרף ניט קיינע באַווייזען, אַזוי שטאַרק ערשטוינט עס יעדען איינעם. וואָס איז באַקאַנט מיט דער ענטוויקלונג פון דער נייער ליטעראַטור אין אייראָפּאַ. אָבער עס איז זעהר אינטערעסאַנט און באַלערענד צו בעאָבאַכטען ווי עס האָט זיך באַוויזען צו באַיראָנען דער ערשטער שריפטשטעלער, וואָס האָט געלעבט אויך פאַר דער נייער ריכטונג אין דער דייטשער ליטעראַטור, ווי אַזוי בערנע, וואָס איז מיט זיין נאַטור אַ פאָלשטענדי־

נער קאנטראסט צום ענגלישען דיכטער, האט זיך צו איהם באצויגען. עס איז געווען צו ערווארטען, אז בערנע'ן וועלען ניט געפעלען די לייכטזיניגע און קאקעטע שטריכען פון באיראנ'ס געניאליטעט, ווי עס זיינען איהם ניט געפעלען געווארען די זעלבע שטריכען ביי היינע'ן. נאר לייענט, ווי אזוי ער דריקט זיך אויס וועגען איהם, נאכדעם ווי ער האט איבערגעלייענט מור'ס „די ביאגראפיע פון באיראן". ער רופט אן דאס בוך (בריעף פון פאריז, נומער 44): ווייז פאר'ן ארימען דייטשען רייזענדער, וואס איז פארפרוירען געווארען אויף זיין לעבנס־וועג. ער האלט דערביי ער זאל קראנק ווערען פון קנאה פאר דעם לעבען, וואס איז אויסגע־פאלען אויף באיראנ'ס מזל.

„גלייך ווי א קאמעט, וואס אונטערווארפט זיך ניט דער בור־זשואזער ארדנונג פון די שטערען, אזוי האט באיראן זיך דורכ־געטראגען דורך דער וועלט פריי און שטאלץ. ער איז געקומען אהן פאראויסזאגונגען, אוועק ניט געזעגענענדיג זיך, און האט בעסער פארגעצויגען די איינזאמקייט, איידער צו טראגען די קנעכטישע קייטען פון דער פריינדשאפט. ער האט זיך קיינמאל ניט צוגע־רירט צו דער הארטער ערד; צווישען שטורעמס און שיף־אונ־טערגאנג האט ער זיך מוטיג געווארפען פאראויס, און דער טוידט איז געווען דער ערשטער האפען, צו וועלכען ער איז צוגעשוואו־מען. ווי אפט האבען די כוואליעס איהם געווארפען פון איין זייט אויף דער צווייטער, אבער וואס פאר וואונדערבארע אינזלען האט ער ענטדעקט!... ער האט געהאט א קעניגליכע נאטור... ווארים א קעניג איז דער, וואס לעבט ווי עס ווילט זיך איהם. איך קען ניט ניט־לאכען, ווען מען זאגט, אז באיראן האט געלעבט עט־ליכע און דרייסיג יאהר: טויזענד יאהר האט ער געלעבט! ווי לעכערליך עס איז, ווען זיי האבען אויף איהם רחמנות דערפאר וואס ער איז געווען מעלאנכאליש? מעלאנכאליע — דאס איז א פרייד פון גאט. קען מען דען זיין פרעהליך ווען מען ליעבט? באיראן האט ניט ליעב געהאט די מענשען, דערפאר וואס ער האט ליעב געהאט די מענשהייט, דאס לעבען, די אייניגקייט... איך וואלט אוועקגעגעבען אלע לעבענס־פריידען פאר באיראנ'ס איין יאהר פון טרויער."

ווי מיר זעהען, האָט זיך בערנע ניט נאָר באַצווינגען מיט אַ גרויסען ערנסט צו באיראַנ׳ס איינגענטימליכקייטען, נאָר ער זעהט אין באיראָן אפילו ניט יענעם בעל־תאוה, וואָס האָט אַזוי שטאַרק אָפּגעשטויסען געטע׳ן פון איהם. נאָר וואָס עס איז נאָך מעהר ערשטוינענד: בערנע געפינט אין זיין אייגענעם כאַראַקטער אַן עהנליכקייט צו באיראַנ׳ען. ער שרייבט:

„איהר וועט אפשר פאַרוואונדערט מיך פרעגען, ווי אַזוי קען איך, אַ נישטיגער מענש, האָבען די העזה זיך שטעלען אין איין רייה מיט באיראָנען? ווענען דעם דאַרף איך אייך עפּעס דערצעהלען, וואָס אייך איז דאָס אומבעקאַנט. ווען באיראַנ׳ס גענני־אַליטעט, אין דער צייט ווען זי האָט געוואַנדעלט אין הימעל־רוים, האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף דער ערד, אום אויף איהר צו נעכטיגען, איז זי קודם כל געקומען צו מיר. נאָר מיין הויז איז איהר ניט געפעלען געוואָרען, איז זי גיך אַוועק און זיך באַזעצט אין האָטעל „באיראָן״. לאַנגע יאָהרען האָט די עראינערונג וועגען דעם מיך געפּייניגט; לאַנג האָב איך געליטען דערפון, וואָס איך בין געבליבען אַזוי קליין, נישטיג, גאָר ניט דערגרייכענד. נאָר איצט איז אַלץ פאַראיבער; איך האָב אָן דעם פאַרגעסען און לעב, שלום־מאַכענדיג מיט מיין אָרימקייט. נאָר מיין אונגליק איז דאָס, וואָס איך בין געבאָרען געוואָרען אין מיטעל־קלאַס, צו וועלכען איך פּאַס איינגאַנצען ניט״.

אַזעלכע ווערטער זיינען דער קלאָרסטער באַווייז פון דעם צויבער, וואָס באיראַנ׳ס שאָטען וואַרפט נאָך ביז איצט אויף די מוחות פון די ליטעראַטור־פיהרער.

## 6.

# די באַדייטונג פון דער נייער ליטעראַטור.

אַט אונטער וועלכע אומשטענדען און ווירקונגען עס איז אין דייטשלאַנד באַשאַפען געוואָרען די אָפּאָזיציאָנס־ליטעראַטור צווי־שען 1820 און 1848. באַטראַכטענדיג אַזאַ אומגעהויער גרויסע גרו־פּע פון ליטעראַרישע ווערק, וועלען מיר זיך באַמיהען ראשית־כל מיט דער הילף פון דער גרויסער צאָהל דאָקומענטען, ענטפערען אויף דער פראַגע: ווי אַזוי האָבען די איינגוואוינער פון יענע לענ־דער געדענקט און געפיהלט, אין וואָסערע פאַרבען איז זייער קולטור געוועזען איינגעהילט, אין וואָסערע פאָרמען האָבען זיך אויסגעגאָסען זייערע פאַרלאַנגען און האָפנונגען, זייער ליעבע צו דער מענשהייט און פרייהייט, זייער גערעכטיגקייטס־געפיהל, זייערע רעגירונגס־אויפפאַסונגען, און צו לעצט, וואָסער געשמאַק האָבען זיי געהאַט: ווי אַזוי האָט געדאַרפט שרייבען דער, וואָס האָט געוואָלט האָבען מעהר לעזער און אויפוועקען אין זיי אַ לעבעדיגען אינטערעס? מיט דער לייזונג פון אַט די פראַגען וואָלטען מיר געקענט שטילען אונזער היסטאָרישע וויסענס־גיערינקייט.

דערנאָך קומט ניט־ווילענדיג אַרויף די פראַגע וועגען דעם ווערט פון דער ליטעראַטור. בנוגע צו פילאָסאָפישע ווערק, הייסט דאָס, די פראַגע: וואָס שטעלט מיט זיך פאָר דער פון זיי פּראָקלאַ־מירטער אמת? אויב מיר זאָלען אויף זיי קוקען — ווי עס טרעפט אָפט — ווי אויף אַ פאַנטאַזיע־פּראָדוקט, פאַרוואַנדעלט זיך די פראַגע אין אַ פראַגע וועגען דער ברייטקייט און פרוכטבאַרקייט פון די היפּאָטעזען וואָס זיי זאָגען אַרויס. ביי פּאָעטישע, און טייל־ווייז אויך די צו זיי עהנליכע היסטאָריש־שילדערענדע שריפ־

טען, נעמט אן די פראגע וועגן זייער ווערט א כאראקטער פון א פראגע וועגן זייער שעהנקייט, דערפאר וואס אונטער שעהנקייט פארשטעהען מיר דעם קינסטלערישען ווערט פון דעם ווערק.

פון דער גרויסער צאהל שרייבער פון א באשטימטער צייט, פארבלייבען אין פארלויף פון א פאר דורות, נאר עטליכע, וועמעס ווערק מען לייענט נאך. פון דער אומגעהויערער צאהל ווערק, זיי־נען נאר דא איינציגע וואס דאס פובליקום אינטערעסירט זיך נאך מיט זיי. פון דער גאנצער צאהל שרייבער פון דער דערמאנטער עפאכע זיינען אייניגע גאנץ גוט באקאנט אין אויסלאנד. אין דייטשלאנד ווערען זיי, פארשטעהט זיך, מעהר געלייענט. נאר דאך אין פראפארציע ווערען אויך נאר ווינציגע פון די דאמאלסדיגע ווערק געלייענט פון גרויסע מאסען.

די ערשטע, און אומ׳ברחמנות׳דיגסטע קריטיק איבער די שרייבער איז די צייט; נאך א געוויסער צאהל יאהרען ווערען די ווערק פון אייניגע שרייבער איגגאנצען ניט פארקויפט, וועהרענד אנדערע ערשיינען אלע מאל אין נייע אויסגאבען. נאר דאס, וואס איין שרייבער לייענט מען לאנג און ער איז שטארק פארשפרייט, דיענט נאך ניט אלס אומבעדינגטער באוויין פאר׳ן גרויסען ווערט פון זיינע ווערק. זיין פאפולאריטעט באשטעטיגט נאך ניט, אז ער געהערט צו די בעסטע שרייבער, דאס צייגט נאר, אז יענע ווערק זיינען צוגענגליך און אונטערהאלטענד. די הויכע שטופע פון קולטור און גייסטיגער אריסטאקראטיע קענען אמאל שטערען דער פארשפרייטונג פון ווערק, כאטש אט די מעלות גאראנטירען די גרויסקייט פון די ווערק.

* פון אלע דייטשע דענקער פון יענער צייט ווערען אין אויס־לאנד געלייענט: פייערבאך — זעהר ווינציג, שאפענהויער — זעהר פיעל; נאר דער לעצטער האט אנגעהויבען באאיינפלוסען דעם מענשענ׳ס געדאנק ערשט די לעצטע צייט. ביידע שריפטשטעלער ווערען געלייענט ניט אזוי צוליעב דעם אינהאלט, ווי צוליעב זייער אריגינאליטעט, א דאנק דער געוואגטקייט פון זייער סטיל. פון די דיכטער ווערט אין אויסלאנד פיעל און שטענדיג נאר היינע געלייענט. אין דייטשלאנד קריטיקירט מען איהם, מען קוקט אויף איהם ווי אויף שטעכיגע פלאנצונגען אין וויין־גארטען פון דער לי־

מעראַטור ; די היסטאָריקער בריהען זיך ביי איהם אָפּ די פינגער און פערשעלטען איהם. אין דער ליטעראַטור־היסטאָריע און אין ציימונגס־אַרטיקלען רופט מען אָן זיין פּראָזע אַן אַלטע, און זיין דיכטונג — געקינצעלט. נאָר ניט קוקענדיג דערויף, ווערען זיינע שריפטען איצט אַרויסגעגעבען אין נייע אויסגאַבען. אין דייטש־לאַנד, ווי אויסער איהר, ווערען זיינע לידער אַזוי געזונגען ווי געלייענט. די צאָהל פון די מוזיקאַלישע קאָמפּאָזיציעס אויף זיינע ווערק דערגרייכט ביז 3,000. און אין יאָהר 1887 האָט די צאָהל פון די קאָמפּאָזיציעס נאָר צום זינגען (פּראָזירטע דועטען, קוואַר־טעטען און מענערשע כאָרען) דערגרייכט 2,500. נאָך דער רעכנונג, וואָס הופער האָט געמאַכט איז פאַר דעם ליעד „דו ביזט ווי אַ בלום" 160 מאָל פאַרפאַסט געוואָרן מוזיק. „איך האָב אין טרוים געוויינט", און „לייזע ציהט דורך מיין געמיהט" — 83 מאָל. „איין פיכטענבוים שטעהט איינזאַם" — 76 מאָל. „איך וויים ניכט וואָס זאָל עס באַדייטען" — 37 מאָל. צווישען די מוזיקאַלישע ווערק באַגעגענט מען די בעסטע ליעדער פון שובערטען, מענדעלסאָן, שו־מאַן, בראַמסאָן, ראָבערט פראַנצען און רובינשטיין ; דער דיכ־טער אַליין האָט נאָר געהערט עטליכע פון זיי. אויף קיינעם פון די ליריקער האָט מען אַזוי אָפט ניט פאַרפאַסט קיין מעלאָדיעס ווי אויף היינע'ן. נאָך איהם, מיט 3,000 קאָמפּאָזיציעס, קומט געטע מיט 1,700 ; אַנדערע דיכטער שטעהען זעהר אָפּ פון זיי.

אויסער דייטשלאַנד בלייבט היינע'ס רוהם ניט נאָר אונגע־שטערט נאָר וואַקסט נאָך און פאַרשפּרייט זיך. אין פראַנקרייך פאַרנעהמט ער ניט קיין קלענערען פּלאַץ ווי אַ מאָדערנער פראַנ־צויזישער דיכטער. דאָס איז דער איינציגער פון די אויסלענדישע דיכטער צו וועמען פראַנקרייך באַציהט זיך ווי צו אַן אייגענעם, ווי צו איינעם פון איהרע גרעסטע... קיין איינער פון די פרעמד־שפּראַכיגע דיכטער ווערט ניט אַזוי אָפט דערמאָנט אין דאַמאָלסדיגע פראַנצויזישע ביכער ווי היינע, און ווענען קיינעם רופט מען זיך ניט אָפּ מיט קיין גרעסערער בעגייסטערונג. אַפילו שעלי און פּאָ דערגרייכען אין דער הינזיכט ניט אַזאַ שטופע. ריידענדיג וועגען היינע'ן דריקט זיך עדמאָנד דע־גאָנקור אויס אין פאָלגענדע שטאַרקע ווערטער : אַלע פראַנצויזישע דיכטער פון דער צייט דערמאָנען

איהם, אין פאַרגלייך מיט היינע׳ן, און וואַיאַזשאַרן; טעאָפיל גאָטיע פלעגט זאָגען, אַז די פיליסטער האָבען נעדאַרפט אַנטראָגען ציגעל אום אויפצושטעלען אַ פיראַמיד אויף היינע׳ס קבר.

אָפט שטעלען זיך גרויסע געזעלשאַפטען אַ פראַגע: ווי אַזוי קען מען צונויפשטעלען אַ ביבליאָטעק פון הונדערט ביכער פון דער אַלוועלטליכער ליטעראַטור? ענטפערס ווערען, פאַרשטעהט זיך, געגעבען פאַרשיידענע. נאָר אין אַלע ראָמאַנישע און סלאַווישע לענדער שטעהט היינע׳ס נאָמען אין ערשטען צעטעל. אין ענגלאַנד ווערען איינגעפיהרט אָפט 90 ענגלישע ביכער און 10 פרעמדע: צווישען די לעצטע וועט איהר זיכער געפינען היינע׳ס ווערק. די איבערציינונג, אַז מען קען געפינען הונדערט ביכער, וואָס וועלען מיט אינטערעס פון יעדען איינעם געלייענט ווערען, איז באַשאַפען געוואָרען פון דעם פראַטעסטאַנישען באַגריף, אַז עס איז פאַראַן נאָר 1 בוך, וואָס איז אין דערזעלבער מאָס פאַר יעדען אינטערעסאַנט. פאַרשטעהט זיך, אַז אַזאַ באַגריף איז קינדיש; די פראַגע איז אינטערעסאַנט נאָר אויף אַזוי פיעל, אויף וויפיעל עס ווייזט, וואָסער אונפערזעהנליך אידעאַל פון בילדונג און ענטוויקלונג עס טראָגט זיך אַרום אין די מוחות פון די פראַגע־שטעלערס און פון די, וועלכע זיינען אַזוי נאַאיוו צו ענטפערען אויף דער פראַגע. נאָר דאָך איז דאָס וויכטיג צו זעהן ווי אין אַלע ענטפערס, אין איינינע באַשטימטע פאַלען, האָט פיגורירט היינע׳ס נאָמען. ניט קיין קליינע פאַרוואונדערונג האָט אין דייטשלאַנד אַרויסגערופען דער פאַקט, וואָס ווען אין יאָהר 1880 זיינען די ענגלישע ביכער־ליסטען פאַרעפענטליכט געוואָרען, האָט מען היינע׳ס נאָמען באַגעגענט אָפטער פון די איבעריגע דייטשע דיכטער; עס איז למשל געווען אַ צעטעל אָהן געטע׳ס נאָמען.

אָט דער וועלט־רוהם איז ניט נאָר אַ דאַנק היינע׳ס מעלות. נאָר אויך דאָס וואָס פיעלע טיילען פון זיינע שריפטען פאָדערען ניט קיין צו גרויסע קולטור, אום זיי צו פאַרשטעהן, און אום צו פאַרשאַפען זיך פאַרגעניגען לייענענדיג זיי, דאַרף מען ניט פאַרמאָגען קיין גייסטיגען אַריסטאָקראַטיזם. דאָך באַזירט היינע׳ס רוהם הויפּטזעכליך דערויף, וואָס זיין דיכטערישער טאַלאַנט איז בלי ספק איינער פון די גרעסטע טאַלאַנטען פון זיין צייט.

די בעדייטונג פון א ליטעראַריש ווערק ווייזט זיך ארויס דערפון, וואס עס קען קריגען א גרויסע צאהל לעזער אויסערהאלב זיין אייגען לאַנד, נאר אויב אט די מעלות זיינען נאך ניט גענוג צו באשטימען דעם ווערט פונ'ם ווערק בלייבט נאך אלץ די פראגע: מיט וואס־זשע? מיט דער אויפריכטיגקייט און קראפט פון דעם גייסטיגען לעבען און גייסטיגער בעוועגונג, וואס דאס ווערק דריקט אויס אין זיך, און מיט דער פעהיגקייט פונ'ם ווערק ארויסצורופען ביי די לעזער דעמזעלבען גייסט. יעדע קונסט איז דער אויסדרוק פון גייסטיגער באוועגונג און זיין ציעל איז ארויסצורופען א גייס־טיגע באוועגונג. וואס טיעפער דאס אויסקריצען אויף א קאסט־בארען שטיין, אלץ שארפער, אלץ קלארער מאלען זיך אפ די קאנ־טורען און די פיגורען אויפ'ן וואקס. וואס טיעפער דער איינדרוק אין קינסטלער'ס נשמה, אלץ קלארער, אלץ באדייטענדער וועט זיין אויך דער קונסט־איינדרוק. דעם קינסטלער'ס אויפרעגונגען אונטערשיידען זיך פון די אויפרעגונגען פון אונזערע מענשען דער־מיט, וואס זיי לאזען איבער אינ'ם קינסטלער'ס נשמה אזעלכע בולט'ע ערראינערונגען, אז, ווערענדיג פארמירט, מאכען זיי א שטאר־קען איינדרוק אויף די צוהערער און לעזער.

דער פועל־יוצא איז, אז די פראגען מיט וועלכע מיר ווענדען זיך צו א ווערק, וואס מיר אנאליזירען, זיינען פאלגענדע: ווי ווייט־זעהענד איז דער מחבר? ווי טיעף האט ער געקענט אריינ־דרינגען אין דעם לעבען פון זיין געזעלשאפט? אויף ווי ווייט ארינינעל האט ער געפיהלט די פרייד, ליידען, טרויער, ליעבע, ענ־טוזיאזם אדער האס צו מענשען? מיר זאגען: אט דער שרעק אדער אט דער האס האט פאר איהם אויפגעדעקט נארישקייט אדער אונגערעכטיגקייט. אזוי בייסענד אזוי שארפזיניג האט ער זיך נוקם געווען פאר זיך אדער פאר אונז אן דער מענשהייט, וואס איז ווערט פארהאסט צו ווערען פאר איהר נארישקייט. ביי גרוי־סע שרייבער דערפיהלען מיר דעם איינדרוק פון ערהאבענקייט אדער פון גרויסקייט, פון ליעבע צום אמת אדער ליעבע צו שעהנקייט; ביי מיטעלמעסיגע שרייבער דערפיהלען מיר דעם מאנגעל אין גע־דאנקען, אין געפיהל־טיעפקייט, אין חוש פאר שעהנקייט אדער כא־ראקטער־קראפט.

די נייע ליטעראַרישע גרופּע האָט ניט קיין דיכטערישע ערשט־קלאַסיגע טאַלאַנטען אויסער איינעם, וואָס פאַרנעהמט אַ גרויסען פּלאַץ אין דער ליטעראַטור — היינע. פיעל פּאָזיטיווען און גרויסעס האָט די גרופּע ניט געשאַפען. איהר ווירקונג איז מעהר געווען אַ נעגאַטיווע: זי האָט באַפרייט די מוחות, זי האָט אומעטום גע־רייניגט און דעזינפעצירט די לופט. זי איז שטאַרק דורך איהר צווייפעל, פאַראַכטונג צו קנעכטשאַפט, דורך איהר אינדיווידואַליזם.

נאָך קיינמאָל איז איהר באַדייטונג אין דייטשלאַנד, און צו־מיינסטען אין איהר צפון־טייל, ניט געווען אַזוי שוואַך ווי אין דער איצטיגער צייט. די שרייבער, וואָס האָבען אין יאָהר 1830 גע־קעמפט קעגען אַלע פאָרמען פון געוואַלט, וואָס האָט אין יענער צייט אומעטום געדריקט דעם געדאַנק, וואו נאָר די דייטשע שפּראַך האָט זיך געהערט, זיינען איצט זעהר אונפּאָפּולער, און דאָס וועט לאַנג הפנים אַנהאַלטען. דאָס איז פאַרשטענדליך. די איצטיגע דייטשע יוגענד, האַבענדיג אונטער זיך די פאַראייניגונג פון דער מלוכה — די איינינקייט, וואָס איז אין דער צייט, וואָס מיר שטודירען דאָ, נאָר געווען אַ האָפנונגס־טרוים — און זעהענדיג ווי די פאַראייניגטע דייטשלאַנד האָט ענטוויקעלט איהר מאַכט און האָט זי דעמאָנסט־רירט אין אַ גאַנצער רייהע פון נצחונות, — אינטערעסירט זיך וויני־ציג מיט די אַלטע טרוימען וועגען דעם, ווי אַזוי די איינינקייט דאַרף ווערען פאַרווירקליכט; עס זיינען איהר נמאס געוואָרען, ביי די שרייבער פון די דרייסיגער יאָהרען, זייער שטענדיגער חוזק־מאַכען איבער דער אַפּאַטיע און גלייכגילטיגקייט, איבער דער דייטשער אונטעטיגקייט, זייער פּעדאַנטיזם און די ליידענשאַפט צו שאַרפזין. וואָרים דייטשלאַנד האָט באַוויזען ווי פּראַקטיש און ענערגיש זי קען זיין, ווען די אומשטענדען פאָדערען עס.

מען האָט אינגאַנצען פאַרנאַכלעסיגט אין דער צייט פון דער פראַנצויזיש־דייטשער מלחמה די שריפטשטעלער, וואָס האָבען מיט אַ האַלבען יאָהר־הונדערט צוריק געגלויבט פראַנקרייך אויף דייטש־לאַנד'ס חשבון, אָדער זיי האָבען באַהויפּטעט, אַז די פרייהייט וועט ברענגען דייטשלאַנד יענע גליקען, וואָס ביסמאַרק האָט איהר גע־געבען. מען האָט אויף זיי געקוקט ווי אויף שלעכטע פּאַטריאָטען און אונפעהיגע פּאָליטיקער. נאָר אַ קליינע מינאָריטעט האָט פאַר־

שטאַנען ווי שטאַרק די ענטריסטונג און אַפּשפּעטונג פון דעם דאָ־מאָלסט־עקזיסטירענדען סיסטעם האָבען מיטגעהאָלפען דער באַנייאונג און דער דערהויבונג פונ׳ם פאָלקס־גייסט אין די זיבעציגער יאָהרען. נאָך קלענער איז די צאָהל פון די מענשען, וואָס קענען אין דער ליטעראַטור פון די דרייסיגער און פערציגער יאָהרען זעהן אַ לעבעדיגען פאַרוואורף פאַר׳ן פאַרראַט צו אידעאַלען, און וועלכע, בלעטערענדיג די אַלטע ווערק פרעגען טרויריג: וואָס איז געוואָרען ביים נייעם סיסטעם מיט די בעסטע אידעאַלען, פאַר וועלכע דער פריהעריגער דור האָט געקעמפט?

## 7.

# בערנע.

פון אלע שריפטשטעלער, וואס האבען דאמאלסט פארנומען דעם ערשטען פלאץ, איז קיינער ניט אזוי שטארק פארגעסען גע־ווארען ווי בערנע. די אלע טעמען וואס זיינען פון איהם באהאנ־דעלט געווארען, זיינען שוין פארעלטערט, און קיינער לייענט שוין נישט זיין קורצע פראזא אין דער פארם פון צייטונגס־ארטיקלען אדער בריעף, אויסער די, וואס זיינען פאראינטערעסירט אין דער פערזענליכקייט פון דעם שרייבער, וועלענדיג זיין באקאנט מיט דעם סטיל אדער גייסט וואס דער געגענשטאנד האט אנגעריהרט. ערשט אין זיינע שפעטערע יאהרען האט ער זיך געמאכט א נאמען מיט זיינע בריעף פון פאריז. אבער מיט דער אבסט־ראקטער שנאה צו דעם פרינצען־קלאס און דעם רעפובליקאנישען גלויבען, וואס האט זיך אויסגעדריקט אין יענע בריעף, איז ער גע־ווען איינגאנצען אויסער'ן פלאץ אין דער דאמאלס יונגער אימפעריע. קיין פערזענליכקייט האט זיך וועניגער אריינגעפאסט אין יענע פארהעלטנישען ווי זיינע. אין דער צייט, ווען די שטאאטס־אידעע הויבט אן צו ווערען אלמעכטיג, ווען זי הויבט אן פון אויבען דורך דעספאטיש־סאציאליסטישע מיטלען איינצושרומפען די פריוואטע איניציאטיווע, פארוואנדעלט וואס מעהר בירגער אין באצאהלטע באאמטע, און גיט די באצאהלטע באאמטע מעהר רעכט ווי די איבעריגע בירגער, און אין דערזעלבער צייט ארבייט זי פון אונטען מיט רעוואלוציאנער־סאציאליסטישע מעטאדען איינצוהאלטען די אינדיווידועלע פרייהייט פון אקציאן, פארשטעהט זיך, אז דאמאלס פארשווינדען זעלבסטשטענדיגע כאראקטערען, און די שארפע, אונ־

אפּהענגיגע אינדיווידואַליטעט ווערט אונגעזעצליך — אַ זאַך, וואָס קיינער קען ניט אננעהמען פאַר אַ מוסטער פון קולטור. בערנע איז געווען אַקוראַט אַזאַ שאַרף־קאַנטיגע פּערזענליכקייט און אַן אמת זעלבסטשטענדיגער כאַראַקטער.

רעדענדיג בדרך כלל, איז אין׳ם דייטשען מיטעל־קלאַס פון היינט, די איינציגע אויפגאַבע — דאָס אויפבויען, דאָס ערוואַר־בענע צו באַפעסטיגען אַדער צו באַארבייטען, צו באַטראַכטען. דאָס אַליין איז שוין גענוג אום אויפצושרעקען דעם געמער־ברעכער בערנע. דאָס פייער וואָס האָט געוואַרעמט זיין צייט איז פאַר דער איצטיגער גענעראַציע ראַסזעלבע וואָס אַ דאַן קיכאָט ווען ער שטרעקט זיין שפּיז קעגען די ווינד־מילען. און דאַך האָט ער זיינס בייגעטראַגען צו דער אייזערנער אַרכיטעקטור פון דעם נייעם צייט־אַלטער פון דייטשלאַנד. ביים איצטיגען דור האָט איהם אפשר קיין זאַך נישט מעהר געשאַדט ווי זיין אננפאַלען אויף ג ע ט ע׳ ן. געטע אַלס שאַפענדער און דענקענדער גייסט איז אַזוי גרויס אין זיין נאַטור און זיין פּערזענליכקייט אַזוי אייגענטימליך, אַז יעדער, וואָס אורטיילט איבער איהם, גיט דערמיט אַליין אַ ווערטפולען בייטראַג צו זיין אייגענער כאַראַקטעריסטיק. און כאָטש אין יענער צייט זיינען געווען פיעל שריפטשטעלער, נישט נאַר פון דער קלע־ריקאַלער פּאַרטיי, נאַר אויך פון דער אָפּאָזיציע, וואָס זיינען שטאַרק אנגעפאַלען אויף געטע׳ן, האָט אָבער קיינער ניט געוואַגט מיט אַזוי פיעל שמאַלקייט אנצופאַלען אויף דעם אַלטען מאַן פון ווייר־מאַר, ווי בערנע, מיט זיין פּראַטעסטירען קעגען דעם אַלגעמיינעם גלויבען אין געטע׳ס גרויסקייט אַלס מענש און אַלס דיכטער. כדי אָבער צו פאַרשטעהן ווי עס קומט און וואָס עס באַדייט, אַז אַ רעוואָלוציאָנער־פּאָליטישער מאַראַליסט ווי בערנע זאָל זיך ארומ־טראַגען מיט אַזאַ שאַרפען האַס קעגען דעם גרעסטען געניוס פון דער דייטשער ליטעראַטור, איז נויטיג אַז מיר זאָלען וויסען, אַז פון געבורט אַן איז בערנע׳ס שיקזאַל געווען אין אַ פּאָזיציע פון אנ־טאַגאַניזם צו דעם גרויסען מענשען. דאָס האָט איהם געפיהרט צו אורטיילען געטע׳ן מיט אַ פרעמדער און פאַלשער מאָס. געטע און בערנע זיינען ביידע געבוירען אין דערזעלבער שטאָדט, אין פראַנקפורט אַם מיין, געטע מיט 37 יאָהר פריהער.

פראַנקפורט איז געוועזן אַ אַלטע באַפעסטיגטע רייכסשטאָדט. אין אַלטע צייטען האָבען די טויערען און טורעמס באַצייכענט די גרעניצען פון דער שטאָדט, און אַז אויסוויינינגסטער צירקעל פון טויערען, טורעמס, מויערען, בריקען און גריבער האָבען אַרומגע־נומען די נייע שטאָדט. עס איז געוועזן אַ פעסטונג, אינוויינ־יג — קליינע פעסטונגען ווי קלויסטער געביידעס און שלאָסאַרטיגע הויפען, וואָס האָבען אויסגעקוקט ווי באַפעסטיגטע פלעצער. עס איז געוועזן אַ פּאַטריציער רעפּובליק, אין וועלכער אַ פרעמדער איז געוועזן פּאַלשטענדיג רעכטלאָז. ווען איז געוועזן צו דעם, וואָס האָט געהאַט אַ קריעג מיט אַ פראַנקפורטער בירגער און געוואָלט קריגען גערעכטיגקייט אין אַ פראַנקפורטער געריכט — כאָטש עס איז געוועזן אַזוי קלאָר ווי די זון, אַז דאָס רעכט איז געוועזן אויף זיין זייט ! די הערשענדע פּאַמיליעס האָבען פאַרמירט אַן אויסשלים־ליכע קאַסטע, האַלטענדיג זיך נאָהענט איינער צום צווייטען. אַזוי אַרום איז געוועזן אוממעגליך צו ריהרען זייערע אַלטע פּאָליטישע אָדער סאָציאַלע איינריכטונגען. קיינער האָט נישט גע'חלומ'ט צו ענדערען אַפילו דאָס געוועהנליכסטע. די אויטאָריטעטען האָ־בען נישט געהאַט קיין שום אונטערנעמונגס גייסט, און די איינ־וואוינער האָבען נישט געהאַלטען פאַר מעגליך וועלכע עס איז ענדערונג, פון וועלכער עס איז פּאָליטישער צוגעהעריגקייט צום איבריגען דייטשלאַנד האָט קיינער נישט געטראַכט. אין אַלטען דייטשלאַנד איז יעדע שטאָדט, יעדער קוואַרטאַל געוועזן אַ קליינע וועלט פאַר זיך. געטע איז געוועזן אַ יונגער פּאַטריציער. זיין פאָטער איז געוועזן קייזערליכער ראַט. אַזוי שנעל ווי דער יונגער מאַן האָט זיך גרינדליך באַקאַנט מיט דער שטאָדט, האָט ער קיין אַנדער זאַך נישט ערוואַרט פון דעם שיקזאַל, ווי אַבירגערליך גליק אין פראַנקפורט. די שטאָדט האָט איהם געהאַלטען געפאַנגען: די בעסטע פּאַמיליעס זיינען איהם געוועזן נאָהענט, די פרויען האָ־בען ליעב געהאַט דעם שעהנעם און טאַלאַנטפולען יונגען מאַן — די טראַדיציע האָט איהם געבונדען.

עס איז גאָר נישט געווען, וואָס זאָל איהם ציהען צו די גרויסע שטעדט. וויען אָדער בערלין זיינען געוועזן אַזוי ווייט פון פראַנק־פורט, ווי היינט רוים אָדער סט. פּעטערסבורג. עס האָט אויסגע־

זעהן ווי ווען דער שיקזאַל וואָלט איהם באַשטימט צו זיין צוערשט אַדוואָקאַט, שפּעטער פאַמיליען־מאַן, בעאַמטער, הויזבאַזיצער און די ליטעראַרישע באַריהמטהייט פון זיין פאַפּטערשטאַדט. (הער־מאַן גרים: געטע).

אויך בערנע איז געבוירען אין פראַנקפורט, אָבער אין אידי־שען קוואַרטאַל. אין זיין צייט איז געווען אַן אומגליק געבוירען צו ווערען אַ איד אין דייטשלאַנד. ווייל די אידען דאָרט, ווי אומעטום, האָבען נישט געהאַט קיין שום בירגערליכע רעכט. אָבער אַ באַזונדער אומגליק איז געווען געבוירען צו ווערען אַ איד אין פראַנקפורט־אַם־מיין. אין די איבריגע גרויסע שטעדט איז די פּאָליטישע אויסשליסונג ביז אין אַ געוויסען גראַד נישט געווען אַזוי בולט, צוליעב דער געזעלשאַפטליכער שטעלונג, וואָס די אידען האָבען פאַרנומען. אין בערלין און אין ווין זיינען פיעל אידישע הייזער געווען דער צענטער פון ליבעראַל־קולטורעלע און גייסט־רייכע צוזאַמענקונפטען. אידישע נעניעס, ווי רחל לעווין, גייסט־רייכע אידישע פרויען, ווי הענריעטע הערץ, באַראָנין גראָטהויס, באַראָנין ארנשטיין, די פרוי פון פּרינץ פון רייס און פיעלע אַנ־דערע זיינען באַלד געוואָרען די טאָן־געבערינס פון פּרייסענס און עסטרייכס הויפּט־שטעדט. אָבער אין פראַנקפורט זיינען די גרעּ־ניצען צווישען די רעליגיאָנען געווען זעהר שאַרף. אַלע אידען זיינען געווען געצוואונגען צו וואוינען אין דער שמאָלער, טרויע־ריגער איבערגעפּולטער אידען־גאַס, וואָס איז געווען זייער איינ־ציגער פּלאַץ זינט 1462 — גאַנצע 334 יאָהר. דער קאָנטראַסט, וועגען וועלכען מיר לייענען אין די ראָמאַנען צווישען דער אויסער־ליכער צרה׳דיגקייט און אינווייניגסטער שעהנקייט פון געטאָס, האָט דאָ נישט עקזיסטירט. דאָס אינווייניגסטע פון די הייזער איז געווען אַקוראַט אַזוי טרויעריג ווי דאָס אויסוועניגסטע. אין די קליינע טונקלע צימערען האָט ניט געקענט זיין קיין רייד פון שעהנקייט אָדער געשמאַק.

מיט אַ פּאָר יאָהר צוריק האָבען מיר געהאַט די מעגליכקייט צו זעהן ווי אַזוי די איינוואוינער פון דער געטאָ האָבען געלעבט. איין זייט פון דער גאַס האָט מען אָפּגעריסען און אַן איינציגע רייה פון אויסגעבוינגע, פוקעלדיגע, צוזאַמענגעדריקטע און פינ־

סמערע הייזער זיינען געבליבען שטעהן, און די קליינע גלאַנצענ־דיגע שייבלאַך האָבען זיי געגעבען אַן אויסזעהן ווי זיי זאָלען זיין איינגעשרומפּען. אַזוי שנעל ווי ס׳איז טונקעל געוואָרען, זיינען אַלע איינוואוינער פון דער געטאָ געוואָרען איינגעשלאָסען. ביי־טאָג ווען זיי זיינען געגאַנגען איבער די גאַסען אָדער לעבען טורם, האָבען זיי קיינמאָל ניט געטראַכט אַרויפצוגעהן אויפ׳ן טראָטואַר אָדער זייט־וועג, נאָר געמוזט געהן אין מיטען גאַס. יעדער פאַר־בייגעהער האָט באַגריסט: „מאַך מאַרעס, יוד“, און דער איד האָט זיך געמוזט טיעף פאַרבויגען און אַראָבנעהמען דעם הוט. כדי זיי זאָלען זיך צופיעל נישט פאַרמעהרען, איז נאָר 14 פאַרלער ערלויבט געווען חתונה צו האָבען יעדעס יאָהר. כאָטש די אידען זיינען שוין געווען גאַנץ רייך אין פראַנקפורט, מיט ראָטשילד אויף דער שפּיץ, איז דאָך דאָס געזעלשאַפטליכע לעבען צווישען די רעליגיאָנען געווען גאַנץ שאַרף אָפּגעטיילט, אַפילו די פריי־מויערער, וואָס האָבען פּרעטענדירט אויף „ברודערליעבע“ און פאַרעהרט דאָס „העכסטע אידעאַל“ האָבען אויך געהאַט באַזונדערע לאָזשען פאַר זייערע אידישע „ברידער“.

אין הויז נומער 118 פון דער איצט פאַרשוואונדענער אידען־גאַס, איז דעם 6טען מאַי 1786 געבוירען געוואָרען ביי דעם אידי־שען הענדלער יעקב באַרוך דער דריטער זון, דער זעלבער, וואָס האָט זיך אין 1818, פאַר זיין שמד, געביטען דעם נאָמען יהודא ליב באַרוך אויף לודוויג בערנע. די פאַמיליע איז געווען זעהר פראָ־מינענט. בערנע׳ס זיידע איז געוועזן זעהר רייך און אַ גרויסער בעל צדקה. ער האָט געלאָזט אויפבויען אַ שול מיט אַלע אינוויי־ניגסטע זאַכען און זי אָוועקגעשענקט דער קהילה. ער איז געווען דער געשעפטס אַגענט פונ׳ם דייטשען אָרדען אין נענקאַרסאולם, און דורך זיינע פעהיגקייטען און עהרליכקייט איז ער טראַנספע־רירט געוואָרען קיין מאַרגענטהיים, וואו עס איז געווען די הויפט אָפּטיילונג פונ׳ם אָרדען. דאָרט האָט ער זיך באַזעצט. פאַר דער עסטרייכישער רעגירונג האָט ער געטאָן אַזעלכע גוטע דיענסט, אַז מאַריאַ טהערעזאַ האָט מיט איהר אייגענער האַנד אונטער־געשריבען אַ דאָקומענט צוזאָגענדיג איהם און אַלע זיינע יורשים

אַלערליי פּריווילעגיעס, אויב זיי וועלען ווען עס איז זיך באַזעצען אין דער עסטרייכישער אימפּעריע.

זיין זוהן יעקב באַרוך, זעהט אויס, האָט גע׳ירש׳נט אַלע זיינע פעהיגקייטען און קלוגשאַפט, אָבער ניט זיין אָרטאָדאָקסישע פרומקייט. ער איז געווען אַ קלוגער געשעפטסמאַן מיט דיפּלאָ־מאַטישע פעהיגקייטען. דורך זיין מענשענקענטניס, זיין קלאָרען פאַרשטאַנד, זיין קיהלקייט אין אַפּשאַצען זאַכען, איז ער געווען זעהר באַליעבט אין די הויפען און ביי הויכע באַאַמטע. אַלס אַ ניכטערער קלוגער מענש, וועמען דאָס לעבען האָט פון איין זייט געלערענט, אַז אום נישט ארויסצורופען קיין האַס דאַרף מען זיין שטיל און צוריקגעהאַלטען, און פון דער אַנדער זייט, אַלס אַן אויפגעקלערטער האָט ער זיך געפיהלט צו שווער אונטער דער משא פון די אידישע צערעמאָניעס, וועלכע ער פלעגט אָפּהיטען צוזאַמען מיט זיין גאַנצען הויזגעזינד צוליעב דעם אַלטען פאַטער. ערשט שפּעטער האָט ער זיך געפּרופט דערפון צו באַפרייען. זייענ־דיג דער זון פון אַ רייכען מאַן, האָט ער באַקומען אַ געוויסע ביל־דונג; עס איז אַ סברא, אַז ער האָט געשטודירט אין באָן צוזאַמען מיט דעם פירשט מעטערניך. דער פאַטער האָט צוליעב פאַרזיכ־טיגקייט געבעטען זיין זון׳ס איינציגען לעהרער, ער זאָל איהם גאָר נישט מעהר לערנען ווי דעם תנ״ך און דעם תּלמוד.

דער אינגעל איז געווען שטיל און צוריקגעהאַלטען. זייענדיג שטענדיג צוקריגט מיט דער אַלטער טיראַנישער דיענסט, און אויך פון זיין פאַטער, מסתם מיט די בעסטע אַבזיכטען, זעהר שטרענג באַהאַנדעלט, האָט אומעטום געמוזט ליידען וואו ער האָט גע־וואָלט ארויסווייזען זיין אייגענעם ווילען. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז אַזוי שנעל, ווי ער איז געקומען אין באַריהרונג מיט דער אויסערליכער וועלט, איז זיין געפיהל געווען אינגאַנצען שטומ־פיג, אָבער זיין פאַרשטאַנד שטאַרק ענטוויקעלט. אַלסדינג האָט ער געאורטיילט נאָך דעם פאַרשטאַנד; יעדע זאַך איז געווען נאַ־ריש אָדער נישט נאַריש, ניט מעהר. 1)

---

1) מ. גוטצקאָוו: בערנע׳ס לעבען. — מ. האָלצמאַן: לודוויג בערנע.

די רעליגיעזע צערעמאָניעס פונ'ם הויז אָדער פון דער שול, אַלס טויטער ריטואַל האָבען ביי איהם אַרויסגערופען אַן עקעל. די רעליגיעזע אינסטרוקציעס, וואָס ער האָט באַקומען אין דער היים האָבען נישט געמאַכט קיין גרעסערען איינדרוק אויף איהם ווי דאָס באַזוכען די שול. געוויסע תפלות, ווי דאָס געבעט ווידער איינצופיהרען די קרבנות, זיינען איהם נישט געפעלען, כאָטש ער איז געווען אַ פרום אינגעל. צום שרעק פון אַלע אַרום איהם, האָט ער געזאָגט: דאָס איז אַ נאַריש געבעט. דאָס וואָס ער האָט געלערענט, און אין וועלכען זיינע לעהרערס האָבען אַליין נישט געגלויבט, האָט ער אַזוי שנעל פאַרגעסען ווי ער האָט עס אויסגעלערענט. זייענדיג גרויס, האָט ער נישט געוואוסט קיין איינציג העברעאיש וואָרט און פון קיין שום אידישען מנהג. ער האָט אַפילו נישט געהאַט קיין שום וואַרעם געפיהל פאַר דעם אַלטען טעסטאַמענט, וואָס האָט היינע'ן אַזוי שטאַרק באַגייסטערט. ער, וואָס דערמאָנט אונז אַזוי שטאַרק אין די נביאים, האָט אין קיינע פון זיינע שריפטען ניש קיין אָנווייז וועגען זיי.

דאָ און דאָרטען ווייזט ער אַן אויף ביבלישע ערצעהלונגען, אָבער אינגאַנצען קאַלט, אַזוי ווי אויף באַקאַנטע אילוסטראַציעס. אָבער, ווי שטיינטהאַל באַמערקט, עס וואָלט איהם באַדאַרפט שטאַרק געפעלען אַזאַ שטעל: ווי שמואל'ס רעפּובליקאַנישע וואָרנונג קעגען די מלכים, ער אָבער ציטירט עס אַזוי ווי עזאָפּ'ס אַ פאַבעל 1). שילער'ס עסיי, די „שליחות פון משה", איז געווען דער ערשטער הויך פון אַ ראַציאָנעלער רעליגיאָנס־אויפפאַסונג וואָס האָט דעם אינגעל דערגרייכט. דאָס האָט געמאַכט אַ שטאַרקען איינדרוק אויף איהם און צוטרייסעלט זיין גלויבען. ווי נאַאיוו די אָפּהאַנדלונג זאָל זיך נישט פאַרהאַלטען צו דער ביבלישער פאַרשטעלונג, האָט עס אָבער אַרויסגערופען אַ גאַנצע רעוואָלוציע אין דעם יונגען לעזער, ווען ער האָט געזעהן די גרעסטע געשעהעניסען פון זיין פאָלק און זיין געזעצגעבער אָהן וועלכע עס איז נסים פאַרגעשטעלט און דעם פּלאַץ פון זיי האָט פאַרנומען דאָס „שיקזאַל". עטליכע אַנעקדאָטען וועלען אילוסטרירען דאָס

1) שטיינטהאַל: לודוויג בערנע.

ערוואַכען פון'ם קריטישען גייסט אין דעם אינגעל און וועלען ווייזען דעם שפּיעל פון די פאַרשידענע קרעפטען, וואָס האָבען געבילדעט זיין כאַראַקטער. איין מאָל, ווען ער איז געגאַנגען מיט זיין לעהרער אויסער דער געטאָ, און עס האָט זעהר שטאַרק גע־רעגענט און די בלאָטע איז געווען זעהר טיעף, האָט ער געזאָגט: „לאָמיר געהן אויפ'ן זייט־וועג". „ווייסט דו נישט", האָט דער לעהרער געענטפערט, „אַז ס'איז אונז נישט ערלויבט?" דעם איננעלס ענטפער איז געווען: „קיינער זעהט אונז נישט". דער לעהרער האָט איהם דערמאַנט וועגען דער הייליגקייט פון געזעץ. בערנע האָט געענטפערט, „דאָס איז אַ נאַריש געזעץ". דער לעה־רער האָט זיך שוין פון דאַמאָלס געהיט ארויסצורופען אַזאַ ער־ביטערונג אינ'ם קינד. אָבער עס זיינען דאָך געווען פיעל געלע־גענהייטען.

קיין אידען איז נישט געווען ערלויבט בייצואוואוינען וועלכע עס איז עפענטליכע אונטערהאַלטונגען, אַפילו נישט דאָס ארויס־לאָזען פון אַ לופט־באַלאָן. ביי יעדען יום־טוב, ווען עס פלעגען קומען קעניגליכע פּערזענליכקייטען, פלעגט מען די אידען איינ־שליסען אין געטאָ. ביי דער קרוינונג פון קייזער לודוויג דעם צוויי־טען האָבען אַ פּאָר חשוב'ע אידען געוואַגט ארויסצוקומען אין שטאָדט, האָט מען זיי באַלד אַרעסטירט און געבראַכט אויף דער וואַד. די מייסטע האָטעלען און יעדען עפענטליכען פּלאַץ איז אידען געווען פאַרבאָטען צו באַטרעטען. דאָס אַלגעמיינע געזעץ איז געווען: ווי עס איז גרינע גראָז איז קיין אידען ניט ערלויבט צו קומען. זונטאָג זיינען די טויערען פון דער אידען־גאַס פאַר־שלאָסען געוואָרען זיינער 4 נאָכמיטאָג, און די וואַד האָט קיינעם נישט ערלויבט ארויסצוקומען, אויסער די וואָס האָבען געהאַט אַ בריעף צו דער פּאָסט אָדער קויפען מעדיצין אין אַפּטייק. דער קליינער בערנע פלעגט זאָגען: „איך געה נאָר דערפאַר נישט ארויס ווייל דער וואַכמאַן איז שטאַרקער פאַר מיר". צו אָט דעם אינגעל, וואָס האָט פריה ארויסגעוויזען סמנים פון אַ בעל־צדקה, זיינען צוגעקומען צוויי בעטלער, איינער אַ אידישער און איינער אַ קריסטליכער. דאָס גאַנצע געלד האָט ער אָוועקגעגעבען דעם קריסטליכען בעטלער. „פאַרוואָס גיסט דו נישט בעסער איינעם

פון דיין פאָלק ?“ האָט איהם געפרעגט זיין לעהרער — „ווייל אין משלי שלמה שטעהט געשריבען, אז מיר זאָלען אנזאַמלען פייערדיגע קויהלען אויף די קעפּ פון אונזערע שונאים“, איז געווען דעם אינגעל׳ס ענטפער. דער געוויסענהאַפטער לעהרער האָט ניט געוואָלט אננעהמען אזא תירוץ, און האָט איהם געזאגט, אז עס איז א ליגען דער כלל, אז די קריסטען זיינען די שונאים פון די אידען. עס איז לייכט צו פאַרשטעהן, אז אזעלכע איינדריקען פון זיינע קינדערשע יאָהרען, האָבען איהם געמאַכט פיהלען זיין אָפּ־שטאַמונג פיעל שטאַרקער ווי אונטער געוועהנליכע אומשטענדען. ווען ער זאָל געווען וועלען פאַרגעסען די פאַרפאָלגונגען, וואָס ער איז אויסגעשטאַנען אין דער יוגענד, האָבען אבער שפּעטער גע־זאָרגט דערפאַר זיינע פאַרפאָלגער און אויך זיינע פאַרטיידיגער, דערמאַנענדיג איהם שטענדיג זיין אָפּשטאַמונג. איבער דעם שרייבט ער אין איינעם פון זיינע „בריעף פון פאַריז“ (7 פעברואַר, 1832) : „עס איז ווי א וואונדער! טויזענד מאָל איז עס געשעהן. און דאָך בלייבט עס פאַר מיר אייביג ניי. איין קלאַס מענשען וואַרפען מיר פאָר, אז איך בין א איד, אן אנדער קלאַס פאַרגיט עס מיר, א דריטער לויבט מיך אפילו דערפאַר אבער אלע דענקען דערפון. עס איז ווי זיי זאָלען אלע זיין ארומגענומען מיט דעם פאַר׳כשופ׳טען אידען־קרייז, און קיינער קען פון דאָרט נישט ארויס. און איך ווייס אויך גאַנץ גוט פון וואַנען דער בייזער כשוף קומט. די אָרימע דייטשען! וואוינענדיג אין אונטערשטען שטאָק, צו־געדריקט מיט זיבען שטאָק פון העכערע שטאַנדען, דערלייכטערט עס זייער מורא׳דיג געפיהל צו רעדען פון מענשען, וואָס וואוינען נאָך נידעריגער פון זיי, וואָס וואוינען אין קעלער. דער פאַקט, וואָס זיי זיינען ניט קיין אידען, טרייסט זיי אפילו פון דעם, וואָס זיי זיינען ניט קיין הויפראַטען“.

מען קען אבער נישט זאָגען, אז בערנע איז געווען שטאַרק עמפּפינדליך וועגען זיין אידישער אָפּשטאַמונג. כאָטש ער האָט גאַנץ אָפט געשריבען מיט ביטערקייט קעגען דער אונטערדריקונג פון די אומגליקליכע באַוואוינער פון דער געטאָ, האָט ער אבער נישט געקאָנט, ווי פיעלע האָבען פון איהם ערוואַרט, ארבייטען פאַר דער באַפרייאונג פון די אידען מיט מעהר וואַרימקייט ווי

פאַר אַנדערע עהנליכע פראַגען. ער האָט עס געהאַלטען פאַר אייני־זייטיג און עגאָאיסטיש.

נאָך מעהר ווי אין זיין יוגענד, האָט ער שפּעטער געפיהלט אַ ווידערווילען און אַן אַנטיפּאַטיע קעגען די אידען פאַר זייער מסחור און באַנק־געשעפטען אין פראַנקפורט. פאַר איהם, דעם פּאָעט און אידעאַליסט, איז געווען שרעקליך צו הערען ווי אַ פראַנקפורטער סוחר רעדט מיט אַזאַ ליידענשאַפט און באַגייס־טערונג וועגען ראָטשילד אָדער דער עסטרייכישער הלואה „ווי אַ קונסט פריינד וועגען ראַפאַעל'ס מאַלעריי". אין 1822 האָט ער געשריבען: מיין אַנטיפּאַטיע קעגען סוחרים און אידען איז געשטיגען ביז דער העכסטער מדריגה, זינט איך בין אַוועק פון פראַנקפורט און געזעהן וואָס הייסט דאָס לעבען געניסען. בערנע'ן האָט זיכער נישט געפעהלט דאָס פאַרשטענדינס אָבצושאַצען דעם נוצען און די פיינקייט פון גרויסע האַנדעלס־אונטערנעהמונגען. עטליכע יאָהר שפּעטער האָט דער האַמבורגער האַפען און בערזע אין איהם אַרויסגערופען די טיעפסטע באַוואונדערונג. אָבער די פראַנקפורטער סוחרים, און ראָטשילד צווישען זיי, מיט זייערע ספּעקולאַציעס פון רעגירונגס־פּאַפּיערען, האָבען זיך איהם אויס־געוויזען אַלס די איינציגע אורזאַך פון דייטשלאַנד'ס צעריסענ־קייט אַלס אַ טייל פון מעטערניכ'ס סיסטעם. זיינע שריפטען זיינען פול מיט אויסברוכען קעגען „די געהאַנדעלטע דייטשע אי־דען, וואָס זיינען גאַנץ אינטים מיט אַלע מיניסטאַרען און קעניג־ליכע מעטרעסען" און נעהמען זיך דערפאַר גאַנץ וויינינג צום האַר־צען פוילענ'ס פרייהייט. ספּעציעל ראָטשילד איז פאַר איהם דער סימבאָל פון אַלדאָס בייז: „ווען דער איד ראָטשילד זאָל זיין דער קעניג און דאָס גאַנצע מיניסטעריום זאָל באַשטעהן פון מעק־לערס, וואָלט קיין נידערטרעכטיגערע רעגירונג ניט געקענט זיין... ראָטשילד וועט אָבער זיין ביז צום לעצטען טאָג פון די מלכים. וואָס פאַר אַ טאָג פון אַפּצאָהלען! וואָס פאַר אַ בראַך!" זיין ביטערקייט געהט אַזוי ווייט, אַז ווען מען האָט דעם פּאַריזער ראָטשילד פּאַראָרטיילט צו צוויי טעג טורמע, ווייל ער האָט נישט געלאָזט נומערירען זיין קאַרעטע, רופט ער עס אַן אַ שאַנדע פאַר דער אידישע נאַציע. בערנע האָט, נאַטירליך, גאָרנישט קעגען

איהם פערזענליך אָבער ער האָט איהם פיינט געהאַט דערפאַר, וואָס ער איז געווען „דער גרויסער מעקלער ביי יעדער רעגירונגס־הלואה, געבענדיג דאַמיט די גאַנצע מאַכט צו די מלכים, זיי זאָלען קענען באַקעמפען די פרייהייט".

זייענדיג זיכער, נאָך דער יולי־רעוואָלוציע, אַז אַ גרויסע איי־בערקעהרעניש איז גאַנץ נאָהענט, מיינט ער — דורך אגב מיט אומ־רעכט — אַז עס איז זעהר נאַריש פון די אידען צו האַלטען מיט די וואָס האָבען די מאַכט. אָבער ער איז גערעכט, ווען ער זאָגט, אַז די אידען זיינען „נאַרישער פון בהמות" ווען זיי מיינען, אַז די רעגירונגען וועלען זיי באַשיצען ווען עס זאָל אויסברעכען אַ רעוואָלוציע. מיט אַ געזונד־פּאָליטישען בליק זעהט ער, ווי די ערפאַהרונג אין רוסלאַנד האָט עס באַשטעטיגט, אַז די רעגירונג וועט זיי איבערגעבען צו דעם צאָרן פון די פאָלקס־מאַסען כדי זיך אַליין צו באַשיצען 1).

כאָטש ער איז געבוירען אויסער דער קריסטליכער געזעל־שאַפט, קען מען אָבער זעהן, אַז קיין באַזונדער סימפּאַטיע צו די אידען האָט ער נישט געהאַט. די שטרענגע באַהאַנדלונג פון זיין יוגענד, די קאַלטע באַציהונג פון זיינע עלטערען, דאָס צווזעהן פון דעם יאָגען זיך נאָך געלד, דאָס אַלץ האָט געבראַכט דערצו, עס זאָל זיך ביי איהם ענטוויקלען אַ אונבויגזאַמער כאַראַקטער. חניפה און פרעמדער ווילען זיינען איהם געווען פרעמד. אין דער־זעלבער צייט איז זיין כאַראַקטער געווען ריין ווי שנעע, זיין שטרענגקייט האָט געברענט נאָך ליעבע צו גערעכטיגקייט און האָט זיך אויסגעדריקט באַלד אין הומאָריסטישער סאַטירע, באַלד אין אַ ברענענדיגער איראָניע. בערנע דער שריפטשטעלער איז געווען פאַר דייטשלאַנד דאָס, וואָס פּויל לאַוים קאַריער איז געווען פאַר פראַנקרייך — אַ פּאָליטישער טריבון. סאַטיריש, פרייהייטס־ליעבענדיג ווי דער פראַנצויז, מיט ווענינער שאַרפזין אויף דעם

1) ל. בערנע'ס געזאַמעלטע ווערקע. רעקלאַם. באַנד 3. 5. 112. 129. 167. 173. 209. 244. 259. 313.

פאלימישען געבימ, דערפאר אבער מימ מעהר פאנמאזיע, גרע־סערען פאטאס און מימ א פיעל רייכערער נאמור 1).

אין בערנע'ן, דעם שטארקען כאראקטער, איז אויך געווען א גומע נאמור. דער שוואכער, שמענדיג קרענקליכער אינגעל, וואס איז אויפגעוואקסען אין א גאס אהן זון, אהן פרישע לופט, איז אין גרונד געווען א ווייכע נשמה. די גוטסקייט פון זיין נאטור איז אפשר געווארען ביי איהם אנטוויקעלט אזוי פריה דורך דעם לייענען פון זשאן פויל, וועלכער האט געהאט דעם גרעסטען איינפלוס אויף זיין אנשויאונג און זיין סטיל. אלס שריפטשטעלער שטאמט ער אפ פון זשאן פויל, וועלכער איז געווען זיין גרעסטער טרייסט אין זיין יוגענד. פאר איהם איז זשאן פויל געווען דער דיכטער פון די, וואס זיינען געבוירען אין דער נידריגקייט. ער האט איהם ליעב געהאט דערפאר וואס ער האט זיך אנגענומען פאר די ליי־דענדע. ער האט אין איהם געזעהן א כהן פון גערעכטיגקייט און אן אפאסטאל פון רחמנות. בערנע'ס באקאנטע רעדע אויף זשאן פויל'ס טויט, גיט אונז א באגריף ווי באגייסטערט ער איז געווען פון איהם אין זיין יוגענד. אין דערזעלבער צייט ווייזט עס ווי ער האט געזוכט אנגצוגעהמען זיין סטיל. זיין טיעף געפיהל קען מען זעהן אין דער קינסטלערישער אנטיטעזים פון אט די ווערטער: „מיר וועלען טרויערן נאך איהם, ווענען מיר האבען פארלוירען, און נאך די וואס האבען איהם ניט פארלוירען. ווייל ער האט ניט געלעבט פאר אלע. אבער די צייט וועט קומען ווען ער וועט געבוירען ווערען פאר אלע און דאמאלס וועלען אלע טרויערן נאך איהם. ער אבער שטעהט מיט א געדולדיגען שמייכעל ביים טויער פון צוואנציגסטען יאהרהונדערט, ווארטענדיג ביז זיין קרי־כענדיג פאלק וועט איהם נאכקומען. דאמאלס וועט ער אריינ־פיהרען די מידע און די הונגעריגע אין זיין שטאט פון ליעבע". אין פאלגענדע שורות ליגט א זעהר קלוגע כאראקטעריסטיק: „אין לענדער צעהלט מען נאר די שטעדט, אין שטעדט — נאר די טורעמס, די טעמפלען און פאלאצען; אין די הייזער — זייערע הערען; אין די פעלקער — די פארטייען; אין די פארטייען —

1) בראנדעס: די רעאקציע אין פראנקרייך. זיים 292.

זייערע פיהרערס... ער אָבער האָט דורך ענגע פּאַרוואָקסענע סטעזשקעס געזוכט דאָס פּאַרוואַרפענע דערפעל. און דאָרט פלעגט ער אין פאַלק צעהלען די מענשען, אין שטאָדט — די דעכער, און אונטער יעדען דאַך — יעדעס האַרץ". זשאַן פּויל'ס פּאָליטישע שטעלונג, קען זיין, האָט איהם אין אַנהויב אַזוי באַצויבערט. זשאַן פויל איז גאַנץ פריה אריינגעטראָטען אין דער דייטשער ליטעראַ־טור אלס אַ יורש פון העררער'ס קאָסמאָפּאָליטישע געפיהלען און לעהרען. הערדער האָט ליעב געהאַט די מענשען, פּרעדיגענדיג געגען פּאַטריאָטיזם און נאַציאָנאַלען האָס. זשאַן פויל האָט פּראָ־קלאַמירט די פּאַרברידערונג פון אַלע מענשען. אַלע זיינע שריפ־טען זיינען אָנגעהויכט מיט אַ פּאָליטישען ליבעראַליזם, זעהר ענג־ליך צום ליבעראַליזם פון דער דעקלאַראַציע פון מענשליכע רעכט, וועלכע האָט איהם ווי עלעקטריזירט. דורך די איראָנישע באַ־האַנדלונג פון די פירשטען אין די קעניגליכע הויפען. זשאַן פויל באַטראַכט אָפט מאָל אלס גאַנץ נאַהענט די גאָלדענע צייט ווען עס וועט זיין אוממעגליך פאַר גאַנצע נאַציאָנען צו זינדיגען, און די מלחמה־משוגעת וועט איינגאַנצען פאַרשוואונדען. אַמאָל דענקט ער אויך, אז עס וועט נעהמען פיעל לענגער, אָבער דער לעהרער ווי דער שילער זיינען געווען גאַנץ זיכער, אז די שנעלקייט פון דעם, וואָס מען רופט היסטאָרישער פּראָגרעס, וועט מיט זיך מיטברענגען די פּאַרברידערונג פון אַלע מענשען. אָבער נישט נאָר דאָס גרויסאַרטיגע צוקונפטס־בילד איז איהם געפעלען אין זשאַן פויל, נאָר אין אַ גרויסער מאָס אויך זיין אידילישער און סאַטירישער טאַלאַנט. בערנע האָט פון איהם אַדאָפּטירט געוויסע נעמען פון שטעדט (קוהשנאַפּעל, פּלאַקסענפינגען.) און יונגערהייט האָט ער אימיטירט זיין הומאָריסטישען סטיל. פיעלע פון זיינע פּעריאָדישע שריפטען, ווי די קאָמישע „עסקינסטלער ביים האָטעל־טיש", „אַלערהעכסט דיזעלבע, הויף־ און קאָמערציען־ראַטען", „די טורן־ און טאַקסישע פּאָסט", זיינען אין זשאַן פויל'ס סטיל, נאָר בערנע איז מעהר רעאַל אין פאַקטען און אויך אין סביבה.

בערנע אַטאַקירט אויך, אָבלאַכענדיג דעם שטאָאַט, די קירך, די מאַנירען און אָרדנונג. ער קומט אָבער נישט צו זשאַן פויל'ס פעהיגקייט צו זעהן זאַכען און צו זיין טיעפער קענטעניש. דער־

פאַר אַבער אין סטיל איז ער אָפּט מאָל העכער פון זשאַן פּויל. בערנע'ן האָט געפעהלט דער געשמאַק פאַר טיעפערע קונסט און פאָרם, און דערפאַר איז איהם געפעהלען דאָס נישט־קינסטלערישע ביי זשאַן פּויל'ען. ער האָט נישט געפיהלט, אַז אַט דער איבער־פלוס פון בילדער איז געווען צוזאַמענגעשלעפּט, און גאַנץ זעל־טען איז עס אַרויסגעוואַקסען פון דער זאַך, וואָס ער האָט באַהאַנ־דעלט. די אָריענטאַלישע רייכקייט פון די פאַרגלייכונגען און די בלומענשפּראַך האָט ער אָנגענומען פאַר פּאָעזיע, און די שווערע משא פון אַריינגעשטאָפּטע זאַצען זיינען ביי איהם געווען אַ סימן פון נאַטירליכקייט. פאַר איהם איז געטע'ס פּלאַסטישע קונסט געווען קעלט, און זיין אָביעקטיווער סטיל פון די שפּעטערדיגע יאָהרען — אַן עקעל. ער האָט געפיהלט זיין אייגענעם ליידענ־שאַפטליכען א י ך אין דעם לעבעדיגען אומרוהיגען א י ך פון זשאַן פּויל'ס שריפטען.

נישט ווילענדיג האָט ער צוגעפּאַסט זשאַן פּויל'ס סטיל נאָך זיין אייגענער אינדיווידואַליטעט, אַרויסווייזענדיג זיך אין זיינע ערשטע בריעף פון פּאַריז, וואָס ער האָט שפּעטער געוואָלט מאָ־דיפיצירען אָדער אַנטוויקלען, אָבער קיינמאָל נישט ענדערען. אין זיין געדאַנק איז נישט געווען די ווילדקייט און צוואַרפענ־קייט ווי ביי זשאַן פּויל. ער האָט נישט געטראַכט פון צעהן זאַכען מיט אַמאָל, פאַרפּלאָנטענדיג אַלץ אינאיינעם. ניין, ביי איהם זיינען די פאַנטאַזיע, דער פאַרשטאַנד געווען קלאָר און דער אויסדרוק — קורץ. זיין באַקאַנטשאַפט מיט יאָהאַנעס פון מי־לער'ס ווערק האָבען ביי איהם אַנטוויקעלט אַ קורצע קאָנדענזירטע פאָרם. פון זיין האַלב פראַנצויזישער, האַלב אידישער טענדענץ איז אויסגעוואַקסען אַ פאַרשטעלונג פון אַנטיטעזע און קאָנטראַסט. ער האָט ליעב געהאַט די סימעטריע פון געדאַנקען און ווערטער, זיין אינערליך טעמפּאָ איז געווען שנעל, אַלס שריפטשטעלער איז ער געווען קורץ. דערפאַר זיינע קורצע שאַרפע, פאַרביסענע זאַ־צען, אַ פּאָר בילדער, נישט אַזוי פיעל אַז זיי זאָלען זיך איינס אין אַנדערען פאַרלירען אָבער קורץ און טרעפענד. ער האָט זיי נישט אַרויסגענומען, ווי זשאַן פּויל, פון נאַטיצען, נאָר זיי זיינען ביי איהם אַליין אַרויסגעוואַקסען. ער באַנוצט גאַנץ אָפּט פאַר־

גלייכונגען, אָבער קורץ כמעט אַלגעבריש, און זיי מאַכען דאָך דעם איינדרוק פון פאַרגלייכונגען נישט פון לויזע בלומען. זיין גאַנצער אינדיווידועלער כאַראַקטער האָט זיך אַנטוויקעלט אין אייגענטימליך הומאָריסטישען סטיל. בערנע׳ס הומאָר איז נישט געווען אַזוי צוציגען דורך לאַנגע און ברייטע אונטערזוכונגען, ערצעהלונגען און ראָמאַנען ווי זשאַן פויל׳ס. קיינע פון זיינע פּאָליטישע, פּאָעטישע, קריטישע אָדער היסטאָרישע ווערק זיינען נישט לאַנג. ער האָט נישט געקענט שרייבען קיין ביכער, נאָר איינציגע זייטען. ער איז געווען דורך און דורך אַ זשורנאַליסטישער טאַלאַנט 1). און דאָס ווייזט דעם גאַנצען כאַראַקטער פון זיין הומאָר. ער האָט געהאַט דעם שפּילענדיגען וויץ, אָבער אויך דעם סאַרקאַסטישען, וועלכער פלעגט טרעפען ווי אַ שפּיעז און אין דערזעלבער צייט אינדירעקט אָנריהרען דאָס געפיהל.

זיין ביטערקייט, קלאָגען און באַשולדיגען פלעגט זיך ענדיגען אין אַ פאַרגעביגען טאָן פון טרייסט. אין זיין מעלאַנכאָליע מיט אַ שמייכעל און אַ קלוגען איינפאַל, האָט ער זיך דערהויבען איבער צייט און סביבה. עפּעס ענליכעס קאָן מען זאָגען וועגען אַלע גרויסע הומאָריסטען. דאָס אייגענטימליכע אין בערנען (פון שטערנע, פויל און אַנד.) איז, ערשטענס, זיין שטאַרקייט זיך אַנטקעגען צו שטעלען יעדער רעאַקציע. די קלענסטע זאַך פונ׳ם ווירקליכען, ספּעציעל פונ׳ם עפענטליכען לעבען איז געווען גענוג, אַז עס זאָל מאַכען וויברירען זיין יעדען נערוו; צווייטענס האָט זיך אַלעס אָפּגערופען אין זיין גייסטיגען לעבען דורך איין און דיזעלביגע סבה: זיין ליידענשאַפט פאַר פרייהייט, וואָס איז אַרויסגעוואַקסען פון אַ טיעפען געפיהל פון גערעכטיגקייט. איינער פון זיינע קרייטיקער, שטיינטאַל, האָט דאָס זעהר פיין געבראַכט אין צוזאַמענהאַנג מיט זיין מאַנגעל אין קראַפט אַ גרויסע ווערק צו באַשאַפען. ער האָט קיינמאָל ניט געדענקט סיסטעמאַטיש, קיינמאָל ניט פאַרבונדען צוזאַמען די פיעלע איינצעלהייטען, וואָס האָבען איהם באַשעפטיגט,

---

1) „וואָס יעדער פריהמאָרגען האָט געבראַכט, וואָס יעדער טאָג האָט באַלויכטען, וואָס יעדע נאַכט האָט באַדעקט, דאָס האָב איך געהאַט דעם מוט און דעם פאַרלאַנג צו דיסקוטירען“.

און זיך באַנוגענט מיט דער אָפּשאַצונג פון יעדער באַזונדער פּונ׳ם מיטעלפּונקט פון זיין ווערק. זיין הומאָר האָט שטאַרק דערנעהנ־טערט די מיזעראַבלע ווירקליכקייט צו די אידעאַלע פאַרלאַנגען פון זיין אינטעלעקט. ער האָט קיינמאָל בילדליך ניט פאַרגעשטעלט די פאַרשיידענע עלעמענטען פון דער ווירקליכקייט, ער האָט זיי ניט מעהר ווי באַלויכטען.

פון דעם אַלעם וואָס איז דאָ געזאָגט געוואָרען איז שוין לייכט צו באַגרייפען, ווי אומפאַרמיידליך עס איז געווען, אַז בערנע זאָל ניט נאָר האַלטען שילער׳ן העכער פון געטהע׳ן, נאָר זאָל אויך האַל־טען, אַז זשאַן פּאול איז פיעל אריבערגעשטיגען שילער׳ן. און עס איז זעהר כאַראַקטעריסטיש, אַז ער גרייפט אָן שילער׳ן ניט פאַר זיין פּאַטעטישער אומפּאָלקאָמענהייט, נאָר פאַר זיין מאַנגעל אין עטישען אידעאַליזם. מיר זיינען געוועהנט צו טראַכטען, אַז שי־לער׳ן קאָן מען ניט אַנגרייפען אויף אָט דעם פּונקט. אָבער צו בערנע׳ס שטרענגע עטישע פאָדערונגען קומט ער ניט. בערנע׳ס אורטייל אויף דעם כאַראַקטער פון ווילהעלם טעל איז באַזונדערס אינטערעסאַנט. פאַר איהם איז ווילהעלם טעל ניט מעהר ווי אַ פיליסטער, — אַ גוטער בירגער, פאָטער, מאַן און מענש, וואָס איז אין נאַטור אַ נאָכגעבינער. ער איז ניט געקומען צו דער „רוטלי", דעם פּלאַץ וואו די אויסערוועהלטע פּלעגען זיך צוזאַמענ־קומען און נעהמען אויף זיך די שבועה; ער האָט ניט געהאַט דעם מוט פון אַ קאָנספּיראַטאָר. זיינע ווערטער: „דער שטאַרקסטער אם שטאַרקסטען אליין", איז פאַר בערנע׳ן די פילאָזאָפיע פון שוואַכ־קייט: אַ מענש וואָס האָט נאָר קרעפטען זיך אַליין צו באַהערשען, איז אַם שטאַרקסטען אַליין. אָבער דער וואָס האָט נאָר כח, וועט אויך קענען, נאָכדעם ווי ער האָט זיך שוין אַליין באַהערשט, אויך אַנדערע באַהערשען. דער קריטיקער רעווידירט טעל׳ס האַנד־לונג פּונקט ביי פּונקט. טעל נעהמט ניט אַראָפּ דעם הוט פאַר דעם שטאַנג, אָבער דאָס איז ניט די ווידערשפּעניגקייט פון דעם פרייהייטס־ליבענדען; עס איז ניט מעהר ווי דער שטאָלץ פון דעם פיליסטער, אַ געמיש פון עהרע און שרעק; ער געהט פאַרביי דעם שטאַנג מיט אַראָפּגעלאָזענע אויגען, אום ער זאָל קאָנען זאָגען, אַז ער האָט איהם ניט געזעהן. און ווען געסלער פאָדערט ביי איהם

דין וחשבון, איז ער אונטערטעניג — אַזוי אונטערטעניג, אַז מיר שעמען זיך מיט איהם; ער זאָגט, אַז ער האָט עס צופעליג אויסגע־מידען, אָבער עס וועט שוין מעהר ניט פּאַסירען.

דעם באַריהמטען אינצידענט מיט'ן עפּעל, קאָן בערנע אפילו ניט פאַרליידען. אַ פאָטער מעג טאָן יעדע זאַך צו ראַטעווען זיין קינד'ס לעבען. פאַרוואָס האָט טעל ניט געשאָסען דעם טיראַן, אַנ־שטאָט בעטען זיך ווי אַ פּרוי: „ליעבער הערר! ליעבער הערר!“? מען דאַרף איהם דערפאַר אויספּאַטשען. און ווען דער גובערנאַ־טאָר — ווען זיי זיינען געווען אין שטורם אויפ'ן טייך — האָט זיך איהם פאַרטרויט ווי אַ פיינט פאַרטרויט זיך צו אַ פיינט, איז עס ניט געווען קיין פאַררעט און אַ שקלאַפישער שפּיצעל פון טעל'ס זייט, אַליין אַרויפצושפּרינגען אויפ'ן ברעג, אָפּשטופּען די שיף און איבערלאָזען איהם אין שטורם אויף גאָט'ס באַראָט? בערנע פיהלט זיך שטאַרק אַנגעגריפען פון דער רעדע: „איך אָבער האָב געזאָגט, איך וועל מיט גאָט'ס הילף וואַגען און אונז אַרויסהעלפען פון דאַנען. אַזוי אַרום בין איך פריי געוואָרען פון מיין באַנדע, געשטאַנען ביים רודער און זיכער ווייטער געפאַהרען“. (פּראָזאַ — דער איב.)

„ווי“, שרייט אויס דער קריטיקער, „קאָנען מיר ערקלערען אַזאַ יעזואיטסטוואָ ביי אַזאַ פּשוט'ן מענשען? עס איז אומפאַר־שטענדליך פאַר מיר, ווי אימיצער קאָן האַלטען טעל'ס שפּעטערדיגע האַנדלונג פאַר מאָראַליש — און נאָך ווינציגער איז זי שעהן. ער ליגט זיך זיכער באַהאַלטען און טויטעט זיין פיינט, ווען יענער האָט אפילו ניט קיין אַהנונג וועגען זיין געפאַהר“.

קיינער קאָן זיך ניט פאַרוואונדערען, וואָס ביי אַ מענשען, אין וועמעס גייסטיגען אָרגאַניזם דער זין פון יושר איז אַזוי שטאַרק, אַזוי טיעף אַנטוויקעלט, אַז ער האָט כמעט פאַרנומען דעם פּלאַץ פון זיין עסטעטישען חוש, זאָל קאָנען בעסער אָפּשעצען געטע'ן, וועמעס טריב צו גערעכטיגקייט איז אָהן צווייפעל געווען נאָך ווינ־ציגער אַנטוויקעלט.

אין 1802, נאָכדעם ווי ער איז אַ יאָהר אָדער צוויי געווען ביי אַ פּראָפעסאָר אין גייסען, איז דער יונגער בערנע אַוועקגעשיקט געוואָרען אין בערלין. זיין פאָטער איז געווען געצוואונגען נאָכ־

צוגעבען זיין פאַרלאַנג צו שטודירען, טראָץ דעם וואָס צוליעב זיין רעליגיע וואָלט ער נאָר געקאָנט ווערען אַ דאָקטאָר, אַ פּראָפעסיע, צו וועלכער דער יונגער בערנע האָט נאָך ביז איצט ניט אַרויסגע־וויזען דעם קלענסטען פאַרלאַנג. ער האָט געוואוינט ביי דעם באַ־ריהמטען דאָקטאָר און קאָנטיאַנער, מאַרקוס הערץ, וועמעס עפענט־ליכע פאָרטראָגען וועגען פילאָזאָפיע פלעגען פיעל באַזוכט ווערען פון איינפלוסרייכע צוהערער, און דורכדעם איז ער געוואָרען אַ פּראָפעסאָר פון פילאָזאָפיע נאָך איידער בערלין האָט געהאַט אַן אוניווערזיטעט.

הערץ איז געווען אַ באַריהמטער דאָקטאָר, אַ קלאָרער דענקער און אַ גוטער אָראַטאָר, לעסינג׳ס אַ פריינד, און האָט זיינע פּאָעזיע געשעצט אַזוי גוט ווי זיינע קריטישע אַרבייטען. דערפאַר איז דער מיסטיציזם פון דער ראָמאַנטישער שולע, ספּעציעל האַרדענבערג׳ס געווען פאַר איהם באַדייטונגסלאָז און דערווידער. אַזוי ווי ער איז געשטאָרבען אין 1803, איז זיין איינפלוס אויף דעם יונגען בערנע׳ס ענטוויקלונג ניט געווען קיין באַדייטענדע. שטאַרקער אָבער איז געווען דער איינדרוק וואָס הערץ׳ס באַריהמטע פרוי, הענריעטאַ, האָט געמאַכט אויף איהם. זי איז געווען זיעבצעהן יאָהר אינגער פון איהר מאַן. מען האָט זי פאַר׳שרכנ׳ט, ניט אָנפרעגענדיג זיך ביי איהר, ווען זי איז אַלט געווען צוועלף יאָהר. זי איז געווען וואונ־דערליך שעהן, האָט געקאָנט פיעלע שפּראַכען. פאַרעהרט פון אַ גרויסע צאָהל וויסענשאַפטס־מענער און שרייבער פון איהר צייט, האָט זי איהר הויז געמאַכט פאַר דעם באַריהמטסטען צענטער אין בערלין. זי איז אַלט געווען אכט און דרייסיג יאָהר און בערנע זעכצעהן, אָבער דאָס האָט, נאַטירליך, איהם ניט אָפּגעהאַלטען פון שטאַרק אָבער האָפנונגסלאָז זיך צו פאַרליבען אין דער שעהנסטער און באַריהמטסטער פרוי וואָס ער האָט ווען געטראָפען.

די צוויבערליכע הענריעטאַ איז, אין איהר אויסערליכען אויס־זעהן, ווי אויך אין כאַראַקטער, געווען אַ שאַרפער קאָנטראַסט צו איהר קליינעם, קלוגען און מיאוס׳ן מאַן. זי איז געווען אַן אויסער־געוועהנליכע שעהנהייט, הויך און שלאַנק, ווי די קעניגין לואיזע, מיט אַ קליינעם קאָפּ, ווי מיר זעהען אויף די גריכישע סטאַטוען. מען האָט זי גערופען „די טראַגישע מוזע“, אָדער די „שעהנע טשער־

קעסין". עס האָבען זי פאַרעהרט אַזעלכע מענער ווי ווילהעלם פאָן הומבאָלדט, מיראַבאָ, שלייערמאַכער, און נאָך איהר מאַנ׳ס טויט איז זי געווען ארומגערינגעלט פון אַ גאַנצער גרופּע הויך־געשטעלטע מענער. אַלע האָבען זיך אומזיסט גע׳שרכנ׳ענט צו דער שעהנער אַלמנה. זי האָט אַלעמען אַנטזאָגט, טראָץ איהר אָרעמקייט. אָפּ־געזאָגט אַפילו דעם רייכסטען אַרעליגען אין אייראָפּאַ, און איז געוואָרען די גובערנאַנטקע פון דער צוקונפטיגער קעניגין פון רוס־לאַנד. זי איז געווען פּונקט אַזוי שטרענג טוגענדהאַפט, ווי פאַר־שכור׳ענד שעהן. זי איז געווען אינטים מיט מעהר ווי איין מאָן, אָבער ניט מעהר ווי אין די ראַמען פון פריינדשאַפט.

אין איהר קרייז פלעגט מען אונטערשיידען צווישען ערלויבטע קאָקעטעריי, וואָס איז באַצוועקט דעם גאַנצען מאָן צו געווינען און אונערלויבטע, וואָס באַצוועקט בלויז צו געווינען איהם זינליך. זי אַליין האָט געהערט צו יענעם געפעהרליכען סאָרט פון טוגענד־האַפטע קאָקעטקעס. אַליין אַ טעמפּעראַמענטלאָזע, אָבער שטאַרק גענייגט צו סענטימענטאַליטעט, גרינדעט זי אין איהר אינ־גערע יאָהרען אַ „טוגענדבונד" אין וועלכען ווילהעלם פאָן הומ־באָלדט שפּיעלט די הויפּט־ראָליע, און צו וועלכען יונג און אַלט, באַוואוסטע און אומבאַקאַנטע מענער געהערען. זיי האָבען זיך אַלע גערוצט, פלעגען שרייבען איינע צו די אַנדערע לאַנגע בריעף אין פרעמדע שפּראַכען, זיך גאַנץ אָפט באַנוצען מיט׳ן גריכישען אָדער העברעאישען אַלפאַבעט, פלעגען זיך איינע די אַנדערע שענקען רינגען און סילועטען און האָבען באַצוועקט איינע די אַנדערע „עטיש צו אַנטוויקלען", געוואָלט „זיין גליקליך אין דער זעלבסט־אויפּאָפּ־פערונג". (זייענדיג פריי פון פליכטען, ווייל „זעלבסט־אויפּאָפּ־פערונג וויים ניט פון קיין פליכטען".) האָבען איגנאָרירט די אָנ־גענומענע יסודות פון דער קאָנווענציאָנעלער אַנשטענדיגקייט — אָבער אייביג אומבאַפלעקט און עהרענהאַפט. רחל פלעגט לאַכען פון זיי און האָט זיך ניט געוואָלט אַנשליסען אָן דעם בונד.

די בריעף, וואָס די מיטגליעדער פונ׳ם בונד פלעגען זיך איינע די אַנדערע שיקען, זיינען געווען שטאַרק עהנליך צו די בריעף וואָס זיינען אַביסעל שפּעטער געשיקט געוואָרען אין דענע־מאַרק צווישען קאַממאַ ראַהבעק און מילבאָך. זיי פלעגען זיך

פּאַרטיפּען אין די איינגענע געפיהלען, אַבער אויך אין אַ שטאַר־קען זעלבסט־אַנאַליז. און אויף אַזאַ אופן פלעגען זיי, נאַטירליך, אוועקרויבען פון זייערע געפיהלען די גאַנצע פרישקייט. פריינט פון ביידע געשלעכטער פלעגען זיך איינע די אנדערע ערקלערען אין אומענדליכע בריעף מיט געשריבענע טרערען, ווי שטאַרק נייטיג זיי זיינען און ווי זיי אנטוויקלען זיך איינע די אַנדערע. זיי פלעגען זיך אויסטאַן נאַקעט און באַטראַכטען איינע די אַנדערע אין אַט דעם נאַקעטען צושטאַנד. זיי פלעגען זיך ניט צוזאַמענקומען צוליעב געגענזייטיגע נוצען, נאָר זיי פלעגען זיך אויסשפּינען, זיי פלעגען דאָס טיעף־מענשליכע אין זיך צודריקען און דער רעזולטאַט איז געווען אַ וואַסערדיגקייט, — טרעהרען, האַרצענס־בלוט, און דאָס גלייכען, — דאָס פלעגען זיי אַריינגיסען אין אַן עהנליכען מענשען צו זיך און אַליין פלעגען זיי ניט ווערען אינטערעסאַנטער אָדער אָריגינעלער פון אַט אַזאַ האַנדלונג.

די שעהנע און נאָבעלע הענריעטאַ אַליין איז געווען ניט אַזוי אַן אָריגינעלע פּערזענליכקייט, ווי דאָס וואָס די דייטשען רופען אַן „אַמפּידערין“. פון די אַלע אינטערעסאַנטע מענשען, מיט וועלכע זי פלעגט זיך צוזאַמענקומען, האָט זי זעלטען מעהר אַסימילירט ווי דאָס אויבערפלעכליכע וואָס זי פלעגט זעהן אין אַן אויבערפלעכליכער באַקאַנטשאַפט מיט זייערע געוואוינהייטען. ווענען וואָס מען פלעגט אַ סך רעדען אין בערלין, איז געווען די צערטליכע פריינדשאַפט צווישען איהר און שלייערמאַכער, אַבער קיינמאָל מיט קיין בייזע אַנצוהערענישען. דער קאָנטראַסט איז געווען אַ צו שאַרפער צווישען דער „טראַגישער מוזע“ און דעם קליינעם שלייערמאַכער, וועמעס אויסערגעוועהנליכער קאָפּ איז געזעסען אויף אַ שוואַכען און דעפאָרמירטען קערפּער. מענשען האָבען גוטמוטיג געשמייכעלט ווען זיי פלעגען זעהן דעם קליינעם גלח אַרויסקומענדיג אין אָבענד, מיט אַ לאַמטערן צוגעבונדען צו אַ קנעפּעל פון זיין ראָק, פון דער שעהנער הענריעטאַ׳ס הויז. אַבער בייטאָג, ווען זיי פלעגען איהם זעהן הענגענדיג אויפ׳ן אָרעם פון דער מאַיעסטעטישער מעלפּאַמין. אין איינער פון די צייטשריפטען איז ערשינען אַ קאַריקאַטור, וואו זי איז פאַרגעשטעלט געוואָרען טראָגענדיג איהם — דעם בריליאַנט, ווי מען האָט איהם גערופען — ווי אַ זאַנטיק אין איהר האַנט.

ווען אפילו דער יונגער בערנע וואָלט געווען דער שעהנער יונג מיט די ראָזע באַקען, וואָס ער איז ניט געווען, וואָלט ער אויך וואַרשיינליך קיין איינדרוק ניט געמאַכט אויף דער שטאָלצער גע־צערטעלטער אדאָפּטירטער מוטער. פון אָנפאַנג האָט זי אפילו ניט פאַרשטאַנען וואָס איז מיט אָט דעם יונגען מאַן, וועמעס ליידענשאַפט — ווי ער האָט דאָס אַליין באַשריבען — איז געווען די פאַרעהרונג פון אַ שול־אינגעל, אַ פאַרעהרונג וואָס אינגלער אין די יאָהרען פיהלען געוועהנליך, פון איבערטריבענע אידעען פון דער פרוי׳ס פאָלקאָמענהייט. איין אָדער צוויי מאָל האָט ער געמאַכט אַ פּאַרזוך — דורך די דינערשאַפט — צו באַקומען אַרסעניק אין אַפּטייק. ווען הענריעטא האָט זיך דערפון דערוואוסט, האָט זי גלייך פאַרשטאַנען די לאַגע, און זי האָט געטאָן וואָס עס איז נאָר געווען אין איהר מעגליכקייט, דורך אַ געמיש פון מיטגעפיהל און שטרענגקייט, איהם צו ברענגען צום קלאָהרען פאַרשטאַנד.

אַז זי איז ניט געווען אינגאַנצען אונעמפּינדליך צו זיין פאַר־עהרונג, אָדער אַז זי איז ניט געווען אינגאַנצען פריי פון קאָקעטעריי, וואָס אין דעם פאַל איז עס געווען אונטער דער מאַסקע פון מוטער־ליכקייט, קאָן מען זעהן פון פאָלגענדען אינצידענט: בערנע האָט זי געהאַלטען פאַר אַ יאָהר אַכט־און־צוואַנציג—דרייסיג, אָבער איינ־מאָל, דעצעמבער דעם דריטען, 1802, האָט זי איהם געזאָגט, אַז זי איז פיער און דרייסיג, און דעם זעלבען אָבענט האָט זי צוגערעכענט נאָך צוויי יאָהר, אָבער זי האָט קיינמאָל ניט צוגעגעבען, אַז זי איז נאָך עלטער; אין מאַרטש דעם 5טען, 1803, האָט בערנע נאָך אַלץ געמיינט, אַז דאָס זיינען איהרע ריכטיגע יאָהרען. אַזוי האָט די צוויבערליכע „פרוי מוטער“, ווי זי האָט איהם ערלויבט זי צו רופען, זיך נאָך אַלץ געמאַכט צוויי יאָהר יונגער. ער איז נאָך, נאַטירליך, אַלץ געווען פאַרליעבט אין איהר, ער האָט זי נאָך פאַר־עהרט, געליטען, פאַרצווייפעלט געוואָרען צוליעב איהר גלייכגיל־טיגקייט צו איהם. און ווען זי האָט געשמייכעלט אָדער געזאָגט אַ פריינדליכען וואָרט צו איהם, איז ער געווען דער גליקליכסטער מענש. ער האָט אַרויסגעוויזען מיסטרויען צו איהר, איז געווען ביטער, קאַפּריזנע, ביז מען האָט איינגעזעהן, אַז מען מוז איהם אַוועקשיקען.

ער איז געפאהרען אין האַללע, פאַרטצוזעצען זיין שטודיום. איידער ער איז אוועקגעפאהרען, האָט ער איהר געגעבען דעם טאָג־בוך, וואו ער האָט פארשריבען זיינע איבערלעבונגען — ווי עס זעהט אויס, האָט זי איהם געראַטען, ער זאָל פארשרייבען זיינע ליידען אויפ׳ן פּאַפּיער — אין אַ צאָהל ליידענשאַפטליכע בריעף געשריבען צו איהר. פון האַללע פלעגט ער איהר נאָך אַלץ שרייבען מיט אַן אומפארשטענדליכער איבערגעבענקייט און ליידענשאַפט־ליכער בענקשאַפט, אָבער אין איהר אַפּוועזענהייט איז ער אויף אַזוי פיעל צו זיך געקומען, אַז ער זאָל שוין ניט דארפען איביג זיין פּאַרטיעפט אין זיינע אייגענע איבערלעבונגען. אין גיכען האָ־בען מיר פון איהם בריעף איבערלעגטע און אונטערהאַלטענדע מיט קריטיק אויף זיין אומגעבונג, פול מיט זעלבסטווירדע און זעלבסט־קריטיק. אין די בריעף באַמערקען מיר שוין די כאַראַקטעריסטישע קאָמבינאַציע פון זיין ענטוזיאַזם פאַר אידעען, זיין אַראָפּרייסען דאָס שקלאַפּישע און זיין שאַרפע סאַטירע. די בריעף מאַכען פאַר אונז קלאָר בערנע׳ס אמת׳ע נאַטור — אַ נאַטור וואָר פאַרהאַסט אויטאָריטעטען, אַ נשמה וואָס ליידט אונטער אַ שוואַכען קער־פּער, ליידט פון דעם אינערליכען קאָנפליקט, וואָס ווערט באַשאַ־פען ביי איינעם וואָס האָט קוראַזש און עס פעהלט איהם כח, ליעבע, וואָס טרעפט ניט אַן קיין געגען־געפיהל, און אומערקלער־ליכע בענקעניש צו גרויסע טאַטען אָהן אַ באַשטימטען ציעל. דאָ און דאָרט טרעפען מיר ביי איהם אַ דראַנג, ווי ער וואָלט שטאַרקע כחות אין זיך דערשפּירט, די פאַרשטעלונג פון צוקינפטי־גער ערנידערונג רופט ביי איהם ארויס אַ פייערליכען פּלאַן פאַר נקמה: פון די — ווי ער ווייס שוין — וועלען איהם שפּעטער אויפ־וואַרפען זיין אַפּשטאַמונג, און וועלען איהם מאַטערען, רופענדיג איהם פייגלינג, ווייל ער קאָן זיך ניט פאַרטיידיגען 1). עס איז קלאָר,

1) בריעף פון דעם יונגען בערנע צו הענריעטאַ הערץ: זעה 164-167. אַ, ווען איך טראַכט דערפון, אַ שטורם קאָכט אין מיר, די נשמה רייסט זיך פון מיר, ווייל אַריינגעהן אין דעם קערפּער פון אַ לייב און זיך אַ וואַרף טאָן אויף אַט די פּרעכע, מיט די לאַפּעס און ציינער.

אַז דורך דער צייט וואָס דער יונגער בערנע איז געווען אין בערלין, איז ביי איהם ניט נאָר רייף געוואָרען זיין געפּיהלס־לעבען, נאָר אויך זיין אינטעלעקטועלער לעבען איז סטימולירט געוואָרען פון זיין זיין אין שטענדיגער באַריהרונג אין דעם הויז פון מאַרקוס און העגריעטאַ הערץ מיט די באַדייטענדסטע מענשען פון זיין צייט.

בערנע האָט געשטודירט אין האַללע, ווען די שלאַכט ביי יענאַ איז געקעמפט געוואָרען. גלייך נאָכדעם האָט נאַפּאָלעאָן פאַרמאַכט די אוניווערזיטעט און בערנע איז אָוועקגעפאָהרען שטודירען אין היידעלבערג, פול מיט פּאַטריאָטישער ביטערקייט קעגען פראַנקרייך. ער האָט דאָ אויפגעשריבען אַ פּאַמפלעט, וועלכען די צענזור האָט ניט דורכגעלאָזען.

ווען, צוליעב נאַפּאָלעאָנ׳ס טריאומפירענדען מאַרש, זיינען די סטודענטען אויסגעשלאָסען געוואָרען פון אוניווערזיטעט אין האַללע, איז איבער אַן אַנדער סבה געווען אַ פּאָלשטענדיגע איבערקערעניש אינ׳ם פּאָליטישען צושטאַנד פון בערנע׳ס געבורטשטאָדט. אין 1806 האָט דאַלבורג, אַלס דער „פּרינץ־פּרימאַס" פון דער ניי־געפאָרמטער רהיינישער קאָנפעדעראַציע, איינגענומען פראַנקפורט. איינע פון זיינע ערשטע אַרבייטען איז געווען, צו פאַרבעסערען די לאַגע פון די אידען. אין 1810 האָט נאַפּאָלעאָן אַרויסגעלאָזען אַ פאַראָרדנונג, אַז מען זאָל אַראָפּנעהמען אַלע שווערי־קייטען, וואָס זיינען ביז דאַן געלעגען אויף די אידען און די שקלאַפען. אין 1811 האָט די אידישע קהלה אין פראַנקפּורט באַקומען פּאָלשטענדיגע בירגערליכע רעכט, באַצאָהלענדיג די סומע פון 440,000 גולדען. די ערשטע זאַך, וואָס בערנע האָט געטאָן איז געווען, אָוועקצו־וואַרפען זיין שטודיום פון מעדיצין, וועלכע ער האָט ניט שטאַרק ליעב געהאַט און זיך נעמען צו פּאָליטישער עקאָנאָמיע און יוריספּרודענץ, וואָס עפענט דעם וועג צו אַ רעגירונגס־שטעלע. אין 1818 איז ער געוואָרען דאָקטאָר פילאָזאָפיע.

זיין פאָטער, זייענדיג שטאַרק אומצופרידען מיט אָט דעם ניט־רעגעלמעסיגען שטודירען און אויך דערמיט, וואָס ער פלעגט פון צייט צו צייט דאַרפען באַצאָהלען קליינע חובות, איז איצט נאָך מעהר אין כעס געווען, פאַר וואָס ער האָט אויפגעגעבען זיין שטודיום אין מעדיצין. ער האָט געפאָדערט פון זיין זוהן, ער זאָל

זיך אַליין ערנעהרען און ער האָט געקראָגען פאַר איהם אַ שטעלע ביי דער פראַנקפורטער פּאָליציי, אַ שטעלע, וואָס איז אין קאָמישען נעגענזאַץ צו דער שטעלונג, וואָס ער האָט שפּעטער גענומען אַלס שרייבער.

ער איז געוואָרען אַן „אַקטואַר", געזעסען אין דער אַלטער, פינסטערער, גראָמער געביידע, פלעגט איבערקוקען פּאַספּאָרטען, ימים־טובים פלעגט ער אַנטאָן אַ מונדיר און אַ שווערד — די קליידער פון שטאָטליכער אויטאָריטעט.

אין דער צייט האָט ער אָבער שוין אויך דעבוטירט אַלס אַ שרייבער. ער האָט מיטגעאַרבייט אין אַ פראַנקפורטער טעגליכער צייטונג, געשריבען אַרטיקלען, פול מיט אַלט־דייטשער מליצה, באַ־קעמפּפענדיג דעם מעכטיגען קאָרסיקאַנער מיט ענטוזיאַסטישען פּאַ־טריאָטיזם. ער פלעגט שרייבען אויפרופען צו דער דייטשער יוגענד. די אַרטיקלען זיינען געווען בלינד־ליידענשאַפטליכע, באַהעשרט פון אַ לאָיאַלער איבערגעבענהייט צו די הערשער פון דייטשלאַנד, און ער איז פול מיט האָפנונג, אַז זיי וועלען געווינען „דעם באַפריי־אונגס־קריעג".

ער האָט געוויס ניט געוואוסט, אַז ער אַליין וועט זיין דער ער־שטער קרבן פון דעם זיעג. קוים זיינען נאָר די אַליאַנץ־מאָנאַרכען אין יאָהר 1813 אַריינגעדרונגען אין פראַנקפורט, האָט זיך געענדיגט פירסט דאַלבערג׳ס זיבען־יאָהריגע הערשאַפט. דאָס גרויס־הערצאָג־טום פראַנקפורט איז אָפּגעווישט געוואָרען אַלס אַ באַזונדערע שטאָדט און די אַלטע קאָנסטיטוציע איז ווידער אַריין אין מאַכט. די בירגערשאַפט, וואָס די אידען האָבען באַקומען פאַר אַזאַ טייערען פּרייז, האָט מען איצט צוגענומען פון זיי. פאַרשטעהט זיך, אַז דאָס געלט האָט מען זיי צוריק ניט געגעבען. „עס האָט אויסגעזעהן", שרייבט קאַרל גוטסקאָוו, „ווי די קוריערס, וואָס זיינען געפלוי־גען צווישען וויען, וואו דער פרידענס־קאָנגרעס איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען, און די אַנדערע דייטשע שטאַאַטען, וואו רעאַקציאָנערע קאָנגרעסען זיינען אָפּגעהאַלטען געוואָרען, וואָלטען אויפגעריסען די מיט בלוט דורכגעזאַפּטע ערד און אַלטע פּריווילעגיעס".

„אָבער זאָלען מיר ניט פאַרשווענדען אונזערע כחות, אַ. מענ־ליכע יוגענד, זאָלען מיר אומאַרמען די פרייד פון דער הייליגער

היירּאַט, זי וועט אפשר פּרובּבערן און ווערען אונשטערבליך... עס פּאַסט אונז ניט אַריינצודרינגען אין דעם ראַט פון די פירסטען, זיי זיינען בעסער פאַר אונז".

מיט דעם פאַלען פון דער פראַנצויזישער מאַכט האָט בּערנע פאַרלאָרען זיין שטעלע, און זיינע ברידער, די אידען — דאָס ביסעל מענשליכע רעכט, וואָס זיי האָבען געהאַט. ער איז געווען יונג גענוג צו זיין ענטשידען קעגען יעדער פּרעמדער־הערשאַפט.

עס איז קיין וואונדער ניט, וואָס געטע'ס גלייכגילטיגקייט צו דעם און אַלע אַנדערע רעאַקציאָנערע טאַטען, האָבען פאַרשטאַרקט אין איהם דעם האַס קעגען אַ מענשען, וועמ'עס גרויסקייט ער קאָן ניט באַגרייפען. אין זיין נאָטיץ ווענען בעטינאַ'ס בוך: „געטע'ס קאָרעספּאָנדענץ מיט אַ קינד", — פיליירכט די פאַלשסטע קריטיק, וואָס ער האָט ווען־עס־איז אָנגעשריבען — זאָגט ער: „פאַרוואָס איז געטע, דער גרעסטער צווישען דיכטער, דער קלענסטער צווי־שען מענשען? ווער האָט אַריינגעפלאָכטען האָפען און פּעטרושקע אין זיין לאָרבער־קראַנץ? ווער האָט אָנגעטאָן אַ נאַכט־מיצעל אויף זיין גייסטרייכען שטערן? וואָס מאַכט איהם פאַר אַ שקלאַף צו אומשטענדען, פאַר אַ שקלאַפישען פיליסטער, אַ ביליגען פּראָ־ווינציאַל? ער איז געווען אַ פּראָטעסטאַנט און זיין פאַמיליע איז איינע פון די אָנגעזעהענסטע אין פראַנקפורט; פון איהר קליינ־מען סענאַטאָרען. צו זעכציג יאָהר, ווען ער איז געווען אויף דעם שפּיץ פון באַריהמטקייט, האָבען איהם וואָלקענס אָפּגעטיילט פון דער פּראָסטער ליידענשאַפט פון די טאָל־איינוואוינער. ער פלעגט אויפגערעגט ווערען, ווען ער פלעגט הערען ווי די פראַנקפורטער אידען פאָדערען זייערע רעכט ווי בירגער, און מיט שוים אויף די ליפּען פלעגט ער רעדען ווענען אָט די „הומאַנע פלאַפּלער", וואָס האָבען זיי געהאָלפען זיי דאָס צו פאָדערען".

אמווינציגסטענס האָט בּערנע געקאָנט פאַרגעבען געטע'ן זיין באַציהונג צו די גרויסע מענשען פון דער וועלט.

ער האָט ניט געוואוסט פון דעם פאַקט, אַז אין דער צייט וואָס געטע האָט געשריבען, ד. ה., מיט אַ דור פריהער, האָבען די דיכטער ניט געלעבט פון זייער שרייבען, נאָר פון דער ווידמונג. פּאָעטען פלעגען מוזען זוכען די טובות פון דער אַריסטאָקראַטיע,

זיי פלעגן זיין לעהרער פון יונגע אדעליגע, אדער זיי פלעגן באַ־
גלייטען די יונגע פרינצען אויף זייערע בילדונגס־טורען. וויילאַנד
פלעגט קריגען געלט פאַר זיין ווידמונג. שילער האט מיט פאַרגע־
ניגען אָנגענומען די הילף, וואָס דער הערצאָג פון אַגאַסטענבערג
האט פאַר איהם באַקומען פון דענעמאַרק. צום סוף פון אַכצעהנ־
טען יאַהרהונדערט האבען מלכים, פרינצען און אַנדערע אדעליגע
גענומען אַן אמת שטאַרקען אינטערעס אין דער פילאָזאָפיע און
פּאָעזיע, אין אַלע נייע אמת׳ען און אין דער שעהנקייט: זיי פלעגען
זוכען די באַקאַנטשאַפט פון שרייבער און זיך חבר׳ן מיט זיי ווי
מיט זייער גלייכען. מיט דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע האט די
ליבענסווערטע באַציהונג אויפגעהערט. אָבער געטע׳ס לאַגע איז
נאָך באַשטימט געוואָרען פון פאַר דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע.

בערנע פלעגט זיך פאַלשמעכדיג פאַרבלענדען, קוקענדיג אויף די
אויסדרוקען פון געטע׳ס פאַרעהרונג פאַר די אדעליגע. ערגעץ וואו
ביי איהם איז דאָ דער אויסצוג פון געטע׳ס טאָג־בוך: „און נאָך
דעם האָב איך געהאַט דאָס גרויס גליק באַעהרט צו ווערען פון זיין
קייזערליכער הויכקייט, דעם גרויספירסט ניקאָלאַי און זיין פרוי
אין מיין אייגענעם הויז און גאָרטען. די גרויספירסטין האט מיר
געפעליגסט ערלויבט אריינצושרייבען אַ פאָר שורות פּאָעזיע אין
איהר וואונדערבאַרען עלעגאַנטען אַלבום״. בערנע זאָגט: „דאָס
האט ער געשריבען אין זיין איין־און־זיבעציגסטען יאָהר, וואָס פאַר
אַ יוגענטליכע קראַפט!״ וואָס עלטער בערנע ווערט, וואָס מעהר
ער אַנטוויקעלט זיך מיט זיין אייגענעם באַוואוסטזייניגען ווילען אין
דער פאַרקערפערונג פון פּאָליטישע איבערצייגונגען, ווי אַ מענש,
וועמעס געפיהלען, טאַלאַנט און שאַרפזין איז באַהערשט פון זיין
פּאָליטישער איבערצייגונג, פאַר וועמען עס איז געוואָרען אַ רעליגיע,
מיט אַלע אויסערליכע אויסדרוקען פון רעליגיע, גלויבען, פאַרגע־
טערונג, פאַנאַטיזם — אַלץ מעהר אומווירדיג און פאַראַכטענד איז
געטע׳ס ראָלע אַלס אַ בלויזער צושויער פאַר איהם געוועזען. אין אַן
אַנדער פּלאַץ שרייבט ער: „איך האָב געענדיגט געטע׳ס טאָג־בוך,
עס איז ניטאָ קיין טרוקענערע, לעבענסלאָזערע נשמה ווי ער אין
דער גאַנצער ברייטער וועלט. און קיין זאַך קאָן ניט זיין אַזוי קאָ־
מיש, ווי די פשוט׳קייט, מיט וועלכער ער ווייזט אונז זיין אייגענע

טרוקענקייט... און דאָס זיינען די קאָנסולטאַנטען וואָס דאָס דייטשע פאָלק וועהלט אויס! — געטע, וואָס איז נאָך שטילער פון אַ מויז, וואָס וואָלט מיט פאַרגעניגען זיך אָנטזאָגט פון ליכט, לופט, פריי־הייט, אַלצדינג, אַבי מען זאָל איהם נאָר לאָזען ליגען אין לאָך קייענדיג זיין שטיקעל געגנב׳עטע חזיר; און שילער, וואָס איז נאָבעלער, אָבער פונקט אַזוי שוואַך־הערציג, וואָס זוכט באַהאַל־טעניש פון טיראַניי אונטער די וואָלקענס, וואו ער שרייט אומזיסט צו די געמער נאָך הילף! פאַרבלענדעט פון דער זון זעהט שילער ניט מעהר די ערד און פאַרגעסט זיך אַז די מענשען־קינדער, פאַר וועמען ער האָט הילף געזוכט. און דערווייל פאַלט דאָס אומגליקליכע לאַנד, אַהן פיהרער, אַהן היטער, אַהן ראַטגעבער, אונטער דער מאַכט פון די מלכים, און די נאַציע ווערט אַ ביי־וואָרט צווישען נאַציעס".

פון דעם זומער 1818 און ווייטער ערשיינט שוין בערנע, וואָס פלעגט ביז דאַן אויפשרייבען פאַמפלעטען פון צייט צו צייט, ווי אַן אומאָפּהענגיגער זשורנאַליסט, אַרויסגעבער פון „די וואָג", וואו די מעהרסטע אַרטיקלען ווערען געשריבען פון איהם אַליין. ער איז געוועזען דער ערשטער דייטשער זשורנאַליסט, פון אַ העכערער מדרגה, און דער ערשטער וואָס האָט געמאַכט די פּעריאָדישע פּרעסע אין דייטשלאַנד פאַר אַ מאַכט. די אייגענטימער פון די איבערגעבלי־בענע נומערען פון אָט דעם זעלטענעם זשורנאַל, פאַר פּאָליטיק, ווי־סענשאַפט און קונסט, האַלטען דאָס ווי אַ טייערען אוצר. דער ערפאָלג פון דעם זשורנאַל דאַרף צוגעשריבען ווערען דעם אַרויס־געבער, דעם לעבענדיגען סטיל און שאַרפקייט פון די הויפּט־מיט־אַרבייטער, דער באַהאַנדלונג פון פאַרשיידענע פראַגען, פּאָליטיק, לי־טעראַטור און דראַמאַ, און דאָס וואָס ער האָט געהאַט אַזעלכע מיט־אַרבייטער ווי גערעס (איידער ער האָט זיך גע׳שמד׳ט) און ווילעמער, געטע׳ס ראַציאָנאַלען ליבעראַלען פריינד („צולייקאַס" מאַן). וואָס פאַר אַ פראַגע עס איז ניט באַהאַנדעלט געוואָרען, איז דאָס געוועזען פון אַ פּאָליטישען שטאַנדפּונקט. דריי מאָנאַטען פון די פיער יאָהר וואָס בערנע האָט אַרויסגעגעבען „די וואָג" איז ער אויך געוועזען רע־דאַקטאָר פון דער טעגליכער „צייטונג פון דער פרייער שטאָדט פראַנקפורט". אָט די שטעלע האָט ער געמוזט אויפגעבען צוליעב

אומבאַקוועמליכקייטען, וואָס ער האָט געמוזט אויסשטעהן פון צענ־זור. שפּעטער איז ער געווען רעדאַקטאָר פון נאָך אַ טעגליכער צייטונג, „די צייט שווינגען“, אָבער זי איז אונטערדריקט און דער רעדאַקטאָר איז פאַר אַ קורצער צייט אַרעסטירט געוואָרען. בערנע איז געווען צום ערשטען מאָל אין פּאַריז. אין דער צייט ווען ער האָט געשריבען בריעף פאַר קאַטאַס פאַרשיידענע זשור־נאַלען. אין 1822 איז ער ווידער געקומען קיין דייטשלאַנד, וואו אַ לאַנגע און געפעהרליכע קראַנקהייט האָט ביי איהם צוגענומען דאָס לעצטע ביסעל אָפּגעשפּאַרטע געלט וואָס ער האָט געהאַט, און איהם געצוואונגען זיך צו ווענדען צו זיין פאָטער ווענען הילף.

זיין פאָטער איז געווען זעהר אומצופרידען מיט איהם. אַלע אַנדערע קינדער האָבען איהם כבוד פאַרשאַפט, נאָר זיין זוהן, פלעגט ער זאָגען, וועמעס בילדונג עס האָט איהם געקאָסט אַזוי טייער, קאָן זיך אַליין ניט ערנעהרען. צו וואָס טויג די גאַנצע ביל־דונג? ער קאָן גאָרנישט טאָן, אויסער שרייבען אַרטיקלען מיט אַ טענדענץ וואָס איז גאָרניט צופרידענשטעלענד פאַר די מענשען, מיט וועמען ער (זיין פאָטער) האַנדעלט, ווי, למשל, פּרינץ מע־טערניך פון וויען. צו וואָס טויג איהם זיך מאַכען אַזעלכע פיינט? צו אַטאַקירען אַזוי די שטאַרקע? פּאַסט עס פאַר אַ מענשען פון זיין פּאָזיציע אין לעבען? וואָס פאַר אַ שטעלונג אין לעבען וויל ער דאָס האָבען, וואָס ער ערלויבט זיך אַזעלכע פרייהייטען אין שרייבען? איצט וואָלט ער שוין געקאָנט זיין אַ דאָקטאָר מיט אַ גוטער פּראַקטיק, אָדער אַ יוריסט און ראָטשילד׳ס ראַטגעבער, אַנ־שטאָט זיין אַ שרייבערל פאַר זשורנאַלען, אויסגעבענדיג יעדען פעניג, וואָס ער פאַרדיענט פון זיינע שרייבערייען, אויף רייזען, פאַר־מאַכענדיג דערביי פאַר זיך יעדען טויער פון ערפאָלג, דורך זיינע אַטאַקען אויף די, וואָס האָבען די מאַכט.

בערנע׳ס פאָטער האָט גוט געקאָנט דאָס געזעלשאַפטליכע לע־בען צו וויסען, אַז זיין! זוהן האָט ניט געדאַרפט זיין קיין דאָקטאָר אָדער אַדוואָקאַט אום צו זיין ערפאָלגרייך. ער האָט גוט געוואוסט, פון וואַנען הערר פאָן גענץ און הערר פרידריך פאָן שלעגעל האָבען

געהאַט זייער געלט אין באַנק. זיין זוהן האָט אָבער ניט געהאַט דעם צוזאָג פון מאַריע טערעזע. 1)

אין סאַמע אָנפאַנג פון בערנע׳ס קאַריערע אַלס זשורנאַליסט, האָט ער שוין געצויגען אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט פון אַלע גרויסע רעאַקציאָנערען. דעם 18טען מאַי 1819 שרייבט רחל, אַז גענץ האָט איהר רעקאָמענדירט צו לייענען „די וואָג“. אין דעם זשורנאַל וועט זי געפינען די אינטערעסאַנטסטע און שאַרפסטע שריפטשטעלעריי פון דער צייט, דער בעסטער זשורנאַל זייט דער צייט פון לעסינג. בערנע׳ס פאָטער האָט גאַנץ גוט געוואוסט וועגען גענצ׳ס ליעב וועגען זיין זוהנ׳ס סטיל און פּרינץ מעטערניך׳ס ליעב פאַר זיין פאַרשטענדניס אין פּאָליטיק 2).

שטילערהייט וויל דער פאָטער איינאָרדנען זיין זוהן אויף דער זונינגער זייט פון געזעלשאַפטליכען לעבען. איידער ער האָט נאָך עטוואָס געזאָגט וועגען דעם, האָט שוין מעטערניך געמאַכט גאָר גוטע פאָרשלאָגען פאַר איהם. ער האָט פאָרגעשלאָגען, אַז דער יונגער מאַן זאָל לעבען אין וויען, מיט׳ן טיטול, ראַנג און איינקונפט פון קייזערליכען ראַטה, ער זאָל קיין שום זאַך דערפאַר ניט דאַרפען טאָן, אַלעס וואָס ער וועט שרייבען זאָל ניט דאַרפען דורכגעהן קיין צענזור: ער זאָל זיין זיין אייגענער צענזאָר, און אויב אין אַ פּאָר מאָנאַטען אַרום וועט ער וועלען אויפגעבען די שטעלע, זאָל ער זיין פריי. פאַרנעהמענדיג אַזאַ שטעלע, וועט ער האָבען אַלע מעגליכקייטען צו אַרבייטען פאַר דער מענשהייט און פּראָגרעס.

---

1) קאַרל גוצקאָוו׳ס „בערנע׳ס לעבען“, געזאַמעלטע ווערק באַנד 12, 328-329.

2) מעטערניך איז אפילו געווען באַקאַנט מיט זיינע רעוואָלוציאָנערע בריעף פון פּאַריז. דעם 26טען יאַנואַר, 1843, שרייבט די פּרינצעסין מעלאַני מעטערניך אין איהר טאָג־בוך: „איך האָב היינט פאַרבראַכט אין אָנפאַנג אָבענד מיט קלעמענס׳ן, פאַר וועמען איך האָב פאָרגעלייענט בערנע׳ס בריעף פון פּאַריז. זיי זיינען, פאַרשטעהט זיך, מיט אַ שלעכטער אַבזיכט, אָבער דער סטיל מיט זיין טיפלישער קראַפט איז דורכאויס גלענצענד“. מעטערניך׳ס איבערגעלאַזטע פּאַפּירען, באַנד 5, 545, ציטירט פון האָלצמאַן.

בערנע'ס פאַטער האָט איהם דאַן געשריבען: „טייערער לואיס! איך בעט דיך, דו זאָלסט לייענען דעם בריעף אַזוי אויפמערקזאַם, ווי איך האָב איהם געליי‍ענט. גלויב מיר, אַז די זעלבסטשטענדיג־קייט, וואָס איז ביי דיר אַזוי טייער, איז אומזיכער. קענסטו דאָס באַוואָרענען? פאַרוואָס זאָלסטו ניט האָבען קיין זיכערע שטעלע? וואָס איז דיין איצטיגע גליקזעליגקייט? זיכער ניט די 500 פראַנק (קאָטאָ'ס מאַנאַטליכע געצאָהלט)? באַשליס איצט, צוליעב דיין צוקונפט צו קומען אין וויען אויף מיין רעכענונג. איך בעט דיך, פאַרוואַרף ניט די געלעגענהייט וואָס קאָן דיך גליקליך מאַכען...“

בערנע האָט ענטזאָגט: ער וויל מיט די מאַכטהאָבער קיין פאַרבינדונג ניט האָבען 1). געטע קאָן זיך ערלויבען צו האַלטען אַ שטעלע פון אַ געהיימראַט אין הויף, אָבער ער, בערנע, וויל דאָס ניט, און דאָך האָט דער רייז געדאַרפט זיין שטאַרקער ביי דעם געבאָ־רענעם פּלעבעיער, וואָס האָט געדאַרפט אַראָפּנעהמען דעם הוט פאַר יעדען פאַרבייגעהער, ווי עס איז געוועזען פאַר אַ פּאַטריצירער. לייענענדיג די שאַרפע, האַס־פולע און אומגערעכטע ווערטער, וועל־כע בערנע האָט געשריבען אויף געטע'ן, דאַרפען מיר ניט פאַרגעסען, אַז אונטער די ווערטער איז געשטאַנען אַ מאַן, וואָס וואָלט ניט געטאָן וואָס געטע האָט געטאָן.

בערנע'ן האָט געפעלט דער קונסט־זין אין שטרענגסטען זין פון וואָרט. ער האָט זיך אַליין אָפענהערציג מודה געוועזען אין דעם. ער האָט עס אויך אַרויסגעוויזען מיט זיינע אַטאַקען אויף די, וועמען עס איז גאַנץ גלייך געוועזען וואָס דער קינסטלער וויל און זיך נאָר אינטערעסירט מיט זיין סטיל. קינסטלער און קונסטליבהאָבער פון דעם סאָרט זיינען פאַר איהם אַפּשטויסענד געוועזען. עס רעגט איהם אויף, ווען אימיצער קאָן ליעב האָבען אַ בילד פון „שטילעס לעבען“

1) ער שרייבט זיין פאַטער: „געגנז האָט אויך, אָהן צווייפעל, אָנגעפאַנגען ווי אַ ליבעראַל, ער האָט אָבער געקאָנט זיין בירגערשאַפט פאַרזעצען פאַר זיין ערנסטקייט און ביטען זיינע מיינונגען. איך קאָן דאָס ניט. ער איז פריהער פאַרקויפט געוועזען צו ענגלאַנד פאַר יאָהרען איידער ער איז אַריין אין דיענסט פון עסטרייך. ער איז זינליך, פאַר־שווענדעריש, דער אומפאַראַנטוואָרטליכסטער מענש אין לאַנד...“

מעהר ווי אַ בילד פון דער מאַדאָנאַ. זיין נאַטירליכע נייגונג צום גרויסען, ערהאַבענעם און געטליכען אין דער קונסט, רופט ביי איהם אַרויס די אָפענע ערקלערונג, אַז אַלע קונסטווערק וואָס האַבען ניט די מעלות, זיינען פאַר איהם ניט־נאַטירליך און שטומפּזיניג 1).

מיר קאָנען ניט איינשטימען מיט שטיינטאַל, ווען ער זאָגט, אַז בערנע האָט זיך געפיהלט אין דער היים אויף יעדען געביט פון קולטור, יעדער ספּערע פון קינסטלערשען שאַפען. מיר ווייסען אומגעקעהרט, אַז יעדער צווייג פון קונסט אַלס אַזעלכער, איז פאַר בערנע׳ן געווען אַ פאַרזיגעלט בוך. דאָס האָט איהם, פאַרשטעהט זיך, ניט אָפּגעהאַלטען צו שרייבען קלוג און באַלערענד וועגען קונסט, אָבער וואָס ער האָט געשריבען קאָן מען ניט אָנרופען קונסט־קריטיק.

בערנע איז אַ סך געלויבט געוואָרען פאַר זיין ענערגישער פאַרדאַמונג פון דער דייטשער „שיקזאַל־טראַגעדיע“, ווָאָס איז אין זיין צייט אַרויף אויף דער ביהנע און מענשען פאַרדרעהט די קעפּ. אָבער עס דאַרף באַמערקט ווערען, אַז ניט פון אַן עסטעטישען שטאַנדפּונקט איז ער געווען נעגען זיי. ער באַטראַכט די זאַך פון מאָראַלישען אָדער רעליגיעזען שטאַנדפּונקט: דער גלויבען, אַז אַ געוויסער טאָג, מיר ווילען זאָגען — דער 24טער פעברואַר — איז פאַר אַ פאַמיליע באַזונדערס אומגליקליך, איז נאַריש און שעדליך, עס האָט ניט קיין פאַרבינדונג מיט דעם אַלטען גלויבען פון אַ פאָראויסבאַשטימטען שיקזאַל, אָדער קריסטליכער אַלמעכטיגער גאָטהייט, אָדער מיט דער מאָדערנער דעטערמיניסטישער טע־

---

1) אַ זשאַבע, אַן אוגערקע, אַ שטיק פלייש, אַ ווילהעלם מייסטער, אַ קריסטוס, אַלעס איז פאַר זיי גלייך. יאָ, זיי פאַרצייהען אַ מאַדאָנאַ איהר הייליגקייט, אויב זי איז נאָר גוט געמאָלען. אַזוי בין איך ניט און קיין מאָל ניט געווען. אין נאַטור האָב איך אַלע מאָל געזוכט גאָט, גאָט אַליין, און אין קונסט — דאָס געטליכע! און וואו איך האָב ניט געקאָנט געפינען גאָט, האָב איך בלויז געזעהן מיזעראַבלע האַנט־אַרבייט. געשיכטע, מענש און ביכער זיינען פאַר מיר אַלץ אייגס געווען — צום אומגליק!“

אַריע פון אורזאַך און ווירקונג, וואָס האָט אונטערגעגראָבען דעם גלויבען אין די אַזוי־גערופענע „פריייען־ווילען“־טעאָריע. פאַר בערנע׳ן איז אָבער דער גלויבען ניט־שכל׳דיג נאָר דערפאַר, ווייל ער איז אַ פאַרבינדונג פון צוויי טעאָלאָגישע סיסטעמען. זיין געדאַנקען־גאַנג איז אַזאַ; טוים איז אָדער אַ ליעבענדער פאַטער, וואָס נעהמט זיין קינד אַהיים, און וועלכען פאַל דער שיקזאַל איז ניט קיין טראַגישער, אָדער עס איז דער מענשענפרעסענדער קאַ־ראַנאָס, וואָס דערשטיקט זיינע אייגענע קינדער, און וועלכען פאַל עס איז ניט קריסטליך 1), ווי דאָס וואָלט געווען זעהר וויכטיג. עס קאָן דאָך נאָך אַלץ זיין אַ גרויס פאָעטיש ווערק.

בערנע איז אַזוי קלוג און קלאָר־קעפיג, אַז זיינע מיינונגען וועגען דעם ווערט אָדער ווערטלאָזיגקייט פון די פיעלע דראַמעס וואָס ער האָט קריטיקירט זיינען כמעט שטענדיג גערעכט. ער פאַרשטעהט זעהר גוט דעם גייסט פון אַלענשלאַגער׳ס „קאָרעגיאָ“ און באַשעפ־טיגט זיך אַ סך מיט דער שוואַכקייט פונ׳ם שטיק, אָבער ער באַ־מערקט גאָרניט די סצענישע עפעקטען. ער גיט אַ גוטע אָפּשע־צונג פון דראַמאַטורגען ווי קלייסט, אימערמאַן און דעם יונגען גריל־פאַרצער, אָבער ווען ער פאַנגט אָן צו געבען אורזאַכען פאַר זיין לויב אָדער אָראָפּרייסונג, באַמערקט מען גלייך דעם אומקינסטלע־רישען טעמפּעראַמענט זיינעם, און גאַנץ אָפט ווייזט ער אַרויס די פאַראורטיילען פונ׳ם אידעאַליסט. ער איז אָהן צווייפעל גערעכט אָראָפּרייסענדיג, צום ביישפּיעל, אויפלאַנד׳ס „די שפּילער“, אָבער זיין רעכטפערטיגונג איז אַ מאָדנע: „צו וואָס דאַרף מען אַרויפ־ברענגען די שפּיל־לוסט אויף דער ביהנע?“ שרייט ער אויס. „מען וואָלט דאָך שוין פונקט אַזוי געקאָנט דראַמאַטיזירען די פאַר־צעהרונג אין אַלע איהרע פאַזען!“ עס איז נאָר פאַרהאַן איין אונ־

1) איך האָב קיינמאָל ניט געקאָנט פאַרשטעהן זייער אויפפאַ־סונג פון שיקזאַל, זייער פאַרביימונג פון דער הייגטיגער מיט דער אַמאָליגער אידעע, זייער קריסטליכען פאַגאַניזם. טויט איז אָדער אַ ליעבענדער פאַטער, וואָס נעהמט זיין קינד אַהיים, און וועלכען פאַל עס איז ניט טראַגיש; אָדער עס איז דער קאַניבאַלישער קראָנאָס, וואָס פאַרצערט זיינע אייגענע קינדער, און וועלכען פאַל עס איז ניט קריסטליך.

טערשייד: פאַרצעהרונג איז אַ פּיזישע קראַנקהייט און שפּיעל־לוסט — אַ פאַרברעכען. זיין שטעלונג איז אַ כאַראַקטעריסטיש־אי־דעאַליסטישע: עס איז ניט נויטיג אַרויפצוברענגען אויף דער ביהנע דאָס, וואָס מיר קאָנען זעהן אין דער היים. די אורזאַכען זיינען אַרעמקייט, חובות, אַ געטרייע פרוי, וואָס ליידט געדולדיג. אַנשטאָט אַנווייזען אויף דעם טיפען און קינסטלערישען גייסט, אין וועלכע אַזעלכע זאַכען ווערען געוועהנליך פאַרגעשטעלט, שרייט ער גאָר אויס: „זיינען דאָס אַזעלכע זעלטענע ערשיינונגען, אַז מיר זאָלען צאָהלען געלט צו קענען זיי זעהן? אויף דער ביהנע דאַרף דאָס לעבען דערהויבען ווערען אַ שטאַפּעל העכער ווי געוועהנ־ליך". און ער געהט ווייטער און זאָגט, אַז דערפאַר האָט די גריכישע און רוימישע טראַגעדיע געבראַכט די נעטער פאַבלען אויף דער ביהנע. ער האַלט, אַז דער מאָדערנער דראַמאַטורג האָט געדאַרפט אונז ווייזען די אמת׳ע כאַראַקטערע פון אַלטערטום; אָדער, אויב ער וויל זיך ראַנגלען מיט דער געגענוואַרט, מוז ער נאָר איהרע ליי־דענשאַפטען פּראָדוצירען. מיר זעהען, אַז בערנע איז געווען באַ־הערשט פון׳ם נאַאיווען גלויבען, אַז די „קלאַסישע" כאַראַקטערען פון די אַלטע צייטען זיינען געשטאַנען העכער ווי די היינטיגע מענ־שען; ער פאַרשטעהט ניט, ווי אַ טעגליכע ווירקליכקייט גוט באַ־האַנדעלט, קאָן זיין אַ גרויס קונסטווערק.

נאָך אַ שטאַרקערער באַווייז, אַז בערנע האָט ניט געקאָנט אָפּ־שעצען קיין פּראָסטע, פּרימיטיווע פּאָעזיע, איז זיין גלייכגילטיגקייט צו דעם אַלטען טעסטאַמענט. אין אַ בריעף צו הענריעטא הערץ, געשריבען אין זיין 19טען יאָהר, טרעפען מיר אַ שטעלע, אַזוי טרר־קען און אַלט, ווי וואַלטערס אַ וויץ אויפ׳ן חומש, און דאָס איז שוין נ אָ ך געטע׳ן: „עס האָט זיך מיר אַלע מאָל אויסגעוויזען, אַז די פאַרצייטיגע אידען פון אברהם ביז שלמה דעם חכם, האָבען געוואָלט מאַכען פּאַראַדיעס אויף דער געשיכטע פון דער וועלט. לייענט יהושע אָדער מלכים און איהר וועט גלייך זעהן די עהנליכ־קייט צו בלומא" 1).

אַ פאַרגלייך צווישען די אייבינע לעגענדען און געשיכטליכע פּאַ־

1) בערנע׳ס יוגענד בריעף ז. 148.

סירונגען מיט אַן אומגעלומפּערטען דייטשען נאָכמאַכער פון ווירגיל׳ס „ענייד“, קאָן נאָר באַשאַפן ווערן ביי אַ קריטיקער, וואָס האָט ניט קיין ביסעל פאַרשטענדניס פאַר דער אַלטער ליטעראַרישער פאָרם, האָט געמאַכט זיין אויפגאַבע צו געפינען אין יעדען ווערק מאָדערנע סענטימענטאַלע, רעליגיעזע אָדער פּאָליטישע מאָראַל. עס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר בערנע צו ענדיגען מיט אַ בלינדער פאַרעהרונג פון דער ניט פיעל זאָגענדער אין אַ טאָן פון אַ האַלב ביבלישען האַלב ניי־טעסטאַמענטליכען פּאַטאָס פון לאַמענייס „ווערטער פון אַ גלויבינגען“.

* * *

## בערנע און מענצעל,

ווען ניט דער מאַנגעל אין פּאָעטיש־אַרטיסטישער פאַרשטענדניס, וואָלט געווען שווער צו ערקלערען בערנע׳ס באַטייליגונג אין דער רעאַקציע געגען געטע׳ן, אין וועלכער עס האָבען אַנטייל גענומען מאַנכע פון די גרעסטע מענשען פון זיין צייט; ניט אַכטענדיג אויף זיין פּערזענליכער געגנערשאַפט צו געטע׳ן איז ער דאָך ניט געווען דער פאַראורזאַכער פון דער רעאַקציע. זי איז שוין געווען אין איהר פולען גאַנג איידער ער האָט נאָך אין איהר אַנטייל גענומען. אומגעפעהר אין דרייסיגער צייט, ווען די גאָט׳ספאַרכטיגע מענשען האָבען זיך געפרעהט מיט פּאַסטאָר־פּוסטקוכען׳ס פּאַראָדיע אויף די „וואַנדעריאָהרען“ און זיין אַטאַקע אויף געטע׳ס גאָטלאָזיגקייט, האָבען די פּראָגרעסיווע יונגע פּאָליטיקער צוגעשטימט צו אונטערזוכען געטע׳ס פּאָליטישע איבערצייגונגען. דער מאַסשטאַב איז געווען דער סאַמע לעצטער, און דער אורטייל איז געווען, אַז ער איז אַן „אַריסטאָקראַט“, פיהלט ניט מיט די ליידען פון׳ם פאָלק און איז באמת גאָרניט קיין גאוניע.

דער ערשטער פון די באַדייטענדע שרייבער, וואָס האָט אומערמידליך סיסטעמאַטיש דערנידעריגט געטע׳ן איז געווען וואָלפגאַנג מענצעל (געב. 1798). נאָך איידער ער איז דרייסיג יאָהר אַלט געווען, איז שוין מענצעל געווען באַריהמט, און מען האָט זיך שוין פאַר איהם געשראָקען. ער איז געווען אַ שאַרפער און

פעהיגער שרייבער, איז געווען זיכער אין זיך און שטרענג אין זיי־נע איבערציינגונגען אלס ליבעראל, נאַציאָנאַליסטס און מאָראַליסט. ווי בערנע, איז ער פון אנפאנג געווען א שילער פון זשאן פאול, אבער אין זיין „שרעקווערזע" (1823) וואס איז שטארק באליעבט געווען אין יענער צייט, און וואס איז אָהן צווייפעל א נאכאהמונג נאך זיין לעהרער, דערפיהרט ער זשאן פאול'ס אייגענארטיגען הו־מאָר ביז קאריקאטור. זאכען וואס האבען נים קיין נאטירליכע פארבינדונג איינע מיט די אנדערע, ברענגט ער צוזאמען און מאכט דערפון אן אפאריזם, אויף דעם זעלבען אופן, ווי מען מאכט פון אומפארבונדענע אידעען א ווארט־שפיעל. ער שרייבט: דער יום־טוב פון די קדושים איז פאר'ן יום־טוב פון די געוועהנליכע נשמות; די נביאים קומען פריהער אין הימעל ווי דאס פאלק; די רעליגיע פונ'ם אלטערטום איז געווען דאס קרישטאל פאר פיעל גלאנצענדיגע געטער; די קריסטליכע רעליגיע איז דער פערעלמוטער פאר אן איינציגען אבער, נים צום אפשעצען, טייערען גאט; דאס ערדישע לעבען איז א בייסטאנאדא — יעדער קלויסטער־גלאק איז א טויכער־גלאק, אונטער וועלכען עס געפינען זיך די פערל פון דער רעליגיע.

אין זיין זשורנאל „דייטשע ליטעראטור" האט ער אין 1819 אנגעפאנגען אן אטאקע אויף געטע'ן, און ער פיהרט זי מיט א משונה׳דיגער איינבילדונג און פעסטען גלויבען אין דער גערעכטיגקייט פון זיין זאך. פון אנפאנג האט ער געפרובירט אונ־טערגראבען די באוואונדערונג פון דעם לעזענדען פובליקום פאר געטע'ס אריגינאליטעט. ער האט עקזאמינירט זיינע ווערק, מיט דעם צוועק צו געפינען נאכאהמונגען און פלאגיאריזם, און דעמאנסטרירט דעם אויסלענדישען איינפלוס אויף אלע זיינע שריפטען.

אין זיין ערשטער גאנצער ארבייט וועגען דער געשיכטע פון ליטעראטור: „די דייטשע ליטעראטור" וואס איז פארעפענטליכט געווארען אין 1828 אין צוויי טייל, האט ער, אין א זעהר רוהיגען טאָן, באשולדיגט געטע'ן, אז ער שמייכעלט זיך אונטער צו די פאראורטיילען פון זיין צייט. ער ערקלערט, אז געטע האט נים מעהר ווי א באשרייבענדען טאלאנט. אז „טאלאנט" איז עטוואס, צו וואס מען דארף נים קיין אינערליכען גלויבען, „א העטערא,

וואָס יעדער קאָן האָבען". נעמע איז אַלע מאָל געשוואוּמען מיט׳ן שטראָם און אויף דער אויבערפלאַך, ווי אַ קאָרקע, זאָגט ער. ער פלעגט זיך בוקען פאַר יעדע שוואַכקייט און נאַרישקייט, וואָס איז צופעליג געווען אין דער מאָדע. אונטער דער גלאַטער מאַסקע פון זיינע ווערק ליגט באַהאַלטען אַ ראַפינירטקייט פון סענסואַליטעט! די ווערק זיינען די געבליטען פון דעם מאַטעריאַליזם וואָס הערשט אין דער מאָדערנער וועלט. נעמע איז ניט קיין געניע, נאָר ער האָט ביז אַ הויכען גראַד דעם טאַלאַנט צו מאַכען זיינע לעזער פאַר זיינע מיטהעלפער", און אַז. וו. און אַז. וו. 1).

היינע, ניט קריטיש גענוג צו לויבען אַט דאָס בוך און זיין שרייבער, — אַ זאַך וואָס האָט איהם שפּעטער פאַרדראָסען, — האָט געריכט צו זאָגען וועגען מענצעל׳ס מיינונג, אַז נעמע איז ניט געוועזען קיין געניע, נאָר אַ טאַלאַנט. ער דריקט אויס די מיינונג, אַז פון דער לעהרע וועלען בלויז געצעהלטע מענשען האַלטען, ,און אפילו די געצעהלטע וועלען צוגעבען, אַז נעמע האָט צייטענוויז געהאַט דעם טאַלאַנט צו ווערען אַ געניע 2).

מענצעל זעצט פאָרט זיין אַטאַקע אין צאָהלרייכע אַרטיקלען און אין אַ נייער פאַרגרעסערטער אויסגאַבע פון זיין ווערק איבער דער דייטשער ליטעראַטור. ער באַשולדיגט נעמע׳ן אין דרייערליי סאָרטען גאוה און זעקסערליי תּאוות. ער אַנאַלאַזאַרט אַלע זיינע ווערק, די גרויסע ווי די קליינע איינס ביי איינס, מעסט זיי מיט זיין איינענער פּאַטריאָטישער מאָס און ערקלערט זיי פאַר אונערטרעגליך. „קלאַווינאַ" פאַרדאַמט ער, ווייל נעמע מאַכט, אַז קלאַווינאַ זאָל אָוועקוואַרפען מאַריע׳ן. דאָס וואָס ער טויטעט איהם שפּעטער דורך איהר ברודער׳ס האַנט, נעהמט איהם ניט אָן. נאָך מעהר, עס איז נאָך אַן אורזאַכע, אַז מענצעל זאָל ווערען אין כעס, וויסענדיג, אַז אין לעבען האָט קלאַווינאַ געלעבט גליקליך. און דערפאַר איז זיין טויט אויף דער ביהנע ניט מעהר ווי טעאַטראַליש

---

1) מענצעל, די דייטשע ליטעראַטור, צווייטער באַנד, זייט 205—222.

2) היינע, אַלע ווערק, זיבעטער באַנד, זייט 265.

אום צו געפינען אונמאָראַליטעט אין דער פּיעסע, מוז דער קריטיקער, ווי מיר זעהען, אַנקומען צו זיין וויסען פון געשיכטע, אַ זאַך וואָס האָט מיט דער פּיעסע גאָרניט צו טאָן. „טאַסאָ" איז פאַר איהם געטעים וידוי פון אַ הויף מענשען וואו מען זעהט די תאוה פון אַ „פּאַרוועניו", וועלכער ווערט צונעצווינגען פון דעם הויכען ראַנג פון אַ פּרוי. 1). דעם לעזער ווערט ניט זיין שווער זיך פאָרצושטעלען די מאָראַלישע באשולדיגונגען, וועלכע מענצעל וואַרפט איהם אויף, פאַר זיין „מיטשולדיגען" אין „די שוועסטער" וואו „ער קוקט מיט תאוה אויף דער שעהנער שוועסטער", אין „סטעלאַ", וואו ער זוכט דעם רייץ פון ביגאַמיע, און אין „פּופּציגיעהריגען בחור", וואָס רופט באַזונדערס ארוים זיין כעס. אפילו ווילהעלם מייסטער" איז פאַר מענצעל'ן ניט מעהר ווי אַ באַווייז, ווי לייכט געטע פלעגט שעצען טוגענד. און די צוציהונג וואָס אויסערליכער גלאַנץ און ראַנג האָט געהאַט פאַר איהם. אפילו „די וואהלפערוואַנדשאַפטען" באַטראַכט ער פאַר אייגעם פון די חתונה־ברוך ראָמאַנען, וועלכענ'ס טעמע איז די תאוה צו פרעמדע פרויען.

דער דיכטער פיהלט באמת, אַז דער שיקזאַל האָט זיך געדאָרפט אריינמישען און דערפאַר פאַלט דער באַטריגער דורך דער האַנט פון איהר ברודער, אָבער דאָס טעאַטער־שפּיעל רעגט אונז נאָך מעהר אויף, ווייל מיר ווייסען, אַז אין דער ווירקליכקייט האָט ער געלעבט גליקליך און פאַר אונז נאָך באַשריבען דעם אומגליק וואָס ער האָט פאַראורזאַכט.

„די כלה פון קאָרינט" איז דער אויסדרוק פון זינליכקייט וואָס האָט ליעב קברים 2).

וואו עס איז אוממעגליך צו באַשולדיגען אין אוממאָראַליטעט, קעהרט זיך מענצעל אום צו דער באַשולדיגונג אין אומאָריגינאַלי־

1) די תאוות פון דעם „פּאַרוועניו" ווערט ניט צוגעצויגען בלויז פון פרויען נאָר אויך פון זייער עדעלען און קעניגליכען שטאַם.

2) אפילו אין דעם שוידער פון קבר געפינען זיי דעם זינליכען געגנוס אין דעם פאַרקעהר מיט שעהנע גייסטער.

מעט. „הערמאַן און דאָראָטעא" איז אַ ווערק פון קליינער באַדייטונג ניט נאָר צוליעב זיין גלאָריפיצירען דעם קליין־בירגער און פיליס־טער, נאָר אויך ווייל עס איז אַ דירעקטע נאָכאַהמונג נאָך פאָסעס „לואיזע". לויט מענצעל, האָט געטע געוויזען אָריגינאַליטעט בלויז אין זיין „פאוסט" און אין זיין „ווילהעלם מייסטער", ווייל אין די צוויי ווערק האָט ער זיך אַליין קאָפּירט. אין זיין יוגענד פלעגט ער נעהמען פון מאָליער׳ן און פון בימארשייס׳ן, פון שעקספּיער און לעסינג. און זיינע יאַמבישע טראַגעדיען זיינען „די פרוכט פון זיין קאָנקורענץ מיט שילער׳ן". צו דעם אַלעמען איז ער, ווייס אייך גאָט, ניט געווען קיין פּאַטריאָט.

מיר וועלען איצטער פאַרגלייכען בערנע׳ס אַטאַקע אויף געטע׳ן מיט מענצעל׳ס און מיר וועלען זעהן, טראָץ דער עהנליכקייט און איי־בערטריבענע אוסדריקען, דעם גרויסען אונטערשייד: בערנע האָט ניט געאורטיילט און נאָך ווינציגער פאַראורטיילט געטע׳ס גרויסע ווערק. ער דערנידעריגט זיך אויך ניט צו באַשולדיגען איהם אין סעקסועלער אוממאָראַליטעט: ער באַנוגענט זיך מיט די אַטאַ־קען אויף זיינע פּאָליטישע פאַרבינדונגען. סאַנט־בענע טרילאַנדיר באַמערקט גאַנץ ריכטיג ווען ער זאָגט, אַז בערנע האָט נאָר ארויס־געגעבען דאָס, וואָס איז געווען ביי איהם אויפ׳ן האַרצען נעגען געטע׳ן, ווען ער האָט גענומען פאַר אַ מאָטאָ אין זיין קריטיק אויף בעטינאַ׳ס „געטהע׳ס בריעפוועקסעל מיט איין קינד", די ווערטער פון פּראָמעטעאוס:

„איך דיך עהרען? פאַר וואָס? האָסטו פאַרלייכטערט די משא פון די שווער־באַלאָדענע? האָסטו ווען די טרערען פון די פאַרצווייפעלטע אויסגעטריקענט?"

פון געטע׳ס ווערק שעצט ער בלויז די, אין וועלכע ער געפינט דעם יוגענד־פייער. זיין אַנגריף איז ניט געבויט אויף פאַראַכטונג צו זיינע אַנדערע שריפטען, נאָר אויף דעם פאַקט וואָס געטע, זייענ־דיג אַזאַ אַנגעזעהענער און אַזאַ פעהיגער מענש, נוצט ניט אויס זיין פעהיגקייט און זיין לאַגע צו פאַרבעסערען די עקזיסטירענדע באַדינגונגען אין דייטשלאַנד. עס איז לייכט צו געפינען אויסצוגען, וואָס זיינען עהנליך צו מענצעל׳ס אין בערנע׳ס שריפטען. צום ביישפּיעל: אין 1830 שרייבט ער אין זיין טאָג־בוך ווענען געטע׳ס

מזל, וואָס איהם איז געלונגען מיט זיין טאַלאַנט צו אימיטירען די „האַנטשריפט פון געניען פאַר מעהר ווי זעכציג יאָהר און קיינער זאָל דאָס ניט קענען דערקענען. אין אַן אַנדער פּלאַץ זאָגט ער: „געטע איז קנעכט אין פערזען און העגעל אין פּראָזאַ". אָבער אום צו פאַרשטעהן די ווילדע און פאַרדראָסיגע אויסברוכען, מוזען מיר פאַרשטעהן בערנע'ס צעטעל פון באַשול־דיגונגען געגען געטע'ן און שילער'ן.

ער איז אַרויס פון דער הנחה (לויט אַלע וואָרשיינליכקייטען, אַ פאַלשע), אַז ווען געטע וואָלט ענערגיש און אין צייט פּראָטעס־טירט, וואָלט ער פאַרהינדערט די באַשלוסען פון קאַרלסבאַד און אויף דעם אופן וואָלט דייטשלאַנד געהאַט פּרעסע־פרייהייט און אַנדערע גייסטיגע רעכט. וואָס די רעאַקציע האָט אָוועקגערויבט. יעדענפאַלס, וואָס די רעזולטאַטען וואָלטען געווען, איז ער אָבער געווען איבערצייגט, אַז עס איז געווען געטע'ס פליכט צו פּראָטעס־טירען. וואָס האָט ער אָבער, אַנשטאָט דעם, געטאָן? „געהיימראַט פאָן געטע, דער קאַרלסבאַדער פּאָעט", ווי בערנע האָט איהם אי־ראָניש אָנגערופען, וויסענדיג אַז ער פאָהרט דאָרטען יעדעס יאָהר צו טרינקען הייל־וואַסער, איז געוואָרען אַ דיענער צווישען אַנ־דערע דיענער פון דעם פירסט, און איז זיך מודה, אַז ער האָט געשריבען די קליינע, נאַרישע פּיעסע „דער בירגער־גענעראַל" (די גאַנצע קאָמעדיע באַשטעהט אין דעם, וואָס מען האָט גע'גנב'עט אַ קרוג מילך פון דעם פויער מאַרטין) מיט דעם צוועק אָפּצולאַכען פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע. ער איז זיך אויך מודה, אַז ניט אַננעהמענדיג זיך פאַר פּיכטע'ן, ווען ער איז באַשולדיגט געוואָרען, אַז אַלס פּראָפעסאָר פון געגנוער אוניווערזיטעט האָט ער געלערענט אַטעאיזם, איז ער אָבער געווען אומצופרידען פון דער אומאַנגענעמליכקייט וואָס דאָס האָט פאַר־שאַפט דעם הויף 1). ווידער האָט בערנע'ן פאַרדראָסען, ווען געטע האָט באַדויערט, וואָס דורך דער פרייהייט פון פּרעסע אין ווייטאַר, איז אַן ענדע געקומען צו דער פרידליכער צייט. דאָס האָט ער

1) עס איז בעסער אינגאַנצען צו שווייגען וועגען עיכטע'ס אַרט רעדען וועגען גאָט און דאָס געטליכע.

געזאגט, ווען אקענ'ס „איסיס" איז ארויסגעגעבען געווארען: „די ווייטערע קאנזעקווענצען וועט יעדער רעכטדענקענדער מענש באדויערען". דעם זעלבען געפיהל פון אנטוישונג און דערשלאגונג האט בערנע געהאט ווען שילער, פון וועמען ער האט פיעל געהאלטען, האט אין דעם קריטישען מאמענט פון דער פראנצויזישער רעוואלוציע דערקלערט אין דער אנאנסע פאר זיין נייער צייטשריפט „די הארען", אז ער וועט צוריקווייזען אלעס וואס וועט באצוועקען צו קריטיקירען די רעגירונג, רעליגיע, אדער פאליטישע צייט־פראגען.

ווען מיר לייענען בערנע'ס פייערדיגע באשולדיגונגען, אויפגעפלאמט פון א ליידענשאפט פאר פרייהייט, וואס פארגעסט צו זיין גערעכט, אויף שילער'ן און געטע'ן און די קלאגען, וואס אין דער קארעספאנדענץ צווישען די צוויי גרעסטע גייסטער פון דייטשלאנד, ווייזען זיי זיך ארוס אזוי קליין,נאך וויינינגער אלס קליין, — מוז מען אין זינען האבען, אז זיי זיינען ווירקליך דאס וואס ער, א דעמאקראט, האלט פאר דאס ערגסטע, א פאר אריסטאקראטען. ער זעהט אין שילער'ן אן ערגערען אריסטאקראט ווי אין געטע'ן. געטע'ס איינזייטינקייט איז בלויז פאר די העכערע קלאסען פון דער געזעלשאפט, און שילער וועט ניט נאהענט זיין מיט קיינעם, אויסער מיט די געקליבענע פון דער מענשהייט. בערנע גלויבט, אז געטע וואלט געקאנט זיין דער הערקולעס, וואס זאל אויסרייניגען די אוגענישע שטאלען פון זיין לאנד. אבער ער האט בעסער געוואלט בלייבען די גאלדענע עפעל פון העספערידס און זיי האלטען פאר זיך. ער פארגלייכט איהם אין זיין געדאנק, מיט די גרויסע פראדוקטיווע גייסטער פון אנדערע לענדער: מיט דאנטע'ן, וואס האט אנגעפיהרט דעם קאמף פאר גערעכטיגקייט; מיט אלפיערי, וואס האט געפרעדיגט פרייהייט, מיט מאנטעסקי'ן, וואס האט געשריבען די „פערסישע בריעף"; מיט וואלטער'ן, וואס האט אלעס געוואגט און האט אויפגעגעבען אלעס ,צו פארטיידיגען א פארפאלגטען מענשען, אדער צו רעטען איינעם, וואס איז אומשולדיג פאראורטיילט געווארען צום טויט; מיט דעם רעפובליקאנער מילטאן; מיט בייראנ'ן, וועמעס גאנצער לעבען איז געווען א קאמף מיט טיראניי, קלוג אדער־

נאַריש, — און ער פאַררופט געטע׳ן פאַר דעם ריכטער־שטול פון דער אייביגקייט: „דער אום׳ברחמנות׳דיגער אָבער גערעכטער ריכ־טער וועט זאָגען צו געטע׳ן: אַ גרויסער גייסט איז דיר געגעבען געוואָרען, האָסטו דאָס ווען באַנוצט זיך קעגענצושטעלען קעגען שלעכטס? פון הימעל האָסטו געקראָגען אַ צונג פון פייער, האָסטו ווען גערעכטיגקייט פאַרטיידיגט? דו האָסט אַ גוטען שווערד, אָבער דו האָסט איהם געצויגען נאָר זיך אַליין צו פאַרטיידיגען“

מיר קאָנען ניט אַפּלייקענען, אַז בערנע האָט אָנגעוויזען אויף אמת׳ע פלעקען אין געטע׳ס גרויסקייט און אמת׳ער באַגרענעצטקייט אין זיין נאַטור, אפילו ווען מיר ווייסען, אַז טיילען פון זיין גרויס־קייט האָט ער, אַ דאַנק די פלעקען און אַז געוויסע באַגרענעצטקייט איז נויטיג, אום זיין געניע זאָל ניט פאַרגיפטעט ווערען פון פּיעל־זייטיגקייט. ער האָט ניט געדאַרפט טאָן וואָס בערנע האָט פון איהם פאַרלאַנגט. אָבער מיר מוזען פאַרשטעהן די פּראָפּאָרציע פון גערעכטיגקייט, וועלכע געפינט זיך אין בערנע׳ס אַטאַקעס, אום מיר זאָלען קאָנען פאַרגעבען די שטאַרקע און נאַרישע אויסדרוקען פון פאַרדרוס נעגען געטע׳ן, אין דער צייט ווען די האָפענונגען פון די ליבעראַלע האָבען דורך דעם פאַלען פון דער יולי־רעוואָלוציע, געקראָגען אַ צווייאיגען טויט־קלאַפּ: פון דעם אַרונטערבויגען זיך פון דער פראַנצויזישער רעגירונג אונטער דער מאַכט פון די גרויסע פינאַנסירען, און דורך דער אונטערדריקונג פון דעם פּוילישען אויפ־שטאַנד. איצט ווערט ער נאָך שטאַרקער און ביטערער ווי פריי־הער. ער רופט אָן געטע׳ן די אומגעהויערע אָפּהאַלטענדיגע קראַפט, פאַרגלייכט איהם צו אַ בעלמע אויף דעם אויג פון דייטשלאַנד, און דריקט אוים די מיינונג אַז ביז דער אַלטער מאַן פון ווייסאַר וועט ניט שטאַרבען, וועט די דייטשע פרייהייט ניט געבאָרען ווערען. (נאָ־וועמבער דעם 30טען, 1830).

דעם ערשטען אָקטאָבער, 1831, נאָכדעם ווי ער האָט פאַר־בראַכט טעג פון פאַרצווייפלונג איבער די לעצטע פּאַסירונגען, ספּעציעל שמערצליך פאַר דעם איינגעשפּאַרט־האָפנונגספולען מענ־שען, וואָס פראַנקרייך איז פאַרלאָרען און די רעאַקציע האָט גע־זיעגט, האָט זיין בעס דערגרייכט זיין העכסטע שטופע. ווען ער

האט גענומען געטע'ס „טאג און יאהרהעפטען" און ער איז פארציטערט געווארען פון דעם שרייבער'ס „אפאטיע". געטע דערצעהלט, ווי זייענדיג מיט דער ארמעע אין שלעזיען אין 1790, האט ער געשריבען איינעם אדער צוויי עפיגראמען, און ווי שפעטער, אין דער קייזערליכער הויפט־קווארטיר אין ברעסלאו, האט ער געלעבט ווי א פרוש, זייענדיג איינגאנצען פארנומען מיט דעם שטודיום פון פארגלייכענדע אנאטאמיע. ער גיט צו, אז דאס וואס האט איהם געטריבען אויפצונעהמען דעם שטודיום, איז געוועזען, וואס איינמאל געהענדיג אין ווענעציע אויף די זאמדבערג פון לידא, האט ער געפונען א האלב־צושפאלטענע קאפ פון א שעפס.

„וואס!", שרייבט בערנע. „געטע, א באגאבטער מענש, א דיכטער אין די בעסטע יאהרען זיינע... זייענדיג אין דעם קריעגסראט, אין דעם לאגער פון די טיטאנען, אויף דעמזעלבען פלאץ, וואו מיט פערציג יאהר צוריק האט זיך אנגעפאנגען די שוידערליכע און דאך עהרליכע מלחמה פון די מלכים געגען זייערע פעלקער, און ניט קריגען קיין באגייסטערונג אין דער אומגעבונג, ניט געריהרט ווערען פון ליעבע אדער האס, ניט בענשען און ניט שילטען, גאר ניט — בלויז א פאר עפיגראמען, וועלכע ער אליין באטראכט פאר ניט וויכטיג גענוג זיי צו פארעפענטליכען. און ווען די פיינסטע רעגימענטען און די שעהנסטע אפיצערען געהען פאר איהם פארביי, געפינט ער קיין בעסערע זאך ניט, ווי צו שטודירען קאמפעראטיווע אנאטאמיע! און שפאצירענדיג ביים ברעג ים פון ווענעציא — ווענעציא, די „אראבישע נעכט" אין שטיין און מארמאר, וואו אלעס איז מעלאדיע און קאליר, ביידע, נאטור און קונסט, מענש און שטאאט, פארגאנגענהייט און געגענווארט, פרייהייט און דעספאטיזם: ווען אפילו טיראניי און מארד קלינגען ווי די קייטען פון א שוידערליכער באלאדע (דער בריק פון זיפצען און דער ראט פון צעהן זיינען סצענעס פון דעם פאבעלהאפטען טארטארוס.) — ווענעציע, אויף וועלכער מיינע בענקענדיגע אויגען קוקען שטענדיג נאר מיינע פיס קאנען אהין ניט געהן, ווייל די עסטרייכישע פאליציי ליעגט און לויערט ווי א שלאנג ביי די טויערען פון שטאדט און שרעקט אפ מיט איהר פארגיפטענדען בליק — דארט פאר זונענאונטערגאנג, ווען דער רויטער שימער פון אבענט צעשפרייט

זיך איבער ים און לאַנד, און פורפורוועלען פון ליכט שלאָגען זיך אָפּ אויף דעם פעלזיגען מאַן און גיבען צו זייער קאָליר צו זיין אייביגער גרויקייט; ווען פיליכט ווערטער'ס גייסט איז איבער איהם געווען, און ער האָט דערפיהלט, אַז ער האָט נאָך אַ האַרץ און אַז אַרום איהם זיינען נאָך דאָ מענשען און אַ גאָט איבער איהם. און דאָס קלאַפּען פון זיין האַרץ און די ערשיינונג פון זיין טויטער יונגענד האָט איהם דערשראָקען, אַזוי, אַז ער האָט דערפיהלט ווי זיינע האָר שטעלען זיך אויף זיין קאָפּ, — האָט ער געהאַנדעלט ווי געוועהנליך, איז אַנטלאָפען פון זיין שרעק, אויס־געמידען אַלע אומאַנגענעמע רעפלעקסיעס, אַריינקריכענדיג אין אַ האַלב־צושפּאַלטענעם שעפּסען־קאָפּ און זיך דאָרט באַהאַלטען ביז נאַכט, און קאַלטקייט האָט ווידער אַרומגענומען זיין האַרץ! און איך דאַרף פאַרעהרען דעם מאַן! ליבען דעם מאַן! איך וואָלט זיך בעסער געוואָרפען אין שטויב ביי די פיס פון „וויצלי־פוצלי“, בעסער אָפּלעקען די שפּייעכץ פון „דאַלאַי לאַמאַ!“

געוויס וואָלט בערנע געדאַרפט פאַרעהרען דעם מאַן, און פאַר דיזעלבע אורזאַכען, פאַרוואָס ער האָט איהם פאַראַכטעט. ווייל, פיליכט איז ער קיינמאָל ניט ווערט געווען מעהר עהרע, ווי אין דעם פאַל. בערנע, ווי ער זאָגט אַליין, וואָלט ווי דער געוועהנליכער טוריסט אין ווענעציע, פאַרבראַכט אין בלאָסער לבנה־ליכט און זונען־אונטערגאַנג, ראָמאַנסירענדיג וועגען דעם בריק פון זיפצען און דעם שוידער פון טיראַניי, די ברכה פון פרייהייט און די מעלאָדיע און קאָליר,—געטע אָבער האָט געקוקט אויף דעם שעפּסען־קאָפּ. וואָס פאַר אַ וואונדער האָט ער געזעהן? אַז עס איז געווען האַלב צו־שפּאַלטען. מיט זיין נאַקעטער אויג, די זעהענדע אויג, וואָס האָט אַריינגעקוקט אין די טיפסטע אָפּגרונטען פון דער נאַטור, אין דער אינערליכער פאַבריק פון לעבען, פון וואַנען עס קומען אַרויס אַלע פאַרשיידענאַרטיגע פאָרמען, האָט געטע ג ע ז ע ה ן דעם גרויסען אמת, וואָס ער האָט שוין פון פריהער פאַרדעכטיגט: אַז אַלע ביינער פון דעם קאָפּ זיינען אין דער ווירקליכקייט געווען פאַרוואַנדלטער רוקען־ביין. מאַכענדיג אַז אַנטדעקונג אויף דעם אופן אין דער וויסענשאַפט פון אָסטעאָלאָגיע (ביינער לעהרע), וועלכע איז געווען עהנליך צו דער, וואָס ער האָט שוין פריהער

געגעבען דער וועלט אין זיין ווערק וועגען די „פאַרוואַנדלונג פון דער פלאַנץ״. און באַגרינדענדיג פילאָזאָפישע אַנאַטאָמיע, ווי ער האָט שוין פריהער באַגרינדעט פילאָזאָפישע באָטאַניק. בערנע האָט ניט באַגריפען אַז דער מאַן, וועמעס לעבענס־ווערק איז איינער פון די פונדאַמענט־שטיינער פון דער געביידע פון דער מאָדערנער וועלט, איז אין דעם באַזונדערן פאַל מיט זיין אינטואיציע וועגען דער איינהייט וואָס ליעגט אין אַלע פאַרשיידענע פאָרמען, אין זיין געטליכער איינפאַכקייט, עהנליך געוועזען צו די פאַטערס פון דער וויסענשאַפט אין אַלטערטום, א מאַלעס און העראַקליט.

בערנע׳ס אַטאַקעס אויף געטע׳ן זיינען ניט פון דערזעלבער קאַטעגאָריע ווי מענצעל׳ס. זיי זיינען קיינמאָל ניט בייז, און נאָך ווינציגער געמיין. זיי כאַראַקטעריזירען מעהר בערנע׳ן ווי געטע׳ן, טראָץ דעם וואָס זיי טרעפען גאַנץ אָפט אַ שוואַכען פּלאַץ אין דעם גרויסען מענש. און אפילו וואו זיי ווייזען קלאָר בערנע׳ס באַגרענעצטע אינטעליגענץ, ווייזען זיי אויך די ריינקייט פון דעם כאַראַקטער. זיי זיינען געוועזען צו שוואַך צו ווירקען אויף דער באַוואונדערונג פאַר געטע׳ן. עס וואָלט געוועזען פונקט אַזוי נאַריש צו אורטיילען געטע׳ן מיט דעם דייטשען מאָסשטאַב פון 1870, ווי זאָגען וועגען בערנע׳ן, וואָס ער האָט געזאָגט וועגען געטע׳ן, אַז ער איז ניט געוועזען קיין אמת׳ער פאַטריאָט. עס איז געוועזען נאַטירליך, ניין, אומפאַרמיידליך, אַז בערנע זאָל אונטערשעצען געטע׳ן. עס איז פאַר אונז מעגליך צו פאַרשטעהן זיין מאַנגעל אין פאַרשטענדניס און ניט איינשטימען מיט איהם. מיר קאָנען גערעכט זיין צו זיין ברויזענדען פּאַטאָס, צו דער עלאַסטישקייט און שאַרפקייט פון זיין וויץ, ניט פאַרגעסען, קוקענדיג אויף דער אויסשטאַטונג פון זיין פּראָזאַ וואָס איז ווי אַ בליצענדער וואַסערפאַל און ניט פאַרגעסען, אַז עס איז דאָ אַ טיפער, רוהיגער, ברייטער ים וואָס הייסט געטע.

* * *

## בערנע און זשאָנעט וואָהל.

שוין מיט די ערשטע בענד פון זיינע „בריעף פון פּאַריז״ איז בערנע באַריהמט געוואָרען ווי אַ שרייבער. ער האָט קיין ביבער ניט

געקאָנט שרייבען, אפילו ניט קיין עסייען און דיסערטאַציעס. פאַר דעם אויסברוך פון זיינע געפיהלען אדער געדאַנקען איז קיין איין פאָרמע ניט אַזוי פּאַסיג געוועזען ווי די פאָרמע פון בריעף. און דאָס זיינען אמת׳ע בריעף, ניט קיין צייטונגס־אַרטיקלען אָדער צייטונגס־קאָרעספּאָנדענציעס, נאָר בריעף געשריבען צו אַ פריינדין, אָהן אַבזיכט זיי צו דרוקען, ביז זיין פריינדין האָט גענומען די איניציאַטיווע און געקראָגען בערנע׳ס ערלויבניש אויסצואוועהלען שטעלען וואָס האָבען אַן אַלגעמיינעם ווערט.

דער נאָמען פון דער פריינדין איז געוועזען פרוי זשאַנעטע וואָהל, אַ דאַמע, וואָס שפּיעלט אַ וויכטיגע ראָלע אין בערנע׳ס לעבען, (אפשר ניט אַזאַ וויכטיגע, ווי ער שפּיעלט אין איהר לעבען). מעהר ווי צוואַנציג יאָהר, פון 1816, ווען ער האָט זיך מ׳ט איהר באַקאַנט, ביז זיין טויט אין 1837, האָט ער צו איהר געהאַט דעם פולסטען צוטרויען, און זעלטען האָט ער עטוואָס געטאָן אָהן איהר עצה. און פאַר איהר איז, אין דערזעלבער צייט, זיין קאַריערע אַלס שרייבער, זיין געזונד און זיינע אומשטענדען בכלל, געוועזען וויכטיגער ווי יעדע אַנדער זאַך.

ווען זיי האָבען זיך צום ערשטען מאָל געזעהן, איז ער געוועזען דרייסיג יאָהר אַלט און זי דריי־און־דרייסיג. זי איז געוועזען פאַרהייראַט צו אַ רייכען מאַן, מיט וועמען זי איז געוועזען אומגליקליך, און פון וועמען זי האָט געקראָגען אַ גט, ווען ער איז געזונט געוואָרען פון אַ לאַנג־יאָהריגער קראַנקהייט, דורך וועלכער זי איז זיין וועכטערין געוועזען. זי האָט זיך אַנטזאָגט צו נעמען אַ טייל פון זיין פאַרמעגען אָדער טראָגען זיין נאָמען. ווען זי און בערנע האָבען געלעבט אין איין שטאָדט, פלעגט ער פאַר איהר פאַרלעזען אַלעס וואָס ער האָט געשריבען. ווען זיי זיינען געוועזען צושיידט, פלעגט זי איהם צייטענווייז טרייבען צו אַרבייטען, וועלענדיג ער זאָל ווערען באַריהמט און אומאָפּהענגיג, און אַן אַנדערש מאָל, מורא האָבענדיג אַז ער איז צו פלייסיג און עס וועט נאָך שאַדען צו זיין געזונד, פלעגט זי איהם בעטען, אַז ער זאָל ניט זיין צו פּינקטליך מיט זיינע פאַרלעגער, און זאָל זיך ערלויבען אַביסעל פרייע צייט פאַר רוה, וואָס איז אַזוי נויטיג פאַר זיין געזונד.

זייענדיג באַזאָרגט וועגען זיין כבוד, פאַרברעננט זי לאַנגע צייי־

טען פול מיט אומרות און אנגסטען, ער זאָל ניט פאַרנאַכלעסיגען זיינע פאַרפליכטונגען צום פובליקום. בערנע האָט גענומען אין פאַראויס באַצאָהלט פון די אַבאָנענטען פאַר דעם צווייטען יאָהר־גאַנג פון זיין ציימונג „די וואָג“, און נאָכדעם ווי עס זיינען ארויס פינף נומערען, האָט ער זי געמוזט אָפּשטעלען פאַר אַ לענגערע צייט, טיילווייז צוליעב דעם וואָס ער איז מיער געווען פון דער ארבייט, און טיילווייז, האָט ער, צוליעב פינאַנציעלע שוועריגקייטען, געוואָלט געפינען אַ בעסער באַצאָהלטע באַשעפטיגונג. אין איהרע בריעף, וועלכע ער האָט אַלע מאָל ערוואַרטעט מיט כמעט אַ פיבערישער נייגעריגקייט, האָט זי איצט מיט דער גאַנצער גע־שיקטקייט און אויסדויער, וואָס אַ באַזאָרגטע פרוי קאָן נאָר האָבען, געשריבען וועגען „די וואָג“. זי בעט און סטראַשעט, זי שילט און רייצט זיך, זי שיקט איהם פיער לאַנגע זייטען באַשריבען מיט קיין אַנדער זאַך, ווי „די וואָג“, „די וואָג“.

אָבער אָפּט איז זי פונקט אַזוי באַזאָרגט וועגען צושטרייען און אַמוזירען איהם, אָפּצוהאַלטען איהם פון איבעראַרבייטען זיך און אויפצוהאַלטען זיין גייסט. אַז ער ווערט קראַנק, ווען זיי זיינען פון דער ווייטען, זאָרגט זי זיך וואָס זי קאָן ניט אויפפּאַסען אויף איהם, און איינמאָל האָט זי שוין געהאַט באַשלאָסען צו געהן צו איהם, ניט אַכטענדיג אויף איהר רעפּוטאַציע: זי ווייס זעהר גוט, אַז אויב זי געהט צו איהם, וועלען מענשען שוין ניט גלויבען, אַז זייי פאַראייניגט בלויז פריינדשאַפט.

און אין דער אמת׳ען איז דאָס געווען אַ געפיהל צווישען פריינד־שאַפט און ליעבע, אַ געפיהל וואָס האָט קיין נאָמען ניט. נאָך איהר טויט האָט מען צווישען איהרע פּאַפּיערען געפונען אַ געוועהנליכען ארבייטס־בוך. אויף דעם שער־בלאַט האָט בערנע אויפגעשריבען זיין נאָמען און די געוועהנליכע איינצעלהייטען. אויף דעם ערשטען בלאַט שטעהט:

| זיך געשטעלט דינען ווען? | וואו? | אויף ווי לאַנג? | וואָס פאַר אַ שטעלע? | טרעט ארויס פון דינסט ווען? |
| --- | --- | --- | --- | --- |
| יאַנואַר 1818 | ביי פרוי וואָהל | אויף אייביג | אַ פריינד | דעם טאָג ווען ער שטאַרבט |

עס קאָן ניט זיין קיין מעהר לאַקאָנישער אויסדרוק פון אַ פּריוי־ווילינגער לעבענסלאַנגער איבערגעבענהייט. און עס איז דורכגע־פיהרט געוואָרען ביז'ן לעצטען וואָרט. אויף זשאַנעטע'ס פּנים האָט גערוהט דער לעצטער בליק פון דעם שטאַרבענדען מאַן, און צו איהר האָט ער זיינע לעצטע ווערטער געזאָגט: „דו האָסט מיר פיעל גליק פאַרשאַפט".

אויף זשאַנעטע'ס פּאָרטרעט, וואָס בערנע האָט געהאַלטען פאַר אַ זעהר געראָטענעם, האָט מען געזעהן אַ פרוי מיט אַ לאַנגליך פּנים, רעגעלמעסיגע און אונאַנציהענדע שטריכען, אַ הוכען שטערן, אַ איינדרוקספולע, שעהן געפאָרמירטע מויל און קלאָהרע, גוט־הערציגע אויגען. איהר פעסטער קין ווייזט ענערגיע. זי האָט געהאַט, זאָגט מען, אַ אויסערגעוועהנליך זיסע שטימע, אין איהר נאַטור איז ניט געווען קיין אָריגינעלעס, און נאָך ווינציגער שאַ־פענדעס. זי איז געווען איינע פון יענע פרויען, וועמעס אינדיווי־דואַליטעט לעזט זיך אויף אין דעם מאַן, וועלכען זיי זיינען אי־בערגעבען. פאַר בערנע'ן איז איהר ווייבליכער טאַלאַנט איינצו־פלאַנצען גלויבען אין זיך זעלבסט, געווען אַ גליק. זי פלעגט זיך אַזוי פיעל באַליידיגען פון זיין איינענער אונטערשעצונג, און זיינע באַמערקונגען וועגען זיין אומפעהיגקייט, ווי אַן אַנדערער וואָלט דאָס געטאָן. זי איז געווען זיין טרייסט אין מענשענגעשטאַלט. אין איהר האָט ער געהאַט אַ מענשען, צו וועמען ער האָט געהאַט דעם גרעסטען צוטרויען, פאַר וועמען ער קאָן זיך פאַרטרויען ניט מוראהאַבענדיג מיספאַרשטאַנען צו ווערען און נאָך ווינציגער פאַר־ראַטען ווערען: און מיט וועמען ער קאָן טיילען אַלע זיינע ליטעראַרישע שאַפונגען. זי איז געווען פאַר איהם, אין אַ פאַרקלע־נערטען מאָס, דער אידעאַלער לעזער, פאַר וועמען ער האָט גע־שריבען.

אין איינעם פון זיינע קאָנפידענציעלע בריעף שרייבט ער, אַז זיינע געפילען פאַר זשאַנעטע זיינען כאַראַקטעריזירט אין דעם פאָל־גענדען אויסצוג פון דעם „נייער עלאָיזע": „עס איז יענע ריהרענדע פאַראייניגונג פון ליעבענדער נאָהענטקייט און אומפאַרענדערליכער מילדקייט, דאָס מיטפיהלען מיט יענעמס ליידען, דער זיכערער פאַרשטאַנד און טיפער געשמאַק וואָס איז אַ רעזולטאַט פון אַ

ריינער נשמה. מיט איין וואָרט, עס איז דער חן פון עמפּפינדונג וואָס איך פאַרעהר אין אייך."

און מיר דערוויסען זיך פון אַ בריעף וואָס זי האָט איהם געשריבען אין 1833, נאָכדעם ווי די פריינדשאַפט האָט שוין אַנגעהאַלטען זיבעצעהן יאָהר, אַז דאָס וואָס האָט איהם צו איהר צוגעצויגען איז געווען עהנליך צו דעם, וואָס ער האָט געפיהלט. זי ערקלערט דאָס ווי אַ סאָרט „אידעע פיקסע" אָדער כראָנישע קראַנקהייט, די אומרוהיגקייט וואָס זי פיהלט, ווען זי ערוואַרטעט אַ בריעף פון איהם. דעם טאָג, שרייבט זי, האָט זי געמוזט אויפגעבען איהר געוועהנליכע באַשעפטיגונג און זיך לעגען אויף דער סאָפע, און ווען דער בריעף איז שוין אָנגעקומען האָט זי געוויינט פאַר פרייד.

זי באַזאָרגט זיינע געלט־אַנגעלעגענהייטען, רעכענט אויס וויפיעל מען דאַרף איהם אויסצאָהלען, נעהמט פאַר איהם אָפּ זיין פּענסיע. איינמאָל האָט ער שטאַרק געוואָלט פאָהרען קיין איטאַליען און האָט צוליעב פינאַנציעלע שוועריגקייטען ניט געקאָנט אויספיהרען. נעהמט זי אַ לאָטעריי־בילעט מיט דער האָפענונג צו געווינען די נויטיגע סומע. און אַז זי פאַרלירט, וויל זי פאַרקויפען איהר פּיאַנאָ, נאָר זי געפינט אויס, אַז זי קאָן די נויטיגע סומע ניט קריגען 1), און דאָס אַלץ אָהן דעם רייץ פון ליעבע, אין דעם ענגערען זין פון'ם וואָרט. איהרע פריינט האָבען געהאַלטען, אַז זי וואָלט נאָך טאָן מעהר פאַר איהם. אין דער צייט ווען זי האָט געטראַכט, אַז מען וואָלט געדאַרפט פאַרעפענטליכען בערנע'ס בריעף צו איהר, האָט זי פאַר איהרען אַ פלימעניק אויסגעדריקט דעם נאַאיווען צווייפעל, צי עס איז מעגליך צו פאַרעפענטליכען בריעף איידער דער מענש, צו וועמען זיי זיינען געשיקט, שטאַרבט. דער פלימעניק האָט איהר באַמערקט, אַז ער צווייפעלט ניט

1) ביי דער געלעגענהייט שרייבט בערנע: „ליעבע האָט אַ סך מענשען געריהרט פון זינען, אָבער איך האָב קיינמאָל ניט געהערט, אַז פון גוטסקייט זאָל מען אַזוי ווערען, קיינער וואָלט דאָס ניט געקאָנט, נאָר איהר... עס איז גוט, וואָס איהר האָט קיינמאָל ניט געפונען דעם פאַסענדען מאַן פאַר אייער האַרצען — איהר קאָנט ניט פאַרטראָגען קיין וויין אַפילו געמישט מיט וואַסער".

פאַר אַ סעקונדע, אַז זשאַנעט וואָלט זיך געלאָזען באַגראָבען לעבע־דיגערהייט, אויב עס וואָלט נאָר גוט געווען פאַר דעם דאָקטאָר בערנע.

זיי זיינען אָפט אַרומגעפאָהרען צוזאַמען און, ווי עס ווייזט אויס, אויך צייטענווייז געלעבט צוזאַמען, אָבער זייערע באַציהונ־גען איינער צו דעם אַנדערען האָבען זיך ניט געענדערט. עס איז וואָרשיינליך, אַז בערנע, אין דער ערשטער צייט פון זייער פריינד־שאַפט, האָט איהר צוגערעדט, אַז זיי זאָלען חתונה האָבען, אָבער איהר שרעק, אַז זייערע באַציהונגען וועלען פאַרלירען זייער צויבער, אויב זיי זאָלען אויף דעם אָלטעגליכען אופן חתונה האָבען, — אַ שרעק וואָס בערנע אַליין האָט שפּעטער אויך געפיהלט — דאָס איז געווען דער אָפּהאַלט. אַזוי ווי זיי זיינען געווען פריי אָוועקצו־געהן איינער פון דעם אַנדערען ווען זיי האָבען געוואָלט, זעהט עס אויס אומגלויבליך, אַז זיי זאָלען קענען זיין צוזאַמען די אַלע יאָהרען אין אַזעלכע באַציהונגען. דאָ האָט געמוזט ווירקען אַ ביסעל, אפשר אומבאַוואוסטע, פיזישע אַפּאַטיע אויף איהר זייט אָדער אויף ביי־דענס. אַן אויסערליכע שטערונג צו זייער פאַראייניגונג איז זי־כער געווען דער אונטערשייד אין זייער רעליגיע. בערנע האָט באַלאַנגט צו דער קריסטליכער רעליגיע און זשאַנעטע צו דער אידישער; איהר אָרטאָדאָקסישע מוטער איז געווען שטרענג געגען איהר איבערגעהן צום קריסטליכען גלויבען. גרויסע שוועריגקייטען זיינען דאָן געווען פאַרבונדען מיט דער געמישטער הייראַט. אָבער דאָס איז ניט געווען די הויפּט־סבה. זשאַ־נעטע אַליין שרייבט, אַז אום צו הייראַטען בערנע'ן דאַרף מען האָבען „מעהר קוראַזש און מעהר זעלבסטזיכערהייט", ווי זי האָט. און דאָ זעהען מיר דעם מאַן וואָס איז אין דער יוגענד געווען אַזוי ליידענשאַפטליך פאַרליעבט, און וואָס האָט זיין גאַנצען לעבען גע־ליטען פון אייפערזוכט, זיך שנעל אויפגעהויבען צו דער העכסטער איבערגעבענהייט! נאָכאַנאַנד רעדט ער צו זשאַנעטע'ן, זי זאָל חתונה האָבען מיט אַ מאַן וואָס איז איהר ווערט און זי זאָל האָבען אַ גליקליכע היים.

אין 1821, ענטפערענדיג אויף די אויבען ציטירטע ווערטער, שרייבט בערנע: „איך שווער אייך ביי דעם אַלמעכטיגען גאָט,

אַז ווי שטאַרק און אַפּט איך זאָל ניט האָבען געוועזען אַרויסגערעדט מיין פערלאַנג, אַז איהר זאָלט זיין איינגאַנצען מיינע, האָב איך אָבער אַלע מאָל מעהר געטראַכט פון אייער גליק ווי פון מיינעם. מיין ליעבע פאַר אייך מאַכט מיך גליקליך, — וואָס נאָך קען מיר די הייראַט געבען, ווען מיין ליעבע קען זי שוין ניט פאַרגרעסערן? טראָץ דעם, וואָס איך האָב אייך דאָס קיינמאָל ניט געזאָגט, האָב איך, אָבער, שטענדיג מורא געהאַט אַז די הייראַט זאָל ניט אַראָפּ־שלעפּען אונזער שעהנע פריינדשאַפט צו דער אַלטעגליכער, קליינ־ליכער ווירקליכקייט. אָבער איך האָב גערעכענט און איך רעכען נאָך איצטער אַזוי, אַז א י ה ר וואָלט עפּעס געוואונען דערביי און דאָס וואָלט אינדירעקט פאַרגרעסערט מיין גליק. עס איז גאָר־ניט דאָ וואָס זאָל אייך אָפּהאַלטען פון הייראַטען אַן אַנדער מאַן, איהר און איך וועלען גאָרניט פערלירען דערפון".

מאָדנע, דער אמת פון דער לעצטער וואַגענדער באַהויפּטונג איז נעשטעלט געוואָרן אויף פּראָבע. אין אַ ציִמליך ווייטען על־טער האָט זיך זשאַנעטע ווירקליך פאַרליעבט און געהייראַט אַ מאַן וואָס איז געוועזען פיעל אינגער פון איהר. עס איז געוועזען די גענגע־זייטיגע בעגייסטערונג פאַר בערנען וואָס האָט זיי צוזאַמענגע־בראַכט און אין זשאַנעטעס ענטפער אויף דעם בריעף אין וועלכען שטרויס בעט איהר זי זאָל מיט איהם הייראַטען איז דאָ אַ לאַנגע שטעלע וועגען בערנען, וואָס איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש און פּראַסט אין איהר שעהנקייט, אַז מיר קענען דאָס, אין דער אָבשאַצונג פון בערנען ווי אַ מענש און שרייבער, ניט דורכלאָזען. זי שרייבט:

„דער דאָקטאָר האָט ניט קיינעם אין דער וועלט אויסער מיך. איך בין פאַר איהם אַ פריינד, אַ שוועסטער, אַלץ וואָס די ווערטער באַדייטען אין גוטסקייט, פריינדשאַפט און סימפּאַטיע. פאַרנינט איהר דאָס איהם ניט, איהם וואָס האָט קיין אַנדער זאַך אין לעבען און וואָס האָט שוין פריערען געשלאָסען מיט זיין שיקזאַל... באַ־נוגענט זיך אַפילו דערמיט... איך קען ניט טראַכטען וועגען קיין אַנדער מעגליכקייט ווי אַז דער דאָקטאָר זאָל האָבען דאָס רעכט צו קומען צו אונז ווען, ווי און אויף ווי לאַנג ער וועט נאָר וועלען, איינגאַנצען, אויב ער וויל נאָר. איך קען ניט זאָגען, א י ה ר, — מיין האַרץ איז צו פול—קענסטו רעכענען, אַז עטוואָס אַנדערש איז

מעגליך? אויב יע איז אַלץ אַנדערש ווי איך האָב געטראַכט. איך! — מיר! — חלום'ען פון פערלאָזען אַ מענש ווי דער דאָק־טאָר — ער וואָלט רואינירט געוואָרען, אַ פערלאָרענער מענש! איך וואָלט בעסער אַלעס אָוועקגעגעבען, בעסער געשטאָרבען, ווי האָבען דאָס אויף מיין געוויסען; איך וואָלט דאָס ניט געקענט טאָן ווען אַפילו איך וואָלט געוואָלט... איך ציטער איבער'ן גאַנצען קערפּער, און בין ווי טויט, שרייבענדיג נאָר די פּאָר ווער־טער וועגען דעם. קיין זאַך רעגט מיר אַזוי שטאַרק ניט אויף ווי דער בלויזער געדאַנק פון אַזאַ פאַרראַט. פון אַזאַ אונטריי־הייט פאַר אַזאַ איבערגעבענהייט. אַזוי לאַנג ווי איך לעב ביז מיין לעצטען אָטעם צוג וועל איך ליעב האָבען בערנען ווי אַ טאָכטער אַ פאָטער, ווי אַ שוועסטער איהר ברודער, ווי אַ פריינד אַ פריינד. אויב דו פאַרשטעהסט ניט, באַגרייפסט ניט די לאַגע, קענסטו מיך ניט גוט געגנוג — דאַן איז אַלץ פאַריבער, אַלץ איז פינסטער. איך קען שוין מעהר ניט שרייבען, אָבער מעהר איז שוין ניט נויטיג. איך בין צופרידען, וואָס איך בין שוין פאַרטיג".1)

די פּאַסירונגען האָבען באַוויזען, אַז שטרויס האָט פאַלשטענ־דיג פאַרשטאַנען זשאַנעטעס געפיהלען, און זיך פאַקטיש געטיילט מיט זיי. ער איז אויך געוואָרן בערנע'ס איבערגעבענער פריינד. פינף מאָנאַטען אין 1833, האָט בערנע געוואוינט מיט זיי אין דער שווייץ. דאַן האָבען זיי צוליעב איהם זיך איבערגעצויגען אין פּאַ־ריז, וואו זיי האָבען געוואוינט צוזאַמען ביז זיין טויט, פערברייני־גענדיג די זומערען אין האָטעל. דער איינציגער מענש, וואָס האָט זיך ערלויבט צו מאַכען פאַראַכטענדע באַמערקונגען אויף אָט די באַציהונגען איז געוועזען היינע, אין דער אונגליקליכער שטעלע אין זיין בוך „לודוויג בערנע", וואָס האָט געפיהרט צום דועל, אין וועל־כען היינע איז פאַרוואונדעט געוואָרען פון שטרויסען. היינע האָט נאָך דעם, מיט זיין אייגענעם פרייען ווילען, אויסגעשטראָכען יענע שטעלע. אָבער פון ערגערניש און פערדרוס, וואָס זיין רעפּוטאַציע

1) די אינפאָרמאַציע וועגען זשאַנעטען קען מען געפינען אין גאָטליעב שפּאַנער־אַרנדט'ס אַרטיקעל: זשאַנעטע שטרויס — וואָהל און איהרע בעציהונגען צו בערנען.

האָט געליטען צוליעב זיין ווערק ווענען בערנע, רופט ער אַז זשאַ־נעטען, אין געשפּרעכען, די העסליכע פרוי, וואָס איז אין זיין טרי־אומפירענדען מארשרוט, ווי דער אויסערוועהלטסטער דייטשער דיכטער, איהם פאַרביי געגאַנגען ווי אַ שלעכטער גייסט און פון דאַן אַז האָט ער גענומען פאַלען און זיין לאָרבער קראַנץ האָט זיך אין שטויב געוואַלגערט 1).

עס איז זיכער, אַז זשאַנעטע האָט היינען קיינמאָל ניט ענט־שולדיגט זיינע אונפערצייליכע פערלוימדונגען. דאָך איז קיינער ניט געווען ווינציגער „מאַלגעראַ" ווי זי. וואָס בערנע האָט איהר איינמאָל געשריבען, זיך וויצלענדיג מיט איהר, ווי זיין טבע איז געווען, וועגען איהר שלעכטע אָרטאָגראַפּיע, איז געווען כמעט ווי אמת. ער האָט איהר געשריבען, אַז אין דעם בריעף וואָס ער האָט יענעם טאָג פון איהר ערהאַלטען איז געווען ניט מעהר פעהלערען ווי זי אליין פערמאָגט; אין בריעף איז געווען איין פעהלער.

אין איהרע אַנשויאונגען קענען מיר נאָכפאָלגען די פאַרשיי־דענע טריט פון בערנע׳ס פּאָליטישער ענטוויקלונג. נאָך דער רעוואָ־לוציע אין יולי, איז זי אויך געוואָרן ראַדיקאַל דעמאָקראַטיש. ווי אמת און שעהן זיינען די אויסדרוקספולע ווערטער פון איהר ביאָגראַפער שנאַפּער־אַרנד: „זי דענקט אַם מעהרסטען מיט בערנע, צייטענווייז נענען איהם אָבער קיינמאָל ניט אַהן איהם. אָבער ווי עס ווייזט אויס איז זי פאַלשטענדיג זעלבסטשטענדיג אין איהר ליידענשאַפטליכער סימפּאַטיע מיט דעם פּוילישען אויפשטאַנד. אַ געפיהל וואָס איז אַזוי שטאַרק אַז זי וואַרפט פאַר בערנען, וואָס ער קען אין אַזאַ צייט שרייבען וועגען דער איטאַליענישער אָפּערא אין פאַריז. די פּוי־לישע ערד אַרבייטער — די פּוילישע פרייהייט — קיין אַנדער זאַך האָט איצט גאָר קיין ווערטה ניט. זי האָט גערעכענט, אַז יעדער איינער מוז מיט־העלפען: זי האָט איהרע טייערסטע זאַכען אוועק־געגעבען פאַר דער באַפרייאונג פון פּוילען; דייטשלאַנד׳ס גלייכ־גילטיגקייט איז פאַר איהר די גרעסטע שאַנדע, און די גרעסטע פרייד איז ווען זי קען שיקען בערנען באַווייזע פון דעם שטורעם

1) אַלפרעד מייסנער: עראינערונגען, ז. 79.

פון סימפּאַטיע און ענטוזיאַזם, פאַר פּוילען, וואָס האָט דייטשלאַנד אַרומגענומען".

* * *

## בערנע. — „די בריעף פון פּאַריז".

דער אויפשטאַנד אין פּוילען, וואָס האָט אָנגעהאַלטען פון ווינטער 1830 ביז זומער 1831 איז מיט דעם טיעפסטען אינטערעס נאָכגעפאָלגט געוואָרען פון אַלע אייראָפּייאישע פעלקער. אַלע האָבען פאַרשטאַנען אַז דער קאַמף דאַרף ענטשיידען, צי אין דער צוקונפטיגער אייראָפּאַ וועט הערשען דער אבסאָלוטיזם אָדער נאַציאָנאַלע פרייהייט. מיט אויסערגעוועהנליכען אינטערעס האָט מען נאָכגעפאָלגט די באַוועגונגען פון די שטרייטענדע צדדים. יעדער זיעג פון די פּאָליאַקען איז באַגריסט געוואָרען מיט ענטוזיאַזם. יעדער דורכפאַל איז באַדויערט געוואָרען. צום סוף פון קאַמף, ווען יעדער איינער האָט שוין געקענט זעהן אַז די פּאָליאַקען, אויב מען וועט זיי ניט קומען צו הילף, וועלען מוזען פאַלען, האָבען אַ גרויסע צאָהל דייטשע אונטערטאַנען אַפּעלירט צו זייערע רעגירונגען אַז מען זאָל שיקען פּוילען הילף. די דייטשען האָבען דאַן פאַרמאָגט יענע מעלה וואָס ביסמאַרק האָט שפּעטער געהאַלטען פאַר אַ חסרון — אַ חסרון, פון וועלכען ער האָט זיי אויסגעקורירט — פון זיין צופיעל פעראינטערעסירט מעהר אין אַנדערע פעלקער ווי אין זייער אייגען פאָלק. זיי זיינען געווען פעראינטערעסירט אַרויסצוהעלפען אַ פרעמד פאָלק, ווען אפילו די הילף זאָל זיין אויפ'ן חשבון פון דייטשלאַנד'ס מאַכט.

נאָכדעם, ווען די פּאָליאַקען האָבען פערלאָרען דעם קאַמף, האָבען די דייטשען זיי געגעבען באַווייזען פון זייער סימפּאַטיע, אַרויסהעלפענדיג די אַנטלאָפענע פון פּוילען, אויף ווי ווייט זיי האָבען נאָר געקענט, אין זייערע וואַנדערונגען איבער מיטעל אייראָפּאַ אויפ'ן וועג צו פראַנקרייך. אומעדום האָט מען זיי וואַרעם אויפגענומען; אַ קאָמיטעט האָט זיך געגרינדעט אין כמעט יעדער שטאָדט צו זאַמלען געלד פאַר זיי און זיי אַרויסהעלפען אין זייער רייזע. זשאַנעטעס בריעף צו בערנען, אין יענער צייט, ענטהאַלטען אַ סך באַדייטענדע איינצעלהייטען. זי דערצעהלט ווי פּוילי־

שע אַפּיצערען וואָס זײַנען געקומען מיט'ן וואַסער פֿון האַנאָו קיין פֿראַנקפֿאָרט זײַנען באַגלייט געוואָרען פֿון ענטוזיאַסטען, אַן אָר־קעסטער האָט געשפּיעלט און מען האָט זיי סאַלוטירט דורך האַר־מאַטען־שאָסען, ווען זיי זײַנען אָרײַנגעקומען אין דער שטאָדט, און די מאַסען האָט זיי געטראָגען אויף די שולטערען; ווען פּוילישע סאָלדאַטען האָבען דורך דער שטאָדט געמאַרשירט זײַנען אַלע קעפּ געווען ענטבלויזט. די שטאָדט האָט באַצאָהלט אַלע זייערע אויסגאַבען אין די האָטעלען. אַ פֿאַרוואונדעטער פּוילישער סאָלדאַט, וואָס איז געשטאָרבען אין איינעם פֿון די האָטעלען, איז באַגלייט געוואָרען צום קבר פֿון טויזענדער, אַרײַנרעכענענדיג די שטאָדט־מיליץ. פֿון אַ שטיקעל אײַזען, וואָס מען האָט אַרויסגע־נומען פֿון אַ פֿאַרוואונדעטען אַפּיצער, האָט אַ גאָלדשמיד אויס־געשמידט אַ שווערד און איהם דאָס פּרעזענטירט.

מיט דעם פֿאַלען פֿון פּוילען, איז אויך געפֿאַלען די פֿעסטונג וואָס האָט באַשיצט דײַטשלאַנד פֿון דעם אײַנפֿלוס פֿון דער רוסי־שער אויטאָקראַטיע. די נידערלאַגע פֿון פּוילען איז געווען די ני־דערלאַגע פֿון אַלע קעמפֿערס פֿאַר פֿרייהייט אין יעדען לאַנד. דער קלאַפּ איז געווען אַן ערשיטערענדער.

אַ מאַן וואָס האָט געוואוינט אין ברעמערהאַפֿען אין דער צייט ווען די טיפֿעלשע מאַשין, וואָס איז ענטדעקט געוואָרען פֿון דעם מאַסען מערדער טאָמאַס, האָט עקספּלאָדירט, דערצעהלט ווי גלייך נאָכדעם ווי ער האָט דעם שוידערהאַפֿטען קראַך געהערט, איז דורך זײַן פֿענסטער אַרײַנגעפֿלויגען אַן אָפּגעריסענע בלוטענדע האַנט און איז געפֿאַלען אויף זײַן שרײַב טיש, וואו ער איז געזעסען. אומגעפֿעהר עטוואָס ענליכעס האָט פּאַסירט מיט די דײַטשע שרײַבער ווען וואַרשע האָט זיך אונטערגעגעבען. די אָפּגעזונדערטע האַנט פֿון דער צוטרייסעלטער פּוילען איז אַרויפֿגעפֿאַלען אויף זייערע שרײַב־טישען. היינע שרײַבט אין 1831, אין זײַן אײַנ־לייטונג צו קאַלדאָרפֿס בוך וועגען אַריסטאָקראַטיע: „איך פֿיהל שרײַבענדיג, ווי דאָס בלוט וואָס איז פֿאַרגאָסען געוואָרן אין וואַרשע רינט פֿון מײַן פּאַפּיר און ווי דער נצחון געשריי פֿון די דײַטשע אָפּיצערען און דיפּלאָמאַטען וואָלט געקלונגען אין מײַנע אויערען".

די דריי מלוכות וואָס האָבן צוטיילט פּוילען צווישן זיך האָ־בען בעשלאָסען אויסצונוצען די געלעגענהייט וואָס דער זיעג האָט זיי געגעבען צו אַנטמוטיגען דעם אייראָפּייאישען ליבעראַליזם. דאָס איז פאָרגעקומען אין פיער לענדער אין דערזעלבער צייט — אין דייטשלאַנד, וואו דער „בונדעסטאַג" איז איינגעפיהרט געוואָרען, און פּרייסען און עסטרייך האָבען דורכגעפיהרט אַן ענערגישע רעַ־אַקציע; אין איטאַליען, וואָס האָט ווידער געדאַרפט אַקופּירט ווערען פון עסטרייך; אין פּאָרטוגאַל, וואו מען האָט געדאַרפט שטיצען דאָן מיגועל געגען זיין ברודער; און אין די נידערלענדער, וואו מען האָט געדאַרפט שטיצען דעם האָלענדישען קעניג געגען די רעבעלירענדע בעלגיער.

גלייך נאָכדעם ווי דער פּוילישער אויפשטאַנד איז אונטער־דריקט געוואָרען, האָט דער פּעטערבורגער קאַבינעט אַדרעסירט אַ נאָטע צו די דייטשע רעגירונגען, אין וועלכער רוסלאַנד האָט זיי געראַטען צו האַלטען אין צוים די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונגען אין זייערע לענדער, און זיי פאָרגעשלאָגען איהר הילף; די צענזור איז גלייך געוואָרען שטרענגער און אַ סך פּעריאָדישע צייט־שריפטען און צייטונגען זיינען אונטערדריקט געוואָרען. די פּאַר־לאַמענטען פון די זיד דייטשע שטאַאַטען האָבען פּראָטעסטירט, און די ליבעראַלע צייטונגען, זיינען, ניט אַכטענדיג אויף אַלע סטראַ־פונגען און וואָרנונגען, מיט יעדען טאָג געוואָרען ליידענשאַפט־ליכער און שטאַרקער אין זייער שפּראַך. דער אַלגעמיינער גלויּ־בען ביז איצט, איז געווען אַז די פירסטען ווילען טאָן וואָס ס'איז גוט פאַר'ן פאָלק. דער גלויבען איז מיט אַמאָל צעשמעטערט גע־וואָרען. מען האָט גענומען גלויבען, אַז די פאַראייניגונג פון אַלע דייטשע שטאַאַטען אין איין קאָנסטיטוציאָנעלע, דעמאָקראַטישע קערפּערשאַפט, איז נאָהענט. פּאָליטיש קורצזיכטיג, און אונטער'ן איינדרוק פון פאַרשיידענע סאָרטען אָפּטימיסטישע אידעען, איז דאָס אַלגעמיינע פאָלק ניט געווען ביכולת צו גלויבען אַז אַזאַ באַוועגונג, וואָס האָט זיך אָנגעפאַנגען מיט דער רעוואָלוציע אין יולי, קען זיך ענדיגען אָהן וועלכען עס איז פּאָליטישען רעזולטאַט. די קעמפּפער פאַר ליבעראַליזם האָבען געפּריידיגט דעם „פּראָגרעס" ווי אַ רעליגיע און די מענשען האָבען גענומען גלויבען אַז דער

פראַגרעם מוז נויטווענדיגערווייזע זיעגען, און אז יעדער פּאַרזוך אויף רעאַקציע וועט זיך שליסליך מוזען אויסלאָזען צום גוטען.

דאָס איז געווען די שטימונג ווען בערנעס ערשטער באַנד פון „די בריעף פון פאַריז" איז אַרויס און דורך וועלכען ער איז געוואָרען שטאַרק פּאָפּולער. דער באַנד איז גלייך פערבאָטען געוואָרען. (אין נאָוועמבער 1831.) די אונטערדריקונג און די מאַסע זידלערייען פון זיינע געגנער האָבען נאָך צוגעגעבען צו דער סענסאַציע וואָס די שאַרפע שפּראַך פון דעם בוך האָט געמאַכט.

דער סטיל פון „די בריעף פון פאַריז" איז נאָר צייטענווייז הומאָריסטיש, ניט ווי אין זיינע פריהערדיגע שריפטען ווען ער איז דאָס כמעט ווי אומעטום געווען. מיר געפינען איצט זעלטען יענעם שטילען, נאַכגעביגען הומאָר, ווי צום ביישפּיעל אין זיין כאַראַקטעריסטישער שילדערונג ווי ער איז געכאַפּט געוואָרען ביי־נאַכט און אַרעסטירט געוואָרען אין פראַנקפורט, אין 1820: מען האָט מיר ענטזאָגט אַ „שטיוועל קנעכט" (אַ ביינקעלע אויף אויסטאָן די שטיוועל), כדי דאָס טרויעריגע בילד פון קנעכטשאַפט זאָל ניט שטענדיג שטעהן פאַר מיינע אויגען; אַ גאָפּעל און מעסער איז מיר ערלויבט געווען צו נוצען בלויז אין דער אַנוועזענהייט פון וועכטער, כדי איך זאָל זיך קיין שלעכטעס ניט טאָן. פּאַפּיר, פען און טינט האָט מען מיר געגעבען נאָכדעם ווי איך האָב אַ לאַנגע צייט געבעטען, און פּאַפּיר אַ בעשרענקטע מאָס: זיי האָבען מורא געהאַט איך זאָל ניט קראַנק ווערען זיצענדיג צו לאַנג שטיל; יעדען אָוענד איז אַ וועכטער געקומען מיט אַ לאַמטערנע צו זעהן אויב דער אויווען רויכערט ניט, ווייל רויך קען נאָך פאַרשאַדען מיינע פיינע אויגען. ער האָט אויך איבערגעקוקט די גראַטעס פאַר'ן פענסטער צו פאַרזיכערען, אַז אַ גנב זאָל זיך ניט אַריינברעכען, א. ז. וו., א. ז. וו."

בלויז די ערשטע צייט פון זיין זיין אין פאַריז, ווען ער האָט נאָך שטאַרק געגלויבט אין די מעגליכע גרויסע פּאָליטישע געשעהעניסען האָט ער נאָך געקענט פריי און לייכט שפּאַסען (ווי צום ביישפּיעל, איבער דער גרויסער צאָהל פּרינצען היינריך רייס, גרייץ און שלייטץ וואָס ווערען איצט באַשטראָפט פון דער רעוואָלוציע אין גערא. פאַר אַלע צרות, וואָס ער האָט געהאַט אין דער

שול איינ׳חזר׳נדיג זייערע נעמען.)‏ ; דער שפּאַסענדער טאָן פאַר־שווינדט באַלד פון זיינע בריעף. עס בלייבט בלויז איבער פון זיין אַלטען סטיל דער שאַרפער איבערצייגענדער פאַרגלייך.

טראַכטענדיג וועגען זיין פאַטערלאַנד, איז זיין הויפט געפיהל— שאַנדע. אין די יולי טעג האָבען ענגלענדער און האָלענדער, שפּאַ־ניער און איטאַליענער, פּאָליאַקען און גריכען געהאָלפען קעמפען פאַר דער באַפרייאונג פון פראַנקרייך, וואָס האָט אויך געמיינט די באַפרייאונג פון אַלע פעלקער ; אָבער קיין דייטשען זיינען דאָר־ניט געוועזן. מיט איהר אַדמיניסטראַציע פון גערעכטיגקייט, איהר צענזור און איהרע צינזען וועט דייטשלאַנד באַלד זיין דער אַל־טערטום־מוזעאום פון אייראָפּאַ. אַם ערגסטען אָבער איז פאַר איהם די דייטשע לאָיאַליטעט און אונטערטעניגקייט : „די שפּאַניער, איטאַליענער, רוסען און אַלע אַנדערע זיינען שקלאַפען ; די פעל־קער אָבער וואָס ריידען די דייטשע שפּראַך זיינען לאַקייען. שקלאַ־פעריי מאַכט דעם מענשען בלויז אונגליקליך, עס דערנידעריגט ניט, דינערשאַפט דערנידעריגט“ (יאַנואַר דעם 25טען, 1831). אויף אַן אינטערנאַציאָנאַלען מאָהלצייט וואָס איז געגעבען געוואָרען אין פּאַ־ריז, זיינען געהאַלטען געוואָרן רעדעס פון ליבעראַלע פאַרשטעהער פון אַלע לענדער, און בערנע האָט פאַר שאַנדע ניט געוואָגט זיך אויפהויבען און ריידען אין דעם נאָמען פון דייטשלאַנד. ער האָט געטראַכט : די פּאָליאַקען, די שפּאַניער, וואָס האָבען גערעדט, רע־פּרעזענטירען זייערע לענדער, „אָבער וואָס רעפּרעזענטיר איך? אויף וועלכע טהאַטען זאָל איך ווייזען? איך שטעה אַליין, איך בין אַ לאַקיי און טראַג, ווי אַלע דייטשען, די ליווריי פון גראַף מינך־בעלינגהאַוזען“ (דעם 14טען דעצעמבער 1831).

נאָהענט פאַרבונדען מיט דעם געפיהל פון שאַנדע איז געוועזן אַ רעגונג פון כעס אויף אַלץ און אַלעמען. דאָס האָט געמאַכט דעם איינדרוק פון שוואַכקייט און קראַנקהאַפטיגקייט. יעדע זאַך, גרויס ווי קליין, וואַרפט איהם אריין אין אַ צאָרן. אַלץ — פון די שווערע ליידען פון די פעלקער און זייער לאַנגזאַם דערהויבען זיך צו רעוואָלטירונג, ביז אַ גראָבען בריעף פון ספּאָנטיני צו דעם בערלינער אָרקעסטער ; פון דעם פאַרשלאַג פאַר אַ פריינעבינען ציווילען געהאַלט פאַר לואיס פילעפּ, ביז אונפאָלקאָמענהייט פון אַ

ענציקלאָפּעדיע. מיט דער צייט פאַנגט ער אָן זוכען אַזעלכע אויפ־רעגונגען. מיר' טרעפען ביי איהם אַזעלכע אויסדרוקען ווי: „איך פיהל גוט ווייל איך בין געווען אין כעס". אדער „קיין גרעסערען פערגניגען קענט איהר מיר ניט פאַרשאַפען, ווי מעלדען מיר פאַלען פון דייטשער נאַרישקייט".

אָבער אין די יאָהרען גלייך נאָך דער רעוואָלוציע אין יולי, ווערט שאַנדע און האַס פאַרטרונקען אין אַ שטורעמדיגען ים פון האָפענונג. בערנע פיהלט אַזוי זיכער, אַז דער אַלוועלטליכער קאַמף פאַנגט זיך באַלד אָן און אַז אין דעם קאַמף וועט פרייהייט זיגען, ווי די ערשטע קריסטען האָבען געפיהלט, אַז דער סוף פון דער וועלט איז נאָהענט און אַז עס קומט דער טאָג ווען די צדיקים וועלען באַלוינט ווערען און די רשעים וועלען באַשטראָפט ווערען. ער איז אין אַ צושטאַנד פון ערביטערונג אין וועלכען עס איז פאַר איהם אוממעגליך צו ווערען דער געשיכטס שרייבער פון זיין צייט; ער פיהלט, אַז זיין מיסיע איז צו זיין דער נביא, „אין צוועלף לאַנגע בענד אויב נויטיג". 1)

אָה, בלויז די פעסימיסטישע פּראָפעטען בלייבען, פריהער אָדער שפּעטער, גערעכט. און בערנע איז אַן אָפּטימיסטישער פּראָפעט. אַן ענטוזיאַסט, מיט אַ נאַאיווען גלויבען אין זיין איינע־נעם וואונש. די פּאַסירונגען אין פראַנקרייך האָבען ביי איהם פערשטאַרקט דעם גלויבען, אַז די לעצטע שטונדע פון דער רעאַקציע האָט געשלאָגען. ער מאַכט זיך פאַרוואורפען פאַר וואָס ער האָט זיך געשעמט צו קושען די האַנט פון דעם און דעם פּראַנצויז. „די האַנט, וואָס האָט צוריסען די קייטען און האָט אונז שקלאַפען פאַר ריטער געמאַכט" (דעם 11טען סעפּטעמבער 1830). ער ווייס אַז די ענדע איז נאָהענט. קאַרל דער צעהנטער האָט ערגעץ וואו געלייגט אַ גרונדשטיין פאַר אַ געביידע, באַמערקט בערנע אַז עס איז שוין די העכסטע צייט אַז די קעניגע זאָלען זיך אויפהערען לעכער־

---

1) „וואָס, וואו, צו וואָס, מיט וואָס זאָל איך שרייבען ? דער באָדען ציטערט, עס ציטערט דער טיש, דער שרייב טיש, האַנט און האַרץ ציטערען, און פון שטורעם באַוועגט ציטערט די געשיכטע אַליין... פּראָפעט וויל איך זיין דורך גאַנצע צוועלף בענד".

ליך צו מאַכען לייגענדיג גרונדשטיינער פון געביידעס. עס וואָלט פאַר זיי בעסער געפּאַסט צו צוקלאַפּען דעם לעצטען שינדעל אויף דעם דאַך. ווייל די צייט איז נאָהענט ווען די קייזערליכע קוכערס וועלען זיך פרעגען איינע די אַנדערע: „פאַר וועמען וועלען מיר מאָרגען צוגרייטען מיטאָג?" (דעם 19טען סעפּטעמבער 1830). א מאָנאַט שפּעטער ענטפערענדיג אויף דער פראַגע: וואָס, נאָך זיין מיינונג, וועט פּאַסירען אין דער נאָהענטער צוקונפט? האָט ער אויסגעדריקט זיין פעסטע איבערצייגונג אַז דעם קומענדען פריה־לינג וועט גאַנץ אייראָפּאַ זיין אין פלאַמען פון א רעוואָלוציע. ער האָט רחמנות אויף די דיפּלאָמאַטען, ער פיהלט זיי מיט, מיט זיין גאַנצען האַרצען. ווען דער פוילישער אויפשטאַנד ברעכט אויס, גלויבט ער ניט אַז מען דאַרף זיך רעכענען מיט דער מעכטיגער רוסלאַנד, די פּאָליאַקען וועלען ניט אַזוי לייכט זיעגען ווי די בעלגיער אָבער אַז זיי וועלען זיעגען צווייפעלט ער ניט. און פּונקט ווי א רעפריין ווידערהאָלט ער די באַהויפּטונג, אַז איינע נאָך די אַנדערע וועלען אַלע פעלקער פון אייראָפּאַ זיך באַפרייען, בלויז דייטשלאַנד אַליין וועט בלייבען אין איהר מיזעראַבעלען צושטאַנד. און דאָך זעהט ער פאָראויס, צייטענווייז, דייטשלאַנד'ס רעטונג. ווען אין מאָסקווע האָט געבושעוועט די כאָליערע פערשטעהט ער די בעדייטונג דערפון, ער זעהט אין דעם, דעם פינגער פון גאָט: „דאָ איז נאָך א מאָל די נאַקעטע האַנט פון גאָט, די גרויס־מעכטע ווערען געשטערט צו מאָביליזירען גרויסע אַרמייען, און אויב זיי וועלען עס דאָך טאָן, האָב איך א פאַרגעפיהל — ניין, מעהר ווי דאָס, איך ו ו י י ס אַז די כאָליערע וועט טאָן דאָס וואָס קיין אַנדער מאַכט האָט ביז איצט ניט געקענט טאָן. עס וועט אויפוועקען דאָס לאַנגזאַמסטע און דערשראַקענסטע פאָלק אויף דער ערד צו ווייזען קוראַזש" (דעם 3טען נאָוועמבער 1830). זיין זיכערקייט אין דעם ענדליכען ערפאָלג פון די פּאָליאַקען ווערט שטאַרקער אויף דעם גרונד, אַז די וואָס האָבען נאָר איין אויסוועג: זיעגען אָדער טויט, מוזען זיגען. ביי דער ענדע פון דעם יאָהר 1830 איז ער זיכער אַז דער סוף פון די רעגירענדע הערשער איז נאָהענט. זיין „בעשיי־דענער" וואונש פאַר זיינע פריינד און פאַר זיך איז אַז 1831 זאָל פאַר זיי זיין א בעסערער יאָהר ווי פאַר די קעניגע און קיסרים.

ער וועט דאַרפֿן אַנזאָגן זיינע דינער: „אויב אַ קיסר וועט דאָ קומען, האַלט דיינע אויגען אָפֿן און לאָז איהם ניט אַליין אין מיין צימער". און ער ענדיגט מיט דער ערקלערונג, אַז אַ טויט אייער וועט אין 1831 זיין טייערער ווי אַ טויט פּרינצען. (דעם 26טען דעצעמבער 1830).

דעם 8טען יאַנואַר 1831, ערקלערט ער, אַז אויב די פּאָליאַקען וועלען קענען אויסמיידען אַן אָפֿענעם קאַמף, וועלען די רוסען „מעכטיג ווי זיי זיינען, מוזען פֿאַלען". אויסער דעם גלויבט ער נאָך איצט אויך אַז די פֿראַנצויזען, וועלען מיט בּאַ וואָפּענטע כחות קומען פּוילען צו הילף. פֿראַנקרייך וואָלט משוגע געווען ווען זי זאָל ניט אויסנוצען די אויסערגעוועהנליכע געלע־גענהייט אַבצושוואַכען רוסלאַנד'ס מאַכט. דעם 11טען פֿעב־רואַר איז ער פֿאַלשטענדיג זיכער אַז עס וועט זיין מלחמה. ער אַליין האָט קיינמאָל אין דעם ניט געצווייפֿעלט, נאָר אַ סך אַנדערע וואָס האָבען פֿריהער ניט געגלויבט אין דעם, האָ־בען איצט אַנגענומען זיין מיינונג. ער רופֿט אויס פֿול מיט פֿרייד: „פּוילען האָט נאָך אַ מאָל געקראָגען הילף פֿון אויבען. עס זיינען דאָ „כמעט ווי זיכערע" נייעס פֿון אויפֿשטאַנדען וואָס האָבען אויס־געבראָכען אין עטליכע רוסישע פּראָווינצען". דעם 6טען מערץ, ווען די לאַגע פֿון פּוילען זעהט שוין אויס זעהר שלעכט, האָט ער נאָך אַ פֿאַלשע שטיקעל נייעס מיט וואָס זיך צו פֿרעהען: אַ פּאַריזער קאָמערציעלע הויז האָט געקראָגען די נייעס אַז די רוסישע טרופּען זיינען צעוואָרפֿען און אויך אַז די ליטווינער האָבען רע־וואָלטירט. „דאָס וועט שוין אַלץ ענטשיידען". און ער איז פֿול מיט פֿרייד. פֿון איצט אָן און ווייטער וועלען די טיראַנען מורא האָבען פֿאַר פּוילען ווי קינדער האָבען מורא פֿאַר'ן קוימענקערער. ניקאָלאַי האָט זיך באַריהמט אַז ער וועט די פּאָליאַקען צונויפֿדרעהען ווי אַ קנויל באַוועל, פֿון דער קנויל איז געוואָרען אַ באָמבע וואָס האָט איהם צושמעטערט אויף שטיקלאַך! בערנע פֿאַנטאַזירט באמת, וועגען אַן עלומינירטער פּאַריז צו דער געלעגענהייט. דעם 18טען מערץ ווען עס איז שוין אוממעגליך געווען צו גלויבען אין די פֿרעה־ליכע נייעס, האָט ער שוין אַ נייע אורזאַכע בעגייסטערט צו ווערן. אַלץ איז גוט, ווייל אין פֿראַנקרייך אַליין איז אַן איבערבייטונג

אונפערמיידליך: „די לאַגע איז דאַ אזא אז איך ערוואַרט יעדען טאַג, ניין, יעדע שטונדע אַ רעוואָלוציע. עס קען ניט בלייבען ווי עס איז לייגגער ווי פיער וואָכען...“

דאס ערלויבען זשאַנעטען צו פערעפענטליכען זיינע בריעף, ווי זיי זיינען ארוים פון זיין פען, ניט רעדאַקטירט, און ניט גע־ענדערט איז אָהן צווייפעל אַ בעווייז ווי עהרליך בערנע איז געווען. ער האָט אפילו ניט געענדערט די פּראָפעטישע שטעלען וואָס האָבען זיך שוין ארויסגעוויזען צו זיין פאַלש. אָבער לייענענדיג זיי ווערט אונזער גלויבען אין זיין פּאָליטישער קענטשאַפט ניט פאַרשטאַרקט. די ווידערשפּרוכען פון זיין נביאות און די פּאַסירונגען אין לעבען זיינען צייטענווייז אזוי שאַרף אז זיי ווערען קאָמיש. דעם 25טען דעצעמבער איז ער אין פערצווייפלונג צוליעב לאַפאַיעט׳ס אומענט־שלאָסענהייט: לאַפאַיעט איז אַלמעכטיג. ער קען טאָן וואָס ער וויל נאָר. ער דאַרף בלויז סטראַשען, אז ער הערט אויף צו זיין דער קאָמאַנדיר פון דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע, און דער קעניג, די מיניסטאָרען און דער פּאַרלאַמענט וועלען איהם גלייך נאָכגעבען. דעם צווייטען טאַג, דעם 26טען דעצעמבער, מעלדעט ער, אז לאַ־פאַיעט איז פון זיין שטעלע אראָפּגעזעצט געוואָרען, און אפילו אַ הונט האָט ניט קיין ביל געטאָן. מאָרגע, זאָגט דער לעזער צו זיך אליין, אזא מין ליעבהאָבער פון פּאָליטיק זאָל זיך ניט נעהמען די מיה צו שטודירען די וויסענשאַפט פון פּאָליטיק, אום ער זאָל קענען ציהען שליסען מיט אַ ביסעל מעהר פאַרשטענדנים וועגען דער טע־מאַ; און ניט שרייבען טעגליכע זשורנאַליסטישע שרייבערייען, וואָס הייגט טויגען זיי און מאָרגען וואַרף זיי אין אויוועו אריין.

וואָס עס נאַרט בערנען שטענדיג אָפּ איז זיין אָפּטימיזם, אויף וועלכען מיר האָבען שוין פריהער אָנגעדייטעט, אַ אָפּטימיזם, וואָס איז אין דערזעלבער צייט נאַאיוו און פאַנאַטיש, וואָס האַלט אין איין ענטדעקען אורזאַכען, פאַרוואָס די שלעכטע פּאַסירונגען זיי־נען אין דער אמת׳ען די בעסטע. דעם 31טען מערץ ציטערט ער פאַר דעם שיקזאַל פון פּוילען, און ער ערקלעהרט, אז ער איז צוגע־גרייט פאַר דאָס ערגסטע, „אָבער“ זעצט ער פאָר, „אזא זיעג איז ערגער פאַר די רוסען ווי אַלע זייערע נידערלאַגעס. דער שטאָלצער ניקאָלאַי וועט ווערען חוצפה׳דיג, ער וועט אָנפאַנגען גלויבען, אז

ער קען טאָן מיט פראַנקרייך וואָס ער האָט געטאָן מיט פוילען". וואָס פאַר אַן אורזאַכע פון בערוהיגונג! בערנע פאַנגט איצט אָן האָפען אויף אַ רעוואָלוציע אין פראַנקרייך, וואָס זאָל צעטרייסלען אַלע טראָהנען. אָבער זי קומט ניט, דאַן ענטדעקט ער אַז די רוהיג־קייט אין פראַנקרייך איז ערגער פאַר די געקרוינטע קעפּ ווי יע־דער אַנדער זאַך. דעם 30טען נאָוועמבער 1831 שרייבט ער: „פראַנקרייך איז פאַר פערציג יאָהר די מויל פון דעם פייער־שפּיי־ענדען באַרג — אייראָפּאַ. ווען די מויל הערט אויף אַרויסצושיסען פלאַמען, איז קיין איין טראָהן אין אייראָפּאַ ניט זיכער אַפילו פאַר איין נאַכט... קיין זאַך קען ניט זיין ערגער פאַר די קעניגע ווי דאָס פאַלען פון וואַרשע, זיי האָבען צושטערט אַ וואונדער און איצט מיינען זיי אַז זיי קענען אַליין וואונדער טאָן". אין אַנדערע ווערטער, אַ רעוואָלוציע אין פּאַריז איז גוט, ניט קיין רעוואָלוציע איז נאָך בעסער; דער זיעג פון פוילען וואָלט געווען די רואינע פון די קעניגע, דער פאַלען פון פוילען איז נאָך ערגער פאַר זיי.

די כיבה פון דעם אַלעמען איז בערנעס זאַנדערבאַרער בלינדער גלויבען אין גאָט, וואָס ווערט זעלטען אונטערבראָכען פון צוויי־פעל. די פאָרמולע, צו וועלכע בערנע קעהרט זיך אַלע מאָל אום ווען איהם איז שלעכט, איז דאָס פערלאָזען זיך אויף גאָט. ניקאָ־לאַי געהט מיט אַ געוואַלדיגער מאַכט אויף פוילען, בערנע „פער־לאָזט זיך אויף גאָט". פאַקטיש האָבען נאָר די פוילישע אַדעליגע רעוואָלטירט, אָבער בערנע „פערלאָזט זיך אויף דער חכמה פון גאָט און די נאַרישקייט פון זיינע זאַגענאַנטע רעפּרעזענטאַנטען". ער אַליין, זאָגט ער, איז קליגער ווי גאַנץ פראַנקרייך, ווי ער איז געווען קליגער פון גאַנץ דייטשלאַנד. וואָרום? ווייל ער „גלויבט אין גאָט און דער נאַטור", ווען די אַנדערע גלויבען אין מענשען און פּאָליטיק.

דאָך וואַקעלט זיך צייטענווייז זיין גלויבען. מיר האָבען גע־זעהען ווי ער האָט זיך געפּרעהט מיט דער כאָליערע, ער האָט אין דעם געזעהן אַ פינגער פון גאָט, ער האָט געפיהלט, אַז עס וועט טרייבען אַפילו די דייטשען צו רעוואָלטירען. און ניט מעהר ווי צוויי מאָנאַטען שפּעטער (דעם 19טען יאַנואַר 1831), שילדערט ער די פאָלגען פון דער כאָליערע, ווי עס פּאַראַליזירט אַלע פעלקער

און העלפט אפּצושאַפען דאָס ביסעל פרייהייט וואָס ס'איז דאַ. פריהער האָט ער געשריבען: „וואָס קיין אַנדער מאַכט קען ניט טאָן וועט די כאָליערע טאָן", איצט איז עס פּונקט דער געגענזאַץ: „וואָס די רוסישע צאַרען, וואָס דער טייפעל אַליין קען ניט אָפּהאַל־טען, האַלט די כאָליערע אָפּ". און ער, וואָס האָט געזעהן אין דער מגפה „גאָטס נאָקעטע האַנט" שרייט איצטער אויס: „און די גייסטליכע ווילען נאָך אַז מיר זאָלען גלויבען אין אַ הימלישער גערעכטיגקייט!" ניין מאָנאַטען שפּעטער (דעם 25טען נאָוועמבער 1831), דרעהט ער זיך אַרום מיט אַ חכמה'דיגען זינלאָזען וויץ: „ניט אָפּט שיקט גאָט אַראָפּ אַ קאָמיסיע פאַר גערעכטיגקייט פון הימעל, אונטערצוזוכען די פערוואַלטונג פון זיינע פאַרשטעהער, און ביז איצט, ווען אַזאַ זאַך האָט פּאַסירט האָט עס גאַרנישט גע־האָלפען. די הימלישע פאַרשטעהער פיהלען זיך ניט היימיש אויף דער ערד, זיי מאַכען טעות'ן, און נעהמען אַפילו כאַבאַר. לעצ־טענס האָבען מיר געזעהן אַזאַ פאַל אין דער אַזיאַטישער כאָליערע, וואָס האָט באַשטראָפט די אונטערדריקטע אַנשטאָט די אונטער־דריקער. גאָט העלפט בלויז די וואָס העלפען זיך אַליין".1)

בלויז איין מאָל ווען דאָס פאַלען פון פּוילען איז שוין געווען אומפאַרמיידליך (דעם 5טען מערץ 1831), פיהלען מיר אַז בערנע ווערט ערנסט אומזיכער אין זיין סיסטעם. ווען די רוסען זיעגען באַנוצט ער, ווי געוועהנליך, זיינע באַליעבטע ווערטער — גאָט, טייפעל א. ז. וו., ער קומט צום שלוס אַז „אַפילו ניט די חכמה פון גאָט, קיין זאַך ניט, אויסער די נאַרישקייט פון טייפעל קען איצ־טער פּוילען העלפען". און דאַן אונטערברעכט ער זיך אַליין מיט דער פראַגע: „אָבער איז גאַר אין גאַנצען דאַ אַ גאָט? מיין האַרץ צווייפעלט ניט אין דעם אָבער דער קאָפּ ווערט צייטענווייז צומישט: און ווען עס איז אַפילו יע דאַ אַ גאָט, וואָס פאַר אַ נוצען האָט דער שטערבליכער מענש פון אַזאַ איביגען גאָט? וואָלט ער גע־ווען אַ שטערבליכער ווי מיר... וואָלט ער גענומען חשבון פון צייט און לעבען און וואָלט די גערעכטיגקייט אויף אַזוי ווייט ניט אָפּ־געלעגט; ער וואָלט ניט געוואַרט צו באַצאָהלען דעם צוקונפטיגען

1) בערנע, 3טער באַנד — 75, 86, 43, 99 און 267.

דור דעם חוב פון זייערע זיידעס. פרייהייט קען און וועט טרי־אומפירען פריהער אדער שפעטער; אבער פאַרוואָס ניט איצט? עס קען נאָך טריאומפירען אויף מאָרגען נאָך פוילענ׳ס פאַלען, און דאָס וואָלט געגוג געווען צו צוברעכען איינעמם הארץ... איז דען דאָ אַ גאָט? איז דאָס גערעכטיגקייט? מיר האַסען קאַניבאַלען, ווילדע, וואָס עסען דאָס פלייש פון זייערע שׂונאים. אבער מיר ליידען פון אַן ערגערען סאָרט קאַניבאַליזם פון אונזער צייט, און שטעלען זיך צופרידען מיט דעם מאַטערענדען, אויסשלאַכטענדען און צופרעסענדען קאַניבאַליזם פון קערפּער און גייסט, מיט זיינע פריידען און גליק, מיט זיינע פאַרלאַנגען און האָפענונגען, אום אַזוי אַרום צו באַשאַפען אַ מעגליכקייט צו בליהען פאַר דער צוקונפט״.1)

אַ פּאָר טעג שפּעטער אבער קעהרט ער זיך אום צו זיין גע־וועהנליכען גלויבען אין גאָט און צו זיין אָפּטימיזם, פון וועלכען קיין ענטוישונג קען איהם ניט צוריקהאַלטען.

דאָ און דאָרט אין די בריעף שטויסען מיר זיך אָן, אָן ריינער פּאָליטישער פּלוידעריי, ווי די פאַנטאַזיעס וועגען די קאָנזעקווענצען פון דעם אויפשטאַנד אין האַנאָווער. און דאָ און דאָרט געפינען מיר בעווייזען פון נאַרישער לייכטגלויביגקייט, ווי צום ביישפּיעל, ווען בערנע לאָזט זיך איבעררעדען, אַז דאָס איז מעטערניך וואָס פאַראור־זאַכט די אַלע אומרוהען אין זיך דייטשלאַנד, כדי ער זאָל קענען פאַר־כאַפּען בייערן ווען די אַרמייי וועט זיין פאַרנומען אין אַן אַנדער פּלאַץ. און אַז עס איז דער געהיימער אַבזיכט פון לואיס פיליפּ צוריק אויפצובויען די דינאַסטיע פון קאַרל דעם צעהנטען.

אבער גאַנץ אָפט זעהען מיר שטעלען ביי איהם פון אמת׳ער פּאָליטישער שאַרפזיניגקייט, אַ נאַטירליכע פעהיגקייט אויפצוכאַ־פּען אַ סיטואַציע און אַן אונגעוועהנליכע פעהיגקייט פאָראויס צו זעהן זאַכען.

דעם 9טען נאָוועמבער 1830, בלויז פיער מאָנאַטען נאָך דער רעוואָלוציע, האָט שוין בערנע פאַרשטאַנען אַז אַלעס וואָס ס׳האָט פּאַסירט האָט בלויז אַ ווערטה פאַר די אינדוסטריעלע מאַגנאַטען. די וואָס פאַרשטעהען גאָרניט אויסער „מורא און געלד״, האָבען

---

1) בערנע, 3טער באַנד — 159, 160.

נעקראַגען די מאַכט. און ער איז גאַנץ זיכער, אַז אַזוי ווי די רעוואָלוציע האָט איהר ציעל ניט דערגרייכט, וועלען די וואָס האָ־בען די מאַכט זיך ענטזאָגען צו זעהן אין דעם עטוואָס אַנדערש ווי אַן איבערבייטונג פון אַ דינאַסטיע, בכן איז אַ נייע רעוואָלוציע אונ־פערמיידליך. און „מען מעג איהר אויף זיכער ערוואַרטען". און אַ וואָך שפּעטער, דורך אַ קלאָרער באַטראַכטונג פון די פאַקטען, ציט ער אַ לאָגישען שלוס, און ערקלערט ווי די פּאַסירונגען וועלען נאָכפאָלגען איינע די אַנדערע; ווי די סוחרים און פאַבריקאַנטען וואָס האָבען פופצעהן יאָהר צייט געקעמפּט געגען אַריסטאָקראַטיע, ווילען שוין, גלייך ווי זיי האָבען נעקראָגען די מאַכט פאָרמירען אַ נייע אַריסטאָקראַטיע, אַ געלט אַריסטאָקראַטיע, ניט ווי די אַלטע וואָס איז געווען באַזירט אויף פּרינציפּען, נאָר איינע וואָס איז באַזירט אויף דער פּריווילעגיע פאַר דעם וואָס האָט אייגענטום; דאָס פראַנצויזישע פאָלק מיט זיין ליעבע צו גלייכהייט וועט אין דער קומענדער רעוואָלוציע אַטאַקירען דאָס וואָס איז איצט דער פונדאַמענט פון די פּריווילעגיעס אייגענטום, און דער פּראָצעס וועט זיין אַזאַ שוידערהאַפטער ווי קיין איין פריהערדיגע רעוואָלוציע האָט נאָך ניט געזעהן. בערנע, ווי מיר זעהען, זעהט פאַראויס דעם סאָציאַליזם אַלס אַ מאַכט; ער זאָגט נביאות אויף דער קאָ־מונע. אַ יאָהר שפּעטער (דעם 1טען דעצעמבער 1831) פיהלט ער אַזוי זיכער אַז דאָס וועט פּאַסירען, אַז ער שרייבט: „איך זעה אַזוי קלאָר די גרויסע מלחמה צווישען די אָרימע און די רייכע, אַז איך פיהל ווי איך וואָלט דאָרט איצט אין מיטען געווען". און אין דער פעריאָדע, טראָץ זיינע מאָראַלישע פאָראורטיילען, איז ער גע־קומען צום שלוס אַז די הויפּט זאַך איז צו קעמפען פאַר רעכט גע־שטיצט פון מאַכט. אויב דאָס איז ניט מעגליך, דאַן איז די איינ־ציגע זאַך וואָס בלייבט צו טאָן, צו ריהרען די מענשליכע הערצער און געווינען זיי פאַר דעם גוטען צוועק, אַפּעלירענדיג צו זייערע געפיהלען און צו פערפאָלגען די טיראַניי מיט שפּאָט, האַס און פעראַכטונג. עס איז דורכאויס נוצלאָז צו זיין עהרליך און האָ־בען דאָס רעכט אויף מיין זייט. ניין: „זייער עהרליכקייט איז זייער גיפט. זיי שטעלען זיך פאָר אַז די הויפּט זאַך איז צו זיין, און צו באַווייזען אַז זיי האָבען רעכט. זיי רעדען וועגען פרייהייט

ווי אַ יוריסט וואָלט גערעדט וועגן עפּעס אַ שטיק אייגענטום, ווי מען וואָלט ביי זיי אַרגומענטען פֿערלאַנגט". (דעם 1טען פֿעברואַר 1831).

דער מענש, וועמען מיר זעהען אין די בריעף איז, נאָך אַלעמען, ניט מעהר ווי אַ פּאָליטישער ענטוזיאַסט, אַ ליעבהאַבער פֿון פֿריי־הייט, אָבער ניט קיין שטאַאַטסמאַן. ער האָט ניט נאָר ליעב דאָס פּראָסטע פֿאָלק, נאָר, ווי רוסאָ, באַוואונדערט ער באמת די מענשען וואָס זיינען ניט „פֿאַרדאָרבען" געוואָרען פֿון רייכטום און בילדונג; און האַנט אין האַנט מיט דער באַוואונדערונג געהט שטענדיג דער וואַקסענדער האַס געגען אַלע געזעצליכע הערשער און פּרינצען פֿון אייראָפּאַ. ווען בערנע פֿאַרוואַרפֿט זיין געזעצליכקייט צוזאַמען מיט זיינע אילוזיעס, קומט ער צום ניהיליזם. „צווי וויסען, אַז צעהן איילען האַנפֿען־שטריק איז גענוג צו געבען דער וועלט פֿרידען, גליק און רוה". „דאָס פֿאָלק — די קעניגע, — דאָס פֿאָלק — די קעניגע, — צווישען די צוויי פּאָליוסען וויעגט זיך דער פּער־פּענדיקעל פֿון בערנע'ס פּאָליטישען געדאַנק: דאָס זיינען געווען די פּאָליוסען פֿון דעם פּאָליטישען געדאַנק פֿון יענער צייט. און עס איז נאַטירליך געווען, ער זאָל זיך אָפּשטעלען ביי דעם אַנטיטעזיס, ווייל ער איז, אין גרונד גענומען, געווען אַ דעמאָקראַט. אַזאַ מין איבערגעבענער דעמאָקראַט, אַז, ווי ער אַליין האָט אונז אָפֿען גע־זאָגט, ער אינטערעסירט זיך גאַרניט מיט דעם שטודיום פֿון דעם איינצעלנעם מענשען. עס איז פֿאַר איהם געווען אַזאַ איבעריגע זאַך צו אונטערזוכען די אייגענטימליכקייטען וואָס אונטערשיידען איין מענשען פֿון דעם צווייטען, ווי צו לעזען אַ שווערע האַנט־שריפֿט. ער האָט מעהר ליעב זיך צו באַשעפֿטיגען מיט דער מענש־הייט אַלס גאַנצעס און מיט ביכער. (דעם 3טען נאָוועמבער, 1830). עס איז קיין וואונדער ניט, וואָס איהם פֿעהלט די פּסיכאָלאָגישע קענטניס, וואָס מיר זוכען אין גרויסע שרייבער. דערפֿאַר אָבער האָט ער דעם מיטגעפֿיהל מיט גאַנצע פֿעלקער, מיט קלאַסען, מיט אַ גרויסען קרייז לעזער, וואָס גיט אַ שרייבער די מעגליכקייט צו עלעקטריזירען אַ פּובליקום און פֿאַרזיכערן פּאָפּולאַריטעט פֿאַר זיין

לעבענס־צייט, אפילו צו אַן אייגענטימליך פּרעכטן שרייבער, וואָס פאַרנעמט אַן אייגענטימליך אומזיכערע פּאָזיציע.

בערנע׳ס אורטייל אויף איינצעלנע פּערזאָנען, איז ניט קיין פּאַר־אורטייל, און ער איז אויך ניט אומגערעכט צו זיי. אין געגנטייל: מען זעהט ביי איהם רוהיגקייט און גוטוויליגקייט פון אַ גרויסען גייסט; צייטענווייז ווייזט ער אָבער ארויס אַ קליין־בירגערליכע אַנטיפּאַטיע צו אַלץ וואָס איז איבער־אַריסטאָקראַטיש און אַן איבער־טריבענע איבערגעבענקייט צו אַלץ וואָס איז געוועהנליך. ווען דע מוסע ערשיינט, דערזעהט ער ביי איהם גלייך אַן עהנליכקייט צו היינע׳ן, און עס וואונדערט איהם ווי די שטריכען קומען צו אַ פראַנצויז. ער דערזעהט גלייך, און איבערשעצט אפילו בערלויז׳ס גרויסקייט, און אַלע ווייסען, ווי פאַרנאַכלעסיגט און מיספאַרשטאַ־נען בערליוז איז געווען. ער גיט אַ ווירדיגע אָפּשעצונג פון פּרינץ פּיוקלער׳ן, אהן היץ, נאָר מיט דער נויטיגער פאַרשטענדנים; נאָר ער קאָן ניט פאַרשטעהן ווי עס איז מעגליך געווען צו מיינען, אַז פּיקלער׳ס קלוגע, נאָר אין גרונדגענומען, ניט קיין פּאָעטישע בריעף, זיינען געשריבען געוואָרען פון היינע׳ן, און אין היינע׳ן אַליין איז איהם בלויז אומסימפּאַטיש דאָס, וואָס ער פאַרגעטערט אַזוי שטאַרק נאַפּאָלעאָנ׳ן, אין אַלע אַנדערע פעלע רעספּעקטירט ער, ניין, באַ־וואונדערט איהם.

באַלעהרענד אינטערעסאַנט איז בערנע׳ס ליעבע צו פּאַל דע קאָק, זיין וואַרימע אָפּשאַצונג און די ליעבע, מיט וועלכע ער לעזט דורך אַכט בענד פון זיינע נאָוועלען איינע נאָך די אַנדערע. בערנע באַוואונדערט אין איהם זיין נאַאיווע אָבער פּינקטליכע פאַרשטע־לונג פון דער פאַריזער קליין־בורזשואַזיע. ער געהט אַזוי ווייט, ווי צו לויבען, אמת האלב אין שפּאַס, דע קאָק׳ס פילאָזאָפיע פון לעבען, און ביי אַ כמעט ניט־פּאַסיגער געלעגענהייט קעהרט ער זיך אום צו זיין אַלטער ליעבלינגס־טעמאַ. ער שרייבט: „ער גיט אונז ניט, ווי געטע אין זיין ווילהעלם מייסטער, דידאַקטישע בריעף מיט שוואַמען, נאָר אַ גוטע קרעפטיגע פילאָזאָפיע, געקליידעט אין דעם פּאַסאַן פון דער בורזשואַזיע". (דעם 3טען מערץ, 1831). פּויל דע קאָק געריהמט אויפ׳ן חשבון פון געטע!

אויב אַט דער סאָרט קריטיק רעדט זעהר ווענינ פאַר זיין

עסטעטישען געשמאק, האבען מיר אבער וועגען זיין פאליטישער שארפזיניגקייט איבערציינגענדע באווייזע אין זיין אורטייל וועגען טאלייראן. אין 1830 פיהלט ער גאנץ זיכער, אז טאלייראנ׳ס טעטיג־קייט אין לאנדאן וועט א סך נוצען ברענגען צו פראנקרייך. און זיין צוטרויען ווערט ניט געמינדערט דערפאר וואס די פאריזער האבען אזוי פיינט דעם דיפלאמאט. ער זעהט קלאר די לעבערליכקייט פון די ליבעראלע צייטונגען וואס באקלאגען זיך אויף איהם, אז ער, זייענדיג איינער פון די וואס האבען פארפאסט דעם פרידען אין וויען, וועט זי־כער אונטערשטיצען דעם הייליגען אליאנס. ער פארשטעהט, אז ניט דער הייליגער אליאנס און ניט קיין אנדער זאך איז פאר טאלייראנ׳ן הייליג. א לאנגע צייט שפעטער דערמאנט ער די אומזיניגקייט פון דער באשולדיגונג נעגען דעם שארפזיניגען דיפלאמאט וואס האט געדיענט און פארראטען אלע רעגירונגען איינע נאך דער אנדערער. פיין און ריכטיג ווייזט ער אן, אז ער האט קיין איין רעגירונג ניט פאררראטען, ער האט זיי בלויז פארלאזען, און דאס שוין נאך זייער טויט. אין טאלייראנ׳ס הארטען פנים לייענט בערנע נויטווינדיג־קייט, ווי פון בראנז אויסגעגאסען.

אבער די הויפט־אורזאכע פון בערנע׳ס ווילדע אורטיילען דארף מען זוכען ניט אין זיין אינטעלעקט, נאר אין זיין הארץ, אין דער צערטליכקייט פון זיין נאטור, אין זיין נייגונג צו גוטמוטיגע אפשא־צונגען, וואס ווערט ניט ווידערשפראכען פון זיינע שארפע און ניט איבערלעגטע באמערקונגען; און זיי אליין, ווען מען באטראכט זיי נאר גוט זעהט מען, אז זיי זיינען נאר אויסדריקע פון זיין ליעבע צו מענשען. ער איז געווען א ליעבענדער מענש, און אויף אזוי ווייט א קריסט אין נאטור און אינסטינקט. דאס איז אויך די ער־קלערונג פון זיין שמד׳ן זיך. פארוואורפען איהם היפאקריט־סטווא איז נאריש. זיין אויפפאסונג פון קריסטענטום איז פילייכט ניט קיין טיעפע ,אבער עהרליך און פון פערזענליכער איבערציינונג. ער ווערט א קריסט, ווייל ער איז א דעמאקראט און הומאניסט. פאר איהם איז קריסטענטום ניט בלויז א פארטזעצונג און אור־שפרונג פון אידענטום, נאר א רעליגיע פון דער מענשהייט און ספעציעל „א רעליגיע פון אלע ארעמע טייוואלים". יעדער איינער וואס האט ליעב געהאט זיינע מיטמענשען איז, אין בערנע׳ס אויגען,

געוועזן אַ קריסט. נאָך מעהר, קריסטענטום איז פאַר איהם געוועזן די רעליגיע פון פרייהייט, ספּעציעל אין איהר קאַטוילישער געשטאַלט: ווייל עס איז געוועזן די קאַטוילישע מאַכט, וואָס האָט די רוימישע וועלט־מאַכט צושטערט. אין דער שטאַרקער ליעבע צו פרייהייט פון די פּאָליאַקען זעהט ער די באַפרייענדע קראַפט פון קאַטאָליציזם 1).

בערנע אַליין גלויבט ניט אין די דאָגמען פון קריסטענטום, און גלויבט אויך ניט, אַז עס איז נויטווענדיג צו גלויבען אין זיי: דאָך איז יעדע אַטאַקע אויף די דאָגמאַס פאַר איהם אַפּשטויסענד. ער לאַכט פון דעם סען־סימאָניזם, ווייל ער איז געגען דער קריסטליכער רעליגיע און ער האַלט, אַז שטרויס'עס „לעבען פון יעזוס" איז ניט נאָר אַ נוצלאָז בוך, נאָר אַ שעדליכעס. דורך דעם קאָנען מיר פאַרשטעהן, ווי עס איז געוועזן מעגליך פאַר איהם, אין די לעצטע יאָהרען פון זיין לעבען, באַאיינפלוסט צו ווערען פון אַזאַ דעמאָקראַטישען קאַטאָליק ווי לאַמעניוס, וועמעס בוך „ווערטער פון אַ גלויביגען", ער איבערזעצט און איבערשאַצט. רעליגיעזער ראַדיקאַליזם, ווי ער געפינט דאָס אין דעם בוך, איז געוועזן דער כשוף, אויף וועלכען די פרייע און פאַרשלאָסענע כחות פון זיין נשמה האָבען אָפּגעענטפערט.

אין דעם ערשטען באַנד פון „די בריעף פון פּאַריז" פאָלגט בערנע נאָך די אַלגעמיינע שטימונג פון דער אָפּאָזיציע אין דייטשלאַנד. ער וואַנדערט פון פאַרליעבע צו קאָנסטיטוציאָנאַליזם צו דער האָפנונג פאַר אַ רעוואָלוציע. אין אַפּריל 1832, נאָך ניט קיין זעקס מאָנאַטען נאָך זייער ערשיינונג, האָט איינער פון די פיהרער פון דער אָפּאָזיציע, דר. סיבענפייפער, ארויסגעלאָזען אַן אַלגעמיינע איינלאַדונג צו אַלע דייטשע נאַציאָנאַליסטען, צו קומען צו אַ נאַציאָנאַלען יום־טוב, וואָס וועט אָפּגעהאַלטען ווערען אין דעם שלאָס פון האַמבאַך, ניט ווייט פון נייטשטאַט דעם 21טען מאַי, צו דעם יאָהרעספעסט פון דער באַירישער קאָנסטיטוציע. עס האָט

1) דאָס איינציגע פאָלק פון צפון, וואָס האָט פאַר דריי הונדערט יאָהר ניט אויפגעהערט צו קעמפען פאַר איהר באַפרייאונג איז פּוילען, און זי בלייבט קאַטאָליש.

גענוצט זיין א יום־טוב פון ברודערשאַפט פאַר די אַלע, וואָס שטרע־בען פאַר א דייטשער ווידערנעבורט. דער יום־טוב איז אָבער גע־ווען אַזוי פאַרדעכטיג, אַז די רעגירונג פון דער רהיינישער באַיערן האָט איהם פאַרבאָטען. אין דערזעלבער צייט ווערט פאַר פרעמדע פאַרבאָטען אריינצוקומען אין ניישטאָט און אומגעבונג פון דעם 26טען ביז דעם 28טען מאַי און אַלע פאַרזאַמלונג פון מעהר ווי פינף מענשען אין די גאַסען אדער אַנדערע עפענטליכע פּלעצער ווערען פאַרווערט. דער פאַרבאָט האָט ארויסגערופען אזא אַלגעמיינע אומ־צופרידענהייט, אַז מען האָט איהם געמוזט צוריקרופען.

מענשען זיינען פון אַלע זייטען צו דעם יום־טוב געקומען. כמעט אַלע דייטשע פּראָווינצען זיינען פאַרטראָטען געווען — די מאַיאָריטעט איז, פאַרשטעהט זיך, געווען פון דער פירסטענטום, וואו דער יום־טוב איז געווען. אפילו פראַנצויזען זיינען געקומען אין א גרויסער צאָהל און פּאָליאַקען האָבען, נאַטירליך, אויך ניט געפעהלט. די פאַרזאַמלונג האָט געצעהלט אומגעפעהר דרייסיג טויזענד מענשען.

בערנע, וועלכער איז געקומען פון פּאַריז, איז געווען דעם אַם מעהרסטען געעהרטער גאַסט. זיין רייזע צו ניישטאָט איז געווען ווי א טריאומף־פּראָצעסיע. אומעטום האָט מען איהם אַפּלאָדירט, מען האָט אין זיין עהרע מיט פאַקלען געמאַרשירט און סערענאַדעס געזונגען.

פון פרייבורג שרייבט ער: „איהר קאָנט זיך גאַרניט פאָרשטע־לען, וואָס פאַר אַן איינדרוק מיינע בריעף פון פּאַריז האָבען געמאַכט אין דייטשלאַנד. איך האָב דאָס אַליין ניט ערוואַרטעט. מייער, וואורם און אַנדערע האָבען געזאָגט און געשריבען, אַז איך קאָן זיך שווין מעהר אַליין אין דייטשלאַנד ניט ווייזען, ווייל מען וואָלט מיך ארויסגעטריבען פון יעדער אַנשטענדיגער געזעלשאַפט. שעהנע נביאים זיינען זיי! זינט איך בין אין דייטשלאַנד קומט מען מיר כסדר אָפּגעבען כבוד. מיין צימער איז קיינמאָל ניט לעדיג. אָפּט האָב איך ניט געגונג שטולען פאַר מיינע געסט. ביים יום־טוב אין האַמבאַך האָבען אַלע געזוכט מיין באַקאַנטשאַפט. עס האָט מיך אַזוי מיעד געמאַכט, אַז איך בין קראַנק געוואָרן. ווען איך בין אויפ׳ן גאַס ארויס אין ניישטאָט האָט מען אויסגעשריען

פון רעסטאָראַנען און פאַרבייפאַהרענדע קאַרעטען: „הורא פאַר בערנע! הורא פאַר דעם שרייבער פון די בריעף פון פאַריז!“ היי־דעלבערגער סטודענטען האָבען מיך מיט מוזיק באַגריסט, אַלע פּאַ־טריאָטען ווירט און אַנדערע האָבען געזאָגט, אַז מיר קומט דער קרעדיט פאַר דער פּאַטריאָטישער באַוועגונג אין דייטשלאַנד: איך בין געוועזן דער ערשטער און דאַן זיינען אַנדערע געקומען. אַ סך זיינען געריהרט געווען ביז טרערען און ניט קאָנענדיג ריידען, פון אַן איבערפלוס פון געפיהלען, האָבען זיי מיך וואַרים אַרומגענומען. און דיזעלבע זאַך איז אויך דאָ, אין פריבורג, געווען: סטודענטען זיינען אין אָבענד געקומען צו מיין הויז און האָבען געשפּיעלט און געשריען: „הורא פאַר דעם קעמפער פון דער דייטש׳ער פריי־הייט!...“ וואָס וועלען מיינע קריטיקער זאָגען ווענגען דעם? די קריטיקער וואָס האָבען מיך אָנגערופען אַ שלעכטער פּאַטריאָט. די עפענטליכע מיינונג לאָזט זיך ניט פאַרפיהרען“. אַבסורד גענוג — מיט דעם גאַנצען ענטוזיאַזם, האָט מען ביי איהם דעם זייגער צו־גע׳גנב׳עט אויף דעם האַמבאַכער יום־טוב.

אין דעם פריהמאָרגען פון דעם 27טען מאַי געהט די גרויסע פּראָצעסיע פון ניישטאַט צו דעם שלאָס פון האַמבאַך, אָנצוקוקען די חורבות. יעדער איינער האָט געטראָגען לענטעס פון שוואַרץ, רויט און גאָלד קאָליר, און שוואַרצע, רויטע און גאָלדענע פאָהנען זיינען געטראָגען געוואָרען אין פראָנט פון דער פּראָצעסיע. צווי־שען די מאַרשירענדע איז געווען אַ גרויסע צאָהל פרויען, וואָס האָבען געטראָגען גאַרטלען פון שוואַרץ, רויט און גאָלד. סיבענ־פייפער און דער באַירישער ליבעראַלער זשורנאַליסט, ווירט, זיינען געווען די הויפּט־רעדנער. זיי האָבען ערקלערט, אַז דאָס פאָלשטענ־דיגע רעכט פון פאָלק דאַרף זיין דער פונדאַמענט פון אַלע רעגי־רונגען און האָבען פאָרגעזאָגט, אַז עס וועט ניט נעהמען לאַנג, ביז דייטשלאַנד וועט ווערען אַ רעפּובליק. אַלע רעדען זיינען געווען שטאַרקע, און אַלע האָבען ערקלעהרט, אַז דאָס זינקען פון דייטש־לאַנד איז די ארבייט פון די הערשער און דער אַריסטאָקראַטיע. ווירט האָט פאָרגעשלאָגען, צו טרינקען צו „די פאַראייניגטע פרייע דייטשע שטאַאַטען, און די פעדעראַטיווע רעפּובליקען פון אייראָפּאַ (פאַר דעם האָט ער שפּעטער געדאַרפט זיצען אַ לאַנגען טערמין

אין טורמע). פּאַכענדיג מיט׳ן עהרען־שװערד װאָס מען האָט איהם פּרעזענטירט, האָט ער געשריען: „פאַרשאָלטען, דרײַ מאָל פאַר־שאָלטען זאָלען זײַן די רעגירער פון דײַטשלאַנד!“ און אַ טײל פון דער פאַרזאַמלונג האָבען די װערטער אױפגעכאַפּט. מען האָט גע־הערט געשרײען, אַזעלכע װי: „אַרונטער מיט די מלכים און פירסטען! צו װאָפען! צו װאָפען!“

די אַנטײלנעהמער אין דעם האַמבאַכער יום־טוב האָבען אָבער ניט געהאַט קײן באַלדיגען פּראַקטישען ציעל פאַר די אױגען. זיך פאַרשטעלענדיג, אַז דער מאָמענט איז װירקליך אַ גינסטיגער גע־װען — װאָס איז זעהר צװײפעלהאַפט — האָבען זײ איהם געלאָזען פאַרבײַנעהן און ניט אױסגענוצט.

היינע שרײַבט מיט לוסטיג ביטערען שפּאַס װעגען דעם: „איך װאָג ניט צו דערצעהלען די געשיכטע, עס זעהט אױס אוממעגליך, דאָך האָב איך דאָס פון אַ זיכערער קװעלע, פון אַ מאַן װאָס איז עהרליך און אַן אמת׳ער רעפּובליקאַנער, און ער איז אַלײן געװען אַ מיטגליעדער פון דער קאָמיטע, װאָס האָט דעבאַטירט די אַנקומענדע רעװאָלוציע. דער מאַן האָט מיר על־פּי סוד דערצעהלט, אַז װען עס איז געקומען צו דער פראַגע פון קאָמפּעטענץ, צי די פּאַטריאָטען װאָס זײַנען פאַרזאַמעלט אין האַמבאַך זײַנען קאָמפּעטענט גענוג אַנצופאַנגען אַ רעװאָלוציע אין דעם נאָמען פון גאַנץ דײַטשלאַנד, האָט מען די מענשען, װאָס פאַרלאַנגען באַלדיגע אַרבײט נידערגע־שטימט, װײַל זײ זײַנען געקומען צום שלום, אַז זײ זײַנען ניט קאָמפּעטענט“. היינע רופט דאָס אַן די בעסטע געשיכטע װאָס ער האָט װען־עס־איז געהערט, גוט אױף אַזױ פיעל, איהם צו מאַכען פאַרגעסען אַז אַלע זײַנע צרות אין דעם טאָל פון טרערען און איהם אפילו אופּמונטערן נאָכ׳ן טױט אין דער טונקעלער לאַנגװײ־ליגקײט אין דעם לאַנד פון שאַטענס. דאַן רעדט ער באַרוהיגענדע װערטער צו די קעניגע און פירנצען. ער זאָגט זײ, אַז עס איז גאָר ניט נױטיג צו אַרעסטירען די װירדיגע בירגער: זײ מעגען שלאָפען רוהיג, זײ זײַנען ניט אין קײן געפאַהר, די דײַטשע רעװאָלוציע איז נאָך װײַט, די פראַגע פון קאָמפּעטענץ איז נאָך ניט ענטשידען 1).

---

1) הײנעס געזאַמעלטע װערק, באַנד 12, 158 (דײַטשע אױסגאַבע).

מיט א סך יאָהרען שפּעטער האָט בערנע געשלאָסען די ליטע־ראַרישע און פּערזענליכע באַקאַנטשאַפט מיט היינע׳ן. זיינע גע־פיהלען צו איהם זיינען פריינדליכע. ער רעדט וועגען איהם מיט ליעבע, ער שאַצט איהם אָפּ אַלס דיכטער נאָך זיין ווערט נאָך און באַזונדערס אַלס גרויסע מאַכט אין דעם פרייהייטס־קאַמף. אָבער זייערע נאַטורען זיינען צופיעל פאַרשידען געווען, ער זאָל איהם קאָנען אָבשאַצען גאָר אַהן פאָראורטיילען. פון דעם יאָהר 1831 און ווייטער באַגעגענען מיר גאַנץ אָפט פיינדליכע באַמערקונגען נעגען היינע׳ן אין זיינע בריעף. טראָץ דעם וואָס בערנע׳ן האָט געפעהלט דער קליינליכער שטאָלץ, פאַרביטערען איהם אָבער די אָפטע פאַר־גלייכונגען צווישען היינע׳ן און איהם, ספּעציעל אין באַצוג צו פעהיגקייט און טאַלאַנט, וואו ער ליידט שטאַרק פון דעם פאַר־גלייך. היינע׳ס „פראַנצויזישע צושטענדע“ קרענקט און באַ־ליידיגט איהם. לייענענדיג דאָס בוך ווערט אין איהם ערוועקט א בייז געפיהל, און ער שרייבט וועגען דעם (אין דעם לעצטען באַנד פון די „בריעף פון פּאַריז“) מיט שניידענדער סאַטירע, וואָס האָט היינע׳ן געטראָפען ווי פון דער הויך און אין די אויגען פון א סך פון זיינע לעזער איהם געבראַנדמאַרקט פאַר א פּאָליטיש כאַ־ראַקטערלאָזען מענשען.

אין דער ווירקליכקייט איז דאָס געווען דער טיעף־איינגעוואָר־צעלטער אַנטאַגאָניזם צווישען די נאַטורען פון די צוויי מיט־קעמ־פער, וואָס האָט דאָ זיין אויסדרוק געפונען. בערנע באַגרייפט ניט דעם כאַראַקטער פון דעם אונטערשייד צווישען איהם און היינע׳ן: פאַר איהם איז דער אונטערשייד געווען, ווי צווישען די ערנסט־קייט פון א מאַן און די לייכטזיניגקייט פון א אינגעל, און אין בעסטען פאַל: צווישען דער איבערגעבענהייט צום אמת און די איבערגעבענהייט צו פאָרמע, צו קונסט. מיט א פּינקטליך אויג האָט ער דערזעהן און אָנגעוויזען אויף מאַנכע פון היינע׳ס לייכט־זיניגקייטען און קליינע נאָכמאַכונגען, אין וועלכע היינע האָט, פאַר־בלענדעט פון דעם גלאַנץ פון לעבען, געקאָנט שולדיג זיין און אויך אויף א סך פון זיינע אומגערעכטע שפּאָטערייען, געקליידט אין א רויער, נאַאיווער, פּאָפּולערער פאָרמע. בערנע האָט פיינט געהאָט די ראָטשילדס, פון וועמען היינע איז באַצויבערט געווען,

בערנע, וואָס האָט זיך קיין אָרט ניט געקאָנט געפינען אין אַ סאַלאָן, האָט זיך געפיהלט גאַנץ היימיש צווישען דעמאָקראַטישע בעלי־מלאכות און אויף די אָבענדען פון די דייטשע אימיגראַנטען, קיין אונטערשייד ווי ווילד זייערע פּלענער זיינען ניט געווען, אָדער ווי אומפּראַקטיש די אונטערנעמונגען, פאַר וועלכע זיי האָבען געלט געזאַמעלט. היינע׳ן, אין געגענטייל, האָט שוין דערעסען דאָס אייביגע בעטלען פאַר דער אָדער יענער דעמאָקראַטישער אונטער־נעמונג, ער האָט זיך דורכאויס ניט געפּאַסט צו זיין אַ מיטגליעד פון דער דעמאָקראַטישער ברודערשאַפט; ער האָט בעסער געוואָלט, טראָץ זיינע רעוואָלוציאָנערע נייגונגען, צו זיין אַליין מיט זיך און האָט גאָר קיין לוסט ניט געהאַט צו זיין גוט־ברודעריש מיט דעם ערשטען בעסטען אויסגעוואַנדערטען לאַנדסמאַן.

אין אַ בריעף פון דעם 25טען פעברואַר, 1833, לאַכט בערנע אויס, צווישען אַנדערע זאַכען, אויך דאָס, וואָס היינע, שרייבענדיג וועגען דער אוממענשליכער טאַקטיק וואָס עסטרייך פאָלגט נאָך פאַר די לעצטע דריי הונדערט יאָהר, רופט ער זי אָן „די ערהאָבענע געדולדיגקייט“, און אויך דערפאַר וואָס ער רופט אָן דעם קעניג לואיס פון באַירען ,פון וועמען ער האָט שפּעטער אַזוי אומ׳ברחמנות־דיג אָפּגעלאַכט, „איינער פון די נאָבעלסטע און גייסטרייכסטע מאָ־נאַרכען וואָס איז וועז געזעסען אויף אַ טראָהן“. און אויך דערפאַר וואָס ער האָט געזאָגט, אַז עס איז „גרויסאַרטיג און פול מיט קָר־ראַזש“ דאָס פאַרבלייבען פון די ראָטשילדס אין פּאַריז אין דער צייט פון דער כאָליערע, און אין דערזעלבער צייט לאַכט ער אויס די אומבאַצאַהלטע אָנשטרענגונגען פון די דייטשע פּאַטריאָטען. וועגען דעם און נאָך אַנדערע זאַכען איז בערנע פאָלשטענדיג גע־רעכט. אָבער, נאָך אַלעמען, האָט ער דאָך ניט קיין פיינע און טיפע פאַרשטענדניס פאַר היינע׳ס אמת׳ען כאַראַקטער.

אין דעם פאַל פון היינע׳ן, ווי ביי גאָטע׳ן, שטעהט ער פּנים־אל־פּנים מיט אמת׳ער געניאַליטעט, און דערפאַר האָט ער אומ־פּאַרטייאיש ניט געקאָנט אורטיילען. ער איז אָבער ניט געווען אַזוי אומגערעכט צו זיין צייט־גענאָסע, ווי ער איז געווען צו זיין גרויסען פאָרגענגער.

8.

# היינע.

אויך פאַר היינריך היינע׳ן איז אַט דער געדאַנקען צושטאַנד, ווי מיר האָבען שוין פריהער געזאָגט, געווען זעהר אומגינסטיג. מען קאָן געגען איהם אַרויסשטעלען אַזויפיעל באַשולדיגונגען, אַז ס׳איז שווער אין קורצען זיי איבערצוגעבען. ראשית־כל זיין פאַר־ליעבע צו פראַנקרייך, און זיין שיינבאַרע אָדער אמת׳ע לייכטזי־ניגקייט; דערנאָך זיין ניט־דייטשע אָפּשטאַמונג און שאַר־פזין, זיין סענטימענטאַליטעט, זיין פאַטאַליזם, זיין געוואַגטקייט און פרעכ־הייט; דערנאָך זיין אַרויסרוף־מאַנער, מיט וועלכען ער דעמאָנ־סטריט זיין אומגלויביגקייט. דאָס נייע דייטשלאַנד איז אין רע־ליגיעזען זין גלייכגילטיג, שווייגענדיג גלייכגילטיג, און אין דעם מאָ־ראַלישען זין זעהר דיסציפּלינרט. ווערענד אין אונזערע טעג זיי־נען אין דייטשלאַנד די העכסטע מדות — ליעבע צו אמת, זעלבסט־שטענדיגקייט, שטאָלצקייט און נשמה־צאַרטקייט אַנערקענט אַלס ווייניגער באַדייטענד, ווי אָפּהיטען אַ חוב, קאָרעקט זיין, געזעל־שאַפטליכע דיסציפּלין, מיליטערישע מוסטירונג, אָדער ווי מען רופט עס „שניידיגקייט“, האָט מען אין היינע׳ס צייטען געדענקט פונקט פאַרקעהרט. די דיסציפּלין האָט דעמאָלט קיין באַדייטונג ניט גע־האַט, און פונקט ווי דאָס רעליגיעזע געפיהל אַזוי איז אויך די מענשענליעבע באַדייטענדער געווען ווי די רעליגיע, ווי דאָס נאַ־ציאָנאַל געפיהל; אָבער וואָס אַנבאַלאַנגט פּאַטריאָטיזם, איז דאָס געווען אין היינע׳ס צייט אַזאַ מעלה, וואָס מען האָט זי ניט אַנער־קענט אומבאַדינגט אַלס גוט: דיעזע מענשען האָבען געגלויבט, אַז אויפריכטיגקייט בלייבט אַ גוטע מעלה נאָר דערפאַר, וואָס זי ווערט אַנגעווענדעט צו פרעמדע פעלקער.

צו היינע׳ס אַלגעמיינעם ראַדיקאַליזם איז צוגעקומען זיין פיינד־שאַפט צו פּרייסען, וועמעס צוקונפט ער האָט ניט פאָראויסגעזעהן, און וועמעס קרעפטען ער האָט ניט אָפּגעשאַצט — אָט די פּרייסישע קראַפט, אָט בעסטען געשילדערט אין קאַרלייל׳ס באַשרייבונג פון פרידריך דעם צווייטענס פאָטער: די פעהיגקייט מיט דער הילף פון שטרענגקייט בייצוקומען דעם כאָאָס, אונטערדריקען יעדע געג־נערשאַפט און רעגירען. היינע׳ס פיינדשאַפט איז געווען אַן אומ־באַשטימטע, דאָס איז ניכער געווען, פונ׳ם ריינלענדער צום פּריי־סישען, אַ פּריוואַטע שנאה אויף טויט. לייענט דיזע שורות צום פּריי־סישען אַדלער:

„דו, העסליכער פויגעל! אויב איך וועל דיך אַמאָל פאַנגען, וועל איך אויסרייסען אַלע פעדערען פון דיינע פליגלען און איך וועל אָפּהאַקען אַלע דיינע נעגעל, — דאַמאָלס וועל איך דיך אויפ העננען אויף אַ שטאַנג, צונויפרופען די בויגען־שיסערס פון ריינ־לאַנד, אַז זיי זאָלען זיך אַביסעל לוסטיג מאַכען מיט׳ן שיסען אין דיר“.

אויפ׳ן וויענער קאָנגרעס האָט פּרייסען, נאָך פיעל מאָל אָפּזאָגען, איבערגענומען די רעגירונג פון דער ריין־געגענד. נאָר אַ דאַנק דעם איז דער מזרח ניט געוואָרען אָפּגערונדעט, ווי מען האָט גע־האָפט, נאָר עס איז אַרויסגעקומען אַ פאַלשטענדיגע צובּרעקלונג אין געאָגראַפישען זין. דערצו איז אונטער׳ן פּרייסישען סצעפּטער אַרונטערגעפאַלען אַ פאָלק, וואָס איז אין גאַנצען פאַרשיידען פונ׳ם פּרייסישען. דאָס איז געווען יענע געגענד, וואָס האָט געדיענט אַלס גרעניץ־ליניע צווישען די קעלטען און די דייטשען. איבער דיזער געגנט האָט שפּעטער געהערשט די גייסטליכקייט, אַזוי אַז אפילו אין זיבעצעהנטען יאָהרהונדערט האָט פרידריך דעם גרויסענ׳ס גייסט ניט געהאַט אויף איהר קיין ווירקונג. די אור־אַלטע בייזע קירך־מאַכט האָט זיך דאָ אַנגעשטויסען מיט דער פראַנצויזישער רעוואָ־לוציע, און דאָס האָבען מיט באַגייסטערונג באַגריסט די מענשען, וואָס האָבען פאַרשפּרייט רעוואָלוציאָנערע אידעען.

די אוראַלטע פּרייסען האָבען זיך אויפגעפאַלענד מיסטרויאיש פאַרהאַלטען צו די ריינלאַנדער, און די לעצטע האָבען זיי דריי מאָל אַזוי פיעל אָפּגעצאָהלט. דער פּרייס איז געווען און געבליבען

אויפ׳ן ריין אַ פּרעמדער, אַן אומאַננעהמענער. ווענען אַ זון, וואָס האָט געדיענט אין מיליטער פלעגט מען זאָגען: „ער איז ביי די פּרייסען“. די בערלינער, וואָס זיינען געווען אַנגעשטעלט אַלס רעגירונגס־באַאַמטע אין קעלן און אין דיסלדאָרף, האָבען אַלעמען זעהר נידעריג באַהאַנדעלט, און אַ ריינלאַנדער, וואָס ער האָט גע־קראָגען אַן אַמט אין אַן אַלט פּרייס׳שער געגענד, האָט עס באַ־טראַכט, ווי מען וואָלט איהם פאַרשיקען קיין סיביר. פון אַלע זייטען האָבען זיך געהערט קלאַגעס, אַז די דייטשען קאָנען ניט צוציהען די סימפּאַטיע פון די אונטערוואָרפענע פעלקער 1).

היינריך היינע איז געבאָרען אַם ענדע פונ׳ם יאָהרהונדערט אין דיסעלדאָרף, די דאַמאַלסדיגע הויפּט־שטאָדט פונ׳ם הערצאָגטום יוליך קלעוו־בערג. די שטאָדט איז אין פאַרלויף פון זעקס יאָהר געווען פאַרנומען פון דעם פראַנצויזישען רעוואָלוציאָנערען חיל. זיי זיינען פון דאָרט אַוועק אין 1801 און אַלס רעגענט פון שטאָדט איז באַשטימט געוואָרען מאַקס יאָסיף; נאָר אין 1806 איז ער געוואָרען קעניג פון באַיערן, און אויף זיין אָרט איז אַלס גרויס־הערצאָג באַשטימט געוואָרען יאָאַכים מיוראַט. שוין אין 1808 האָט ער באַדאַרפט אָפּטרעטען דאָס לאַנד דעם האָלענדישען קעניג׳ס מינדעריעהריגען עלטסטען זון, ד. ה. נאַפּאָלעאָנ׳ען, וויל נאַפּאָלעאָן איז געווען זיין אָפּעקון. זינט דאַמאָלס איז דאָס לאַנד רעגירט געוואָרען אויפ׳ן פראַנצויזישען אָרט. די ליב־אייגענשאַפט, דאָס פעאָדאַל־רעכט און פּאַנשטשינא זיינען אָפּגעשאַפט, דאָס פּראָצעס־רעכט געענדערט און איינגעפיהרט אומבאַשרענקטע רעליגיאָנס־פרייהייט. די אידישע באַפעלקערונג פון דעם ריינ־געגענד האָט אַ דאַנק דעם באַגריסט נאַפּאָלעאָנ׳ען אַלס דעם ערלייזער, וועלכער האָט זיי באַפרייט פון אַ טויזענד־יעהריגען יאָך.

בלי־ספק האָבען די באַציהונגען מיט די דאַמאַלסדיגע דרייסטע פראַנצויזען ניט ווינציג מיטגעהאָלפען צו דער ענטוויקלונג פון היינריך היינע׳ס אייגענשאַפטען, וואָס האָבען זיך נאָר וואָס געהאָט אַרויסגעצייגט. די בכבוד׳ע באַציהונג צו די טראַדיציאָנס־אויטאָ־

1) מענדעלסאָן־בערטאָלדי: „פּרייסען און פראַנקרייך צו דער צייט פון דער יולי רעוואָלוציע, ז. 25.

רימטעטען האט באקומען א טויט־קלאפ. זיין איינגעבארענער שכל איז ענטוויקעלט געווארען אין דער ריכטונג, וואס די פראנצויזען רופען עספרי. דא איז געלעגט געווארען דער ערשטער גרונד פאר זיין באגייסטערונג פאר נאפאלעאנ׳ען. אין דער איצטיגער צייט ווערען היינריך היינע׳ס באגייסטערונג פאר נאפאלעאנ׳ען גע־רעכענט אלס איינציגע ערשיינונג אין דער דייטשער ליטעראטור פון זיין צייט. אבער אין אמת׳ען איז ניט אזוי געוועזען.

אויב מיר וועלען זוכען ביי ווילאנדא׳ן, וועלען מיר געפינען דיזעלבע באגייסטערונג פאר נאפאלעאנ׳ען, נאך אין דער צייט איידער די געשיכטע האט איהם אנערקענט. שוין אין 1898 האט ער געזאגט, אז פראנקרייך נויטיגט זיך נאר אין א דיקטאטאר, און אז קיינער פאסט ניט אזוי פאר דעם אמט, ווי דער גענעראל באנאפארט, וואס איז דעמאלט געוועזען אין מצרים. ער האט אין יאהר 1800 פאראויסגעזאגט, אז באנאפארט דארף געקרוינט ווערען אלס קעניג, ער מוז דאס זיין, און ווילאנד פארטיידיגט איהם קעגען די אנפאלען פון די ענגלישע צייטונגען. נאפאלעאן, דערוויי־סענדיג זיך וועגען דיזע פאראויסזאגונגען, האט געהאט א לאנגען געשפרעך וועגען דעם מיט ווילאנד׳ן אין ערפורט, אין יאהר 1800.

קיינער פון די גרויסע דייטשען פון אנהויב נייגצעהנטען יאהר־הונדערט האט ניט געפיהלט קיין נאציאנאלען האס. ניט ארויס־ווייזענדיג אפילו קיין פונק פון דעם געפיהל, האט געטע אין יאהר 1793 זיך אוועקגעלאזט קיין פראנקרייך אלס באאבאכטער. שילער האט זיך דערפרעהט מיט זיין דיפלאם אלס פראנצויזישער בירגער און געדענקט, אז ער קאן נאך אמאל צוגוץ קומען זיינע קינדער. קנעבעל, געטע׳ס פריינד, האט געוואלט באזינגען נאפאלעאנ׳ס נצחונות. געטע האט צוגעקוקט מיט דער גרעסטער גלייכגילטיג־קייט ווי נאפאלעאן האט אויף שטיקלעך צובראכען די מלוכה פון פרידריך דעם צווייטען. די דאזיגע פרייסישע מלוכה האט זיך איהם פארגעשטעלט אלס א מאמענטאנע ערשיינונג אין דער דייט־שער געשיכטע. ער האט בייגעוואוינט נאפאלעאנ׳ס דערהויבענ־קייט און זיעגרייכע קאריערע, ער האט צוגעזעהן ווי אזוי נאפא־לעאן — דער אריסטאקראט און עוואלוציאניסט, האט זיך אפגע־רעכענט מיט דער איהם פארהאסטער אנארכיע. און אט האט

ער איהם געזעהן ארומגערינגעלט מיט זיינע מאַרשאַלען ,אין אַן אַטמאָספערע פון פרישקייט, ליעבע, געניאַליטעט. דער איינדרוק, וואָס נאַפּאָלעאָן האָט אויף איהם געמאַכט, ווערענדיג פערזענליך מיט איהם באַקאַנט, איז געוועזן אַזוי שטאַרק, אַז דאָס האָט נאָך פאַר־גרעסערט זיין באַגייסטערונג. דערפאַר האָט ער אפילו נאָך נאַפּאָלעאָנ׳ס מאַרשירן אויף רוסלאַנד, אַפילו אין דער צייט פון דעם דייטשען אויפשטאַנד, געהאַלטען אין איין איבער׳חזר׳ן: „עס וועט גאָרנים העלפען. דער מענש איז צו גרויס”. נאָר דערמאָלט, ווען אַלץ איז שוין געוועזן געענדיגט, האָט ער מיט זיין ווערק לכבוד דעם שלום ווי זיך ענטשולדיגט פאַר זיין פריהערינגער אויפפיהרונג.

נאָר ווינציגער באַקאַנט, ווי געטע׳ס באַציהונג צו נאַפּאָלעאָנ׳ן, ווענען וואָס מען האָט אַזוי פיעל גערעדט, איז געוועזן די באַציהונג צו איהם פון העגעל׳ן, דער דענקער און היינע׳ס לעהרער. ווענען היינע האָט באַזונדערס הויך געאַכטעט און וואָס האָט אַהן צוויי־פעל אויף היינע׳ן געהאַט אַ גרויסע ווירקונג. העגעל, געבאָרען אין דעם קליינעם, דעספּאָטיש־רעגירענדען ווירטעמבערג, ניט וויסענדיג קיינמאָל וואָס עס הייסט האָבען אַ לאַנד, נאָר שטאַרק וועלענדיג עס האָבען, האָט אין אָנהויב פון דעם יאָהרהונדערט אַזוי שטאַרק געהאַסט די דייטשע איינריכטונגען, איז געוועזן אַזוי ענטריסטעט פאַר דער פּאָליטישער אַפּאַטיע פון זיינע לאַנדסלייט, אַז ער האָט מיט דערזועלבער באַגייסטערונג, ווי געטע, זיך באַצויגען צו נאַפּאָ־לעאָנ׳ען. שטענדיג אַרומטראַגענדיג זיך מיט דער פאַנטאַסטישער אידעע פון שלום מאַכען צווישען דער אידעאַלער און דער אמת׳ער וועלט, האָט ער אין פאַרלויף פון זיין גאַנצער יוגענד קיינמאָל ניט געזעהן קיין אמת׳ע שטאַרקייט ביז, פּלוצלונג, נאַפּאָלעאָנ׳ס גע־שטאַלט האָט פאַר איהם אַ בלענדע געמאַן און איהם באַגייסטערט. מען האָט געזאָגט ווענען געטע׳ן, אַז ער האָט זיך באַנוצט מיט׳ן הארמאַטען־רויש נעבען יענאַ, אום חתונה צו האָבען מיט כריסטיאַ־נע וואולפּוס; דאָסזעלבע דערצעהלט מען ווענען העגעל׳ן, אַז ער האָט אין יענאַ פאַרענדיגט זיין „פענאָמענאָלאָגיע פונ׳ם גייסט” אונ־טער׳ן רעש פון די האַרמאַטען. עס איז אמת טאַקע, אַז ער האָט אין די טעג אַפּגעשיקט צו זיין פאַרלעגער די לעצטע זייטלער פון זיין ווערק, און עס איז צו שטוינען פונ׳ם קאָנטראַסט צווישען זיין

קאַלטבלוטינקייט צו דייטשלאַנד'ס אומגליק און זיין שרעקליכע אומרוהיגקייט. טאָמער וועט זיין קאָסטבאַרער מאַנוסקריפּט אין אַזאַ אומרוהיגער צייט נאָך פאַרלוירען געהן.

אין דעם ווערק, וואָס ער האָט פאַרענדיגט ביי אָט די אומשטענדען, ווערט דערצעהלט וועגען דעם ענטוויקלונגס־גאַנג פון דעם מענשליכען שכל און שטעלט מיט זיך פאָר אַן אומגעוועהנליכען צוזאַמענגוס פון פסיכאָלאָגישע און היסטאָרישע אויפפאַסונגען. נאָך העגעל'ס פילאָזאָפיע איז די מענשהייט יעצט געשטאַנען ביים ציעל; איינצינע שטערבליכע דערגרייכענדיג די העכסטע שטופע פון דערקענטניש, זיינען דורך זייערע קענטענישען פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין געטער. זייער רעאַל לעבען שטעלט מיט זיך פאָר פון דער צייט אַן אַ פּראַכטפולע ענטוויקלונג פון עקזיסטענץ, עהנליך צו דער, ווי די גריכען האָבען זיך פאָרשטעלט די עקזיסטענץ פון גאָט, — אַן עקזיסטענץ, וואָס איז פול מיט באַפרידיגונג און צופאַסונג. ווען העגעל האָט געשריבען די לעצטע ווערטער, דערוויזענדיג, אַז די וועלט־געשיכטע איז נאָר אַ פרעהליכער שפּיעל פון גייסט, וואָס אַנערקענט זיך אַלס אַ גייסטיגע קראַפט, איז נאַפּאָלעאָן, רייטענדיג אויפ'ן פערד, געשטאַנען ביי די טויערען פון יענאַ.

און העגעל האָט איהם דערזעהן און דערפרעהט געוואָרען:

„איך האָב געזעהן דעם אימפּעראַטאָר — שרייבט ער פון יענאַ — איך האָב געזעהן דעם וועלט־גייסט. אמת, פיהלסט אַ באַזונדער געפיהל, דערזעהענדיג אַזאַ אויסערגעוועהנליך וועזען, אַ מענשען, קאָנצענטרירט אויף איין איינציגען פונקט, נעהמט ער אַרום די גאַנצע וועלט און באַהערשט זי זיצענדיג אויפ'ן פערד. די פּרייסען איז, פאַרשטעהט זיך, זעהר שווער געוועזען צו געבען אַ בעסערע ווארנונג — נאָר אַזעלכע גראַנדיעזע ערפאָלגען פון דאָנערשטאַג ביז מאָנטאָג זיינען נאָר מעגליך געוועזען פאַר אָט דעם וואונדערבאַרען מענשען, פאַר וועלכען מען קאָן ניט ניט באַגייסטערט ווערען“.

און העגעל ווערט באַגייסטערט ניט נאָר פון איהם אַליין, נאָר פונ'ם גאַנצען פראַנצויזישען פאָלק. מיט אַ פערטעל יאָהרהונדערט שפּעטער שרייבט ער, אַז אין דער געשיכטע פון יענער צייט זעהט

ער אַ ניט אַפּלייקענדען באַוויז, אַז בילדונג וועט זיעגען איבער באַרבאַריזם, און דער שכל — איבער דער אידעענלאָזער אויפפּאַסונג. און ער גיט צו:

„גלייך ווי איך האָב עס פריהער געוואָלט, אַזוי וויל עס יעצט יעדערער, אַז די פראַנצויזישע אַרמעע זאָל זיעגען. וואָרום זי קאָן זי ניט פּאַרדאָנען צוליעב דעם גרויסען אונטערשייד, וואָס עס הערשט צווישען איהרע סאָלדאַטען און קאָמאַנדירען פון איין זייט און צווישען איהר און איהרע שונאים פון דער צווייטער (האָים: „העגעל און זיים צייט").

היינע האָט, פאַרשטעהט זיך, זיך קיינמאָל ניט פאַרגעשטעלט, אַז זיין באַגייסטערונג פאַר נאַפּאָלעאָן'ען וועט זיך אַמאָל נויטיגען אין אַ פאַרטיידיגונג, אַז ניט וואָלט ער זיך פאַרענטפערט דערמיט, וואָס זיין פאַרגעננגער אין דער הינזיכט איז געוועזען אַ מאַן, וועגען וועלכען ער רעדט ניט אַנדערש ווי נאָר פון „דעם גרויסען העגעל", „דייטשלאַנד'ס גרעסטער פילאָזאָף נאָך לייבניץ'ען", — אַ מאַן, וועגען וועלכען ער זאָגט אַרויס אין דעם פאָרם פון אַ פעסטשטעהענדען פאַקט די גאַנץ צווייפעלהאַפטע מיינונג, אַז „ער שטעהט אומפאַרגלייכליך העכער פון קאַנט" און וועמען ער טאַדעלט אין זעהר אַן איידעלער פאָרם, ווי אַ שטייגער: „העגעל האָט זיך געלאָזט קרוינען אין בערלין, צום אומגליק, האָט ער אויך ערלויבט זיך צו לאָזען אביסעל זאַלבען".

ניט נאָר זיינע גרויסע לעהרער און פאַרגעננגער, נאָר אויך זיינע צייט־גענאָסען, ווי אַ שטייגער, וואַרנהאַגען פאָן ענזע, וואָס האָט פאַרגאָסען זיין בלוט אין שלאַכט קעגען נאַפּאָלעאָנ'ען, האָבען זיך צום לעצטען באַצויגען מיט דעם זעלבען יראת־הכבוד און אויך זיי זיינען גאַנץ ווייט געוועזען פון דייטשען נאַציאָנאַלען האַס. וועגען באַגעזען, דעם דעניער, וואָס האָט, אַלס האַלבער דייטש נאָך זיין אַפּשטאַמונג געוואָלט ווייזען, אַז ער איז מעהר דורכגענומען מיט'ן דייטשען גייסט ווי די ריין־בלוטיגע דייטשען, שרייבט וואַרנהאַגען:

„נאַפּאָלעאָנ'ען און די פראַנצויזען האָסט ער פּשוט אומברחמנות'דיג, ביז עקעל, און אָהן שום סיבה, וואָרים אַלץ וואָס איז גוט ביי אונז, דייטשען, און פאַר וואָס מיר שעצען זיך אַזוי גרויס, דערוועקט אין איהם אַן עקעל; ער באַמיהט זיך אונטער־

דריקען אין זיך דאָס ראַזינע געפיהל מיט דער הילף פון קאַנט׳ן, יאַ־קאָביי׳ן, פאַססען און קלאָפּשטאָקקען״.

קאַנט איז דאָ, ווייזט אויס, דערפאַר אריינגערעכענט, צוליעב זיין אַזוי ווינציג־דייטשען, קאַטעגאָרישען אימפּעריאַטיוו, און די איבעריגע צוליעב דעם ווינציג ענטוויקעלטען נאַצאָנאַלען געפיהל אין זיי.

דערפון קאָן מען זעהן, אַז מען טרעפט דיזעלבינע באַגייסטע־רונג פאַר נאַפּאָלעאָנ׳ען ביי מענשען, וואָס האָבען געהאַט דעם גרע־סטען איינפלוס אויף היינע׳ן, ווי אויך אויף גאַנץ „יונג־דייטש־לאַנד׳ס״ ענטוויקלונג.

דיזע באַגייסטערונג האָט זיך אָפּגעשפּיגעלט אין היינע׳ס פּאָ־עטישע ווערק נאָך מיט עטליכע יאָהרען פאַר דעם, ווי עס האָט אָנגע־נומען אין פראַנקרייך בעמט אַן עפּידעמישען כאַראַקטער. ביי איהם זעלבסט האָט עס דערגרייכט צו אַזאַ הויכקייט, וואָס העכער האָבען זיך אפילו בעיל און הוגאָ ניט אויפגעהויבען. יאָ, מען קאָן זאָגען, אַז די פּאָעטישע אויסדריקונג פון אָט דער באַגייסטערונג אין היינע׳ס יוגענד־ליעד „צוויי גרענאַדיערען״, וואָס ער האָט, ווי ער זאָגט, נאָך אָנגעשריבען ווען ער איז אַלט געווען 16 יאָהר, נאָר ניכער פון אַלץ, ניינצעהן יאָהר, געהט אריבער אַלץ, וואָס איז ווען אָנגעשריבען געוואָרען אין פראַנקרייך אַליין אינ׳ם זעלבען גייסט. אפילו בעראַנזשעס מייסטערהאַפט ליד „די ערינערונגען פונ׳ם פאָלק״ פאַרמאָגט ניט אַזאַ פּשוט׳קייט, אַזאַ הויכקייט, עס האָט אָבער דאָך בעסער פון יעדען אַנדער פּאָעטישען ווערק אָפּגעשוואַכט די נאַפּאָ־לעאָן־לעגענדע, וואָס לעבט אין גייסט פונ׳ם פאָלק, אין אַ בולט׳ער און ריהרענדער פאָרם. אין היינע׳ס „גרענאַדיערען״ איז יעדע שורה זעהר ריכטיג צוגעפּאַסט צום אינהאַלט און צו דער שטימונג פונ׳ם ליעד; דער אומעטפּולער יאַמב: „דער צווייטער האָט גע־זאָגט: דאָס ליעד איז אַלעס״, די פייערפולע אַנאַפּעסטען: „רייט מיין קיסר איבער מיין קבר״. דו לייענסט, ניט פּיה־לענדיג קיין איבעריגע אויפרעגונג, דעם גרענאַדיער׳ס ניט פאַרווירקליכט געבעט, אַז זיין טויטען קערפּער זאָל מען איבער־פיהרען קיין פראַנקרייך. די הויפּט־סטראָפע:

„וואָס אַרט מיך אַ ווייב, וואָס אַרט מיך אַ קינד", דעם גרענאַדיער׳ס פּראָטעסט קעגען דעם, וואָס ער איז צוגעבונדען צו זיין ווייב און קינד, וואָס ער האָט איבערגעלאָזט אין דער היים, באַצאָהלט אונז מייסטערהאַפט מיט איהר אומגעצוימטקייט, מיט איהר סענטימענטאַלער פייערדיגקייט פונ׳ם ראָמאַנטישען סטיל. אין אָט דעם ליעד ווערט נאָר צוליעב אויסערליכקייט דערצעהלט וועגען דער איבערגעגעבענהייט צו נאַפּאָלעאָנ׳ס פּערזענליכקייט; אין דער אמת׳ען באַזינגט זיך דאָ די הייסע איבערגעגעבענהייט צו אַ פּיהרער, דער אומענדליכער ענטוזיאַזם בכלל צו גרויסע פּערזענליכקייטען.

די פעהיגקייט צו באַשרייבען מיט דער הילף פון אריינפיהרען בילדער אין דער ליריק איז אַ געמיינשאַפטליכע ביי היינע׳ן און ביי בעראַנזשע׳ן. נאָר בעראַנזשע איז נאָר געווען אַ ליעדער־שרייבער, און היינע — אַ געניע. „די גרענאַדירען" הויבט זיך אָן, ווי בכלל היינע׳ס ליעדער, אין אַ גלייכען, רוהיגען טאָן. איהם איז איינגאַנצען פרעמד הוגאָ׳ס אויסרופען; ער ווירקט ניט דורך זיינע דירעקטע שילדערונגען, נאָר מיט זיין באַשרייבונג פון יענע קליינינקע איינצעלהייטען, אין וועלכע עס שפּיגעלט זיך אָפּ די גרויסע געשיכטע און וועלכע דיענען אַלס מאַסשטאַב פאַר איהר, ביז וואַנען דעם טרוימער׳ס פאַנטאַזיען ווערען, ענדליך, ניט דורכגעבראָכען דורך דעם פשוט׳ן געשפּרעך.

אויב אַזאַ באַגייסטערונג איז ניט זעהר פּאַסיג פאַר איהם, פאַרלירט אָבער דאָס געפיהל, וואָס ער ברענגט דאָרט אַרויס, גאָרניט פון זיין שעהנקייט; עס איז גאַנץ עהנליך צו דעם, וואָס היינע באַשרייבט אין זיינע „רייזע־בילדער", ווען ער דערצעהלט, אַז ער האָט אין זיין קינדהייט געזעהן נאַפּאָלעאָנ׳ען דורכפאַהרענדיג רייטענדיג אויף אַ פערד אין דעם הערצאָג׳ס גאַרטען אין דיסעלדאָרף. דאָס קאַפּיטעל פאַנגט זיך אָן מיט פאָלגענדע ווערטער: אַ, וואָס מיט מיר איז געוואָרען, ווען איך האָב איהם דערזעהן, דערזעהן מיט מיינע אייגענע אויגען, איהם זעלבסט, — אָסאַנאַ! דער אימפּעראַטאָר". באַמערקט: „אָסאַנאַ". אין דער מינוט פון באַגייסטערונג ערוואַכען די קינדהייט׳ס עראינערונגען, דער אַלט־ביבלישער אויסגעשריי פון פרייד און באַגריסונג רייסט זיך אַרויס פון די לי־

פען. און וואָס האָט דאָס קינד דערמאָלט געפיהלט? ער האָט גע־טראַכט וועגען דעם, אַז דורך דער אַלעע איז פאַרבאָטען צו פאָהרען אונטער דער שטראָף צו באַצאָהלען פינף טאַלער. און פּלוצלונג! דער אימפּעראַטאָר מיט זיין סוויטע פאָהרען דורך אין סאַמע מיטען פון דער אַלעע — און די ציטערדיגע ביימער בויגען זיך איין ווען ער דערנעהענטערט זיך צו זיי.

היינע, אַלס פּאָליטישער פּאָעט, האָט זיך געהאַלטען פאַר אַ רעוואָלוציאָנער, און ער איז טאַקע אין אמת׳ן אַזעלכער געווען. נאָר זיין פּאָליטישע ליידענשאַפט איז געווען געווענדט הויפּטזעכ־ליך קעגען די מנהגים און אַבערגלויבען פונ׳ם מיטעלאַלטער. ער איז ערנסט פיינדליך צו דער קלעריקאַלער וועלט, נאָר אין דערזועל־בער צייט איז ער ניט ערנסט דורכגעדרונגען מיט.די דעמאָקראַטישע אידעען. זיין גרעסטע פּאָליטישע ליעד „דייטשלאַנד, דאָס וואונ־דער מעשה׳לע״, באַשטעטיגט דאָס אויסגעצייכענט. דיווירקליכע ליידענשאַפט באַווייזט זיך נאָר אין דעם פאַל, ווען דער אומזעהבאַ־רער מיטרייזענדער, דער לעקטאָר מיט דער שרעקליכער האַק, צע־האַקט אויף שטיקלעך אין קעלנער קאַטעדראַל די סקעלעטען פון די דריי מלכים — „די באַדויערענסווערטע סקעלעטען פון אַבערגלוי־בען״. אַבער אין אַט דעם גרויסען גערדיכט — היינע׳ס באַדייטענד־סטע ווערק — באַקאַנען מיר זיך מיט די פּאָליטישע ריכטונגען, אויסגעדריקט אין דער ריינסטער פאָרם און מיט דעם געדאַנקען־גאַנג, וואָס האָט דערמאָלט געהערשט. אַ נייער קריגערישער און רינג־קאַמף־עלעמענט אין דער דייטשער פּאָעזיע. ביי געטע׳ן געפינען מיר ניט אַזעלכעס. ער האָט צולעצט איינגעזעהן „די פּולע נישטיג־קייט פון דער איצטיגער צייט״. נאָר ער האָט זיך געשראָקען, אַז דאָס אַראָפּוואַרפען פון די אויטאָריטעטען וועט נאָך ערגער מאַכען. אפילו ביי שילער׳ן באַגעגענען מיר ניט קיין דירעקטע באַציהונג צו דער איצטיגער פּאָליטיק. זיין פּאַטאָס האָט זיך אויסגעגאָסען אין דראַמען, אין וועלכע עס האָט זיך געהאַנדעלט וועגען פרייהייט. ביי היינע׳ן געפינען מיר אַט די באַציהונג שוין פונ׳ם 1830טען יאָהר אַן. ער לעגט אין איהם אַריין זיין נשמה. און ער האָט זיך שטענ־דיג עהרליך אַרויסגעצייגט, כאָטש זיין עהרליכקייט איז אָפט אונ־טערוואָרפען געוואָרען אונטער צווייפעל.

לייענט איבער אין די „רייזע־בילדער" יענע שטעלען, אויף וועל־כע מען האָט שטענדיג אָנגעוויזען ווי אויף אַן אויסדרוק פון זיין באַריהמעריי און אַפעקטאַציע. נאָך דער באַשרייבונג פון דער שלאַכט ביי מאַרינגאָ:

„עס וועט זיין אַ פּראַכטפולער טאָג — האָט מיין מיטרייזענ־דער אויסגעשריען — יאָ, עס וועט זיין אַ פּראַכטפולער טאָג — האָט מיין האַרץ איבערגע׳חזר׳ט מיט אַ שטילען געבעט, און אַ צאַ־פּעל געטאַן פון טרויער און פרייד. יאָ, עס וועט זיין אַ פּראַכט־פולער טאָג, און די פרייהייטס־זון וועט באַגליקען די ערד. עס וועט אויסוואַקסען אַ נייער דור, געבוירען פון די אומאַרמונגען פון דער פרייער ליעבע, און ניט פון דער געצוואונגענער הייראַט אונטער דער אויפזיכט פון גייסטליכע אויפזעהער; צוזאַמען מיט דער פרייען געבורט וועלען די מענשען אין זיך דערפיהלען אויך דעם פרייען געדאַנק און פרייען געפיהל, וועגען וואָס מיר, גע־בליבענע קנעכט, האָבען אפילו קיין פאַרשטענדניש ניט".

צום סוף זאָגט היינע פאָלגענדעס:

„איך ווייס ניט, צי איך פאַרדיען, אַז מען זאָל אויף מיין קבר אַרויפלעגען אַ לאָרבער־קראַנץ. ווי שטאַרק איך האָב ניט ליעב געהאַט די פּאָעזיע, איז זי שטענדיג געווען פאַר מיר אַ היילינגע שפּיעלצייג, אַ היילינג מיטעל אום צו דערגרייכען דעם הימלישען צוועק... נאָר אַ שווערד דאַרפט איהר אַרויפלעגען אויף מיין קבר, דערפאַר וואָס איך בין געווען אַ דרייסטער סאָלדאַט אין שלאַכט פאַר דער באַפרייאונג פון דער מענשהייט".

אומעטום אין דער דייטשער ליטעראַטור, אין דער געשיכטע, אין דער עסטעטיק און קריטיק, ניט נאָר ביי מענצעל׳ן, נאָר אויך ביי גערעקע׳ן, טרייטשקע׳ן, ביי היינע׳ס נאָכאַהמער און ריכטער גריזעבאַך, אפילו ביי גענ׳ען, וואָס האָט זיך אין אַלע הינזיכטען אויסגעצייכענט מיט זיין פיינעם פאַרשטאַנד, געפינען מיר די פאַראַכטענדסטע באַציהונג צו היינע׳ס פּאָליטישען קאַמף. אפילו שערר דריקט זיך וועגען איהם אויס קאַלט און נעגאַטיוו. ס׳איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז ווען אַן איטאַליענישער דיכטער, דזשאָזוע קאַרדוטשי, האָט אָנגעשריבען אַן אָדע, אין וועלכער ער האָט באַ־

זונגען אין ליבעגעזאנגען היינע׳ן, אלס א פרייהייטס־העלד, איז קארל הילצעבראנדט ארויסגעטראטען מיט ארגומענטען קעגען אזא מיי־נונג. דער בעסטער דייטשער קריטיקער, היינע׳ס געוועזענער סעקרעטער, וואס האט שטענדיג גערעדט מיט א יראת־הכבוד און ענטוזיאזם וועגען דעם גרויסען פארשטארבענעם, האט פראטעסטירט: היינע האט זיך קיינמאל ניט אזוי פייערליך באצויגען צו זיין פאליטישער טעטיגקייט. אט די אומצופרידענהייט, אט דאס מיסטרויען זיינען גאנץ פארשטענדליך דערפאר, וואס פון היינע׳ס לייכטזין אין זיין יוגענד האט מען פון איהם געקאנט ערווארטען אן אומבאשטענדיגקייט אין פאליטיק. אום צו קריגען א פראפעסאר־שטעלע אין מינכען, איז ער אין יאהר 1872 גרייט געוועזען זיך אפצוזאגען פון זיין גאנצער פארגאנגענהייט, נאר עס האט ניט געהאלפען. צו יענער צייט האט ער אויך געמאכט א פארשלאג דעם אומווירדיגען פרינץ פון ברוינשווייג, אז ער וועט איהם פאר־טיידיגען, אויב דער פרינץ וועט איהם שענקען דעם ברוינשווייגער ארדען — נאר אויך פון דעם איז גארנישט געווארען. ערשט פון 1830 אן ווייזט ער זיך ארויס אלס פעסטער כאראקטער אין דער פאליטיק.

אויסער דעם האט היינע׳ס שרייבען ניט געהאט קיין „פאעטישע פאזעס“: ער איז געווען צו שטאלץ אום אנצונעהמען אזעלכע מיטלען. דאס איז געווען אומפארשטענדליך פאר די דייטשען. אין אלגעמיין האט מען זיך צו איהם זעהר ניט אויפריכטיג באצויגען. דאס האט איהם שטארק וועה געטאן, און ער האט עס צומאל ארויסגעזאגט אין פאעטישע אויסדרוקען. ער האט טיעף דורכגע־פיהלט דאס ליעד, דעם סוף פונ׳ם קאפיטעל פון „ראמאנצערא“: („דאס פארלוירענע קינד„) וואס ער האט אנגעשריבען שוין אויף די עלטערע יאהרען. ער איז ווירקליך געווען דאס, וואס ער האט זיך אליין אנגערופען: א צו־וויט פארגאנגע־נער ארמעע־מרגל, א פארגעסענער וואנכאסט, וואס איז פאראור־טיילט דערשאסען צו ווערען. און ווען ער שרייט אויס אין זיינע צוריקגעלאזטע פראזע ריטמען: „איך בין א שווערד! איך בין א פלאם“ — איז ער גאנץ גערעכט. און אין דער איצטיגער צייט פליהען פונקען פון אונטער דר־קלעפ־פון זיין שווערד, און דאס פייער

וואָס ער לאָזט אַרויס פון זיך האָט אַ קלאָרען שיין. פיעלע וואַרימען זיך נאָך איצט ביי זיין פייער.

ווי מיר האָבען שוין פריהער באַמערקט, דריקט זיך בערנע אויס אין זיינע „פאַריזער בריעף", אַז היינע האָט זיך אַליין ווידער־שפּראָכען, אַז ער איז סענטימענטאַל און כאַראַקטערלאָז ווי אַ פּאָ־ליטיקער. ער טאַדעלט איהם ניט אַזוי פאַר זיין אינדיווידועלער מיינונג, ווי פאַר דעם, וואָס ער גיט צו אַ גרויסע באַדייטונג דער טעטיגקייט פון איינצעלנע מענשען. וועהרענד, נאָך בערנע'ס מיי־נונג, האָבען די אינדיווידוען איצט ניט אַזאַ גרויסע באַדייטונג, ווי פריהער. איצט וואַלטען וואָלטער און רוססאָ ניט געהאַט אַזאַ גרויסע באַדייטונג. אינדיווידען זיינען נאָר די העראָלדען פון די פעלקער. היינע פאַרגעסט וועגען דעם. אין זיין שטרעבונג צו געפעלען די דעמאָקראַטען זאָגט היינע, אַז די דייטשע יעזואיטיש־אַריסטאָקראַטישע פּאַרטיי טראַכט אויס אויף איהם בלבולים, דער־פאַר וואָס ער קעמפט דרייסט קעגען דעם אַבסאָלוטיזם; נאָר אום צוגעפינען חן אין די אויגען פון די אַריסטאָקראַטען, זאָגט ער אין דער זעלבינער צייט, אַז ער טרעט אַריין אין קאַמף מיט'ן יאַקאָ־ביניזם, אַז ער איז שטאַרק איבערגעגעבען דעם קייזער און וועט זיך שטענדיג האַלטען ביי די מאָנאַרכישע מיינונגען.

בערנע האָט גאַרניט געקאָנט פאַרשטעהן קיין שפּאַס. היינע דערצעהלט אין אַ שפּאַס וועגען אַ פאַריזער מאַגאַזין, וואוהין ער פלעגט אָפט פאַרינען זומער אַריינגעהן, און וואו די אַכט יונגע מיידלער־פאַרקויפערינס און זייערע אַכט געליעבטע — זיינען אַלע געווען די הייסעסטע רעפּובליקאַנער. ער איינער איז געווען אַ מאָנאַרכיסט: „איך שווער ביי גאָט אַז איך בין ניט קיין רעפּוב־ליקאַנער. איך ווייס, אַז ווען די רעפּובליקאַנער וועלען זיעגען, וועלען זיי מיך קוילען. אייגענטליך בין איך זיי, פאַרשטעהט זיך, מוחל זייער נאַרישקייט"... בערנע גיט צו:

„און איך ניט. רעפּובליקאַנער, וואָס זיינען אַזעלכע טפּשים, אַז זיי געפינען פאַר נויטיג אָפּצוראָמען היינע'ן פונ'ם וועג, אום צו דערגרייכען זייער צוועק — וואָלט פאַר זיי דאָס בעסטע פּלאַץ געווען — אַ משוגעים־הויז".

אין אַט די אויסדריקע פון היינע איז עפּעס פאַרהאַן, וואָס ער־

שטוינט די לעזער, ניט קוקענדיג אויפ׳ן שפּאַס. דאָס איז דאָס צייט־ענװוייזע אויסברעכען פון אַבסאָלוטען ראַדיקאַליזם, מעהרסטענטייל די שאַרף־רעוואָלוציאָנערע שטימונג, און דאָס אָפטע באַטאָנען, פאַרזיכערען, אַז ער איז ניט קיין יאַקאָבינער, אפילו ניט קיין רעפּובליקאַנער.

דאָ פאָדערט זיך אַן ערקלערונג, וואָס קיינער האָט נאָך ביז איצט ניט פאַרזוכט צו געבען.

די ערקלערונג, אַז היינע איז כלומר׳שט געוועזן כאַראַקטערלאָז, אַזוי כאַראַקטערלאָז, אַז שוין זייענדיג אַ דערוואַקסענער מענש, און אין דער צייט, ווען די בליקען פון צוויי נאַציאָנען זיינען צו אי׳הם געווען געווענדט, האָט ער זיך שטענדיג ווידערגעשפּראָכען אין די סאַמע ערנסטע געגענשטאַנדען — איז אין ווירקליכקייט קיין ערקלערונג ניט. די ווידערשפּרעכונגען, די אומקלאַרקייט, דאַרפען דאָ ליגען אין די פּרינציפּען.

לאָמיר זיך דערמאָנען זיין אמת׳ע, גרענעצלאָזע באַגייסטערונג פאַר נאַפּאָלעאָנ׳ען ער דריקט זיך צום לעצטען מאָל אוים אין די „ווינטער מעשה׳לע“, אין דעם באַערדיגונגס הימן אויפ׳ן פאַרשטאָרבענעם אימפּעראַטאָר, ווען מען פיהרט איבער זיין טויטען אָרון פון דעם אינזעל „הייליגע העלענא“ קיין פּאַריז: „אונטער די מעכטיגע טריאומף־בויגען פון די יעליסעאישע פעלדער, דורך אַ נעבעל און שנעע געהט די פּראַצעסיע שטיל אַריין אין שטאָדט.“

און דערמאָנט זיך די סצענע אין די „רייזע בילדער“, ווען דער רוסישער פרעגט היינע׳ן: „איהר האָט ליעב די רוסישע?“ — און היינע ענטפערט: „יאָ, איך האָב זיי ליעב, דערפאַר וואָס, — ערקלעהרט ער ווייטער — דער שטענדיגער אויסטויש פון קריעגס־פיהרער און פאַרשטעהער אין דער גרויסער וועלט־מלחמה האָט גע־בראַכט דערצו, אַז די הייסעסטע אַנהענגער פון דער רעוואָלוציע זעהען אין רוסלאַנד׳ס זיעג די רעטונג פון דער וועלט און זיינען געצוואונגען צו באַטראַכטען דעם אימפּעראַטאָר ניקאָליי אַלס דעם באַנען־טרעגער פון דער פרייהייט אין אייראָפּאַ. די רוסישע רע־גירונג איז דורכגעדרונגען מיט ליבעראַלע אידעען. איהר אַבסאָ־לוטיזם איז נאָר אַ דיקטאַטור, מיט וועלכער הילף זיי ווילען אַריינ־ברענגען די אידעען אין דער מאַסע, א. אז. וו.

א קאָלאָסאַלער קינדערשער טעות. נאָר ניט דאָס איז וויכ־טיג. וויכטיג איז, אַז אויב די זעלבסטהערשאַפט אין רוסלאַנד האָט אַזעלכע פאַרלאַנגען, איז היינע אינגאַנצען אויף איהר זייט, אַזוי ווי ער איז געוועזן אויף דער זייט פון נאַפּאָלעאָנ'ס הערשאַפט.

דאָ מוז מען זיך פאַרטראַכטען: היינע, דער עקסצענטרישער פאַרטיידיגער פונ'ם ראַדיקאַליזם צווישען די דיכטער פון זיין צייט, ערקלערט אַלס דעם באַנער־טרעגער פון פרייהייט ניקאָליי'ן, דעם בייזעסטען טיראַן פון יענער צייט!... איז דאָס דערזעלביגער מענש, וואָס באַמיהט זיך מיט אינגעלשער פרייד ענג צונויפצובינדען אין זיין פאַרשטעלונג דעם געדאַנק וועגען קעניגליכער אָדער אימפּעֶ־ראַטאָרישער ווירדע מיט דער גילאָטינע? לאָמיר זיך דערמאָנען אין היינע'ס ווערטער, וועלכע זיינען געווענדעט געוועזן צו באַר־באַראָסאַ'ן:

„דו וועסט ווערען צוגעבונדען צו א ברעט, וואָס לאָזט זיך אַראָפּ" א. אז. וו.

א שלום־אויסרוף אויף דער רעכענונג פונ'ם אַלטען אימפּעראַ־טאָר: „די רעפּובליקאַנער וועלען אונז אויסלאַכען, ווען זיי וועלען דערזעהן אין דער שפּיץ פון אונז אַזאַ באַשעפעניש מיט א קרוין און שפּיז".

ווי עס קוקט אויס, גיט ער צו א באַדייטונג צו דער רעפּובלי־קאַנער מיינונג און טהיילט אונטער געוויסע אומשטענדען זייער שטאַנדפּונקט.

אָדער דערמאָנט זיך דאָס אויסערגעוועהנליך שאַרפזיניג ליעד פון די יאָהרען 1649־1793, וואו עס דערצעהלט זיך פריהער וועגען דער ניכער אָפּרעכענונג מיט די מלכים אין דער צייט פון דער פראַנצויזישער און ענגלישער רעוואָלוציאָנען. און דערנאָך זאָגט ער פאָראויס די נאָהענטקייט פון א דייטשער רעוואָלוציע.

„דאָס דייטשע פאָלק וועט שטענדיג באַהאַנדלען די מלכים מיט א פּיעטעט. אין דער הויף־קאַרעטע, אין וועלכער עס וועלען זיין געשפּאַנט זעקס אין טרויער און מיט א שוואַרצער דעק באַ־קליידעטע פערד, מיט'ן קוטשער, וואָס וועט זיצען אויף דער קעלניע, א גלייכער און א שלאַנקער, ווי אַן אבעליסק, וואָס איז שטענדיג בייז און איצט פאַרוויינט — אַט ווי אַזוי מען וועט דעם דייטשען

קייזער פיהרען צו דעם היגריכטונגס־פּלאַץ, וואו מען וועט איהם אונטערטעניג גילאָטירען. אויב דאָס איז ניט אַ שפּיעל מיט ווער־טער אין געפיהלען, מוזען מיר זוכען אַן ערקלערונג, אַן ערקלערונג, וואָס איז היינע'ן אַליין אומבאַקאַנט, ווייל איינס איז זיכער: דאָ איז פאַרהאַן אַ ווידערשפּרוך.

די ערקלערונג באַשטעהט אין דעם, וואָס היינע איז אין איין און דערזעלבער צייט געווען אַ הייסער אָנהענגער פון דער פרייהייט און אַן אַריסטאָקראַט אין זיין נאַטור. ער האָט זיך אויסגעציי־כענט מיט זיין ליעבע צו פרייהייט, וואָס עס איז אייגענטימליך פאַר אַלע צו־אומאָפּהענגיגע שטרעבענדע נאַטורען; ער האָט גע־בענקט נאָך פרייהייט, ער האָט זי ליעב געהאַט מיט זיין גאַנצען הארצען, נאָר אין דערזעלבער צייט האָט זיין גרויסע נאַטור געהאַט אַ שטאַרקע ליעבע צו דער מענשהייטס גרויסקייט, אַ ריין נערווע־זער עקעל פון אַן איידעלער נאַטור צו דער הערשאַפט פון מיטעל־מעסיגקייט.

מיט אַנדערע ווערטער: אין היינריך היינע'ס נשמה איז ניט געווען קיין טראָפּען פון קאָנסערוואַטיווען בלוט. זיין בלוט איז געווען רעוואָלוציאָנער. נאָר אין דערזעלבער צייט איז אין זיין נשמה אויך ניט געווען קיין טראָפּען פון דעמאָקראַטישען בלוט. זיין בלוט איז געווען אַריסטאָקראַטיש, ער האָט געוואָלט, אַז מען זאָל דעם נעניע אָנערקענען אַלס דעם פיהרער און הערשער.

ער דערמאָנט זיך מיט באַגייסטערונג אין דער היסטאָרישער פאַרגאַנגענהייט, אָדער ער שטעלט זיך פאָר אין דער פאַנטאַזיע דאָס פאַלען פון אַן אומווירדיגען הערשער. אָבער ער וויל אָפּגעבען דעם קיסר דאָס, וואָס דעם קיסר קומט.

אַהנצווייפעל זיינען אַט די ווערטער פון קריסטאָ אין דער עוואַנ־געליע, טיעף איינגעדרונגען אין היינע'ס נשמה. ער האָט ניט מורא פאַר אַזאַ פרייען צושטאַנד, אין וועלכען אַלץ וואָס מיר האָבען ביז איצט אויף דער ערד אָנגערופען פרייהייט, זאָל זיך אַרויסווייי־זען אַלס אַ קינדער־שפּיעל, אָבער ער האַלט פאַר אַן אונמעגליכקייט, אַז די אידעאַלען פון די מיטעלע מענשען, די פיליסטערישע אידע־אַלען, זאָלען אין זייער טיעפקייט ענטהאַלטען די פרייהייט. ער באַטראַכט יעדע מיטעלמעסיגקייט, ווי די ליבעראַלע אַזוי אויך די

רעפּובליקאַנישע, אַלס שונא פון פּערזענליכקייט און ברייטער פרייהייט.

דערפון נעהמט זיך זיין מיסטרויען צו די צפון־אַמעריקאַנישע פרייע רעגירונגען, ווייל ער סימפּאַטיזירט ניט מיט זייער פרייהייט: „אָפטמאָל באַפאַלט מיך אַ פאַרלאַנג צו פאַהרען קיין אַמעריקאַ. איך וועל דאָרט קאָנען זעהן די גרויסע שטאַל פון פרייהייט מיט איהרע אומצאַהליגע בהמות". אויב היינע איז באַגייסטערט פון דער מאַרסעליעזע איז דאָס דערפאַר, וואָס ער האַלט דאָס ליעד פאַר'ן סימאָנים פון דער גרויסער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. אויב ער איז אַזוי ענטוזיאַסטיש פאַר נאַפּאָלעאָנ'ען איז דאָס דערפאַר, וואָס ער האַלט נאַפּאָלעאָנ'ען אַלס דעם פּאַרטיידיגער פון דעם פאָלק, וואָס איז פריי פון יעדער דעמאָקראַטישער מיטעלמעסיגקייט.

נאָר אַמאָל, אין אַנפאַל פון אומצופרידענהייט מיט זיך זעלבסט, באַנוצענדיג זיך מיט אַ געבאָרגטער פאָרמעל, פאַלט היינע אַריין אין אַ פלעבעאישער באַהויפּטונג און זאָגט אַרויס אַ מיינונג, אַז כלומר'שט די באַדייטונג פון גרויסע אינדיווידועו איז פאַרשוואונדען — אַט די טעאָריע איז באמת נאָר אַן אויסדרוק פון בירגערליכער קנאה. אין דער טיעפעניש פון זיין נשמה איז היינע אַזוי איבערצייגט אין דעם היפוך דערפון, אַז ער דערגרייכט דעם אומזיניגען עקסצענטער, באַהויפּטענדיג, אַז ניקאָליי, די פאַרקערפּערונג פון געוואַלט אין יענער צייט, איז דער פיהרער פון די פרייהייטס קעמפער אין איירָאָפּאַ. ניקאָליי איז, יעדענפאַלס, געוועזען אַ פּערזענליכקייט, אַ מאַכט. און היינע איז געוועזען גענוג געניאַל צו פיהלען, סוף כל סוף, אַז דאָס וויכטיגסטע איז פּערזענליכקייט און מאַכט. די קוואַנטיטעט שפּיעלט ניט קיין ראָל, אפילו ניט די קוואַנטיטעט פון מלכים. דערפון נעהמט זיך זיין שטענדיג אָפּלאַכען פון די דריי טוצען דייטשע מאָנאַרכיעס.

פאַר וואָס היינע האָט זיך אַממייסטען געשראָקען איז, מעגליך גיכער פון אַלץ, פאַר אַ לעבען אָהן דעם שעהנהייטס־עלעמענט. פוריע'ס פאַלאַנסטער, דאָס אומגעהייער גרויסע אַרבייטערהויז, וואו אַלץ איז אויסגעגליכען ביז אַ האָר און וואו עס בלייבט ניט איבער קיין אָרט אפילו פאַר דעם לוקסוס, וועלכען די קונסט

שטעלט מיט זיך פּאָר, האָט זיך איהם געדוכט אַלס דער רעזולטאַט אין דער צוקונפט, נאָר עס האָט איהם ניט צופרידענגעשטעלט.

וואָס עס האָט מעהר פון אַלץ אין איהם דערוועקט עקעל, איז דאָס לעבען אָהן גרויסקייט, מיט דער מיטעלמעסיגער גלייכהייט, וואָס איז אַריינגעבראַכט געוואָרען אין דער רעליגיע, מיט דער פּאַר־אַכטונג צו דעם געניע, צו די הילכיגע מחות, וואָס לייקענען עפּענט־ליך אָפּ דעם נאַזאַריאַנישען אַסקעטיזם. אין דערזעלבער מאָס האָט ער פאַרהאַסט די געזעלשאַפט, ווי ער האָט זי געקאַנט, וואָס ווערט פון איין זייט געפיהרט פון טאַלאַנטלאָזע אומפעהיגע גייסט־ליכע און פון דער צווייטער — פון פעהיגע מענשען, אָבער אָהן שום איידעלקייט. אַזאַ געזעלשאַפט האָט זיך, נאָך זיין מיינונג, געהאַלטען אין פאַרמירען — אַ געזעלשאַפט פון באַפרייטע שקלאַ־פען, וואָס האָבען זיך אָפּגעזאָגט פונ׳ם בוקען זיך, וואָס איז ביי זיי געוואָרען אינסטינקטיוו, נאָר צוליעב דעם אַליין צו ענטוויקלען אויף דער פרייהייט די קנאה, וואָס איז דער יסוד פון זייער מאָראַל.

ער, פאַרשטעהט זיך, וואָלט נאָך ביז דער רעוואָלוציע געווען דער געגנער פון לודוויג דעם זעכצעהנטען, „אַט דעם אָנשטענדיגען שמיער, וואָס איז געוואָרען אַ קעניג“. אַזוי אויך וואָלט ער נאָך פּאַר צעזאָר׳ן געוואָרען דער געגנער פון ברוט׳ען, דעם שווערגעוויכ־טיגען פּראַצענטניק, וואָס האָט ניט געקאַנט ניט אַריינשטעכען קיין מעסער אין דעם גרויסען מענשען.

ער האָט זיך באַטראַכט אַלס אַ מאָנאַרכיסט, האָט זיך אָנגע־רופען ראַיאַליסט דערפאַר, וואָס ער האָט נאָכגעפאָלגט די צעזאַ־רישע ריכטונג. ער האָט אָבער ניט געקאַנט צוקלייבען קיין ווער־טער אום אויסצודריקען זיין שטעלונג. ער האָט זיך באַטראַכט אַלס דעמאָקראַט; האָט זיך אַזוי גערופען דערפאַר, וואָס ער איז געבוירען אַ פּלעבעער, ער האָט פאַראַכטעט יעדע אומגערעכטע גע־בורטס־פּריווילעגיע און איז שטענדיג געווען אין אָפּאָזיציע מיט׳ן יונקעריזם און קלעריקאַליזם. נאָר טיעף אין זיין נשמה איז ער געווען קאָנזעקווענט. די שיינבאַרע ווידערשפּרעכונג אין זיינע פּאָ־ליטישע סימפּאַטיעס האָבען זיך גענומען דערפון, וואָס ער האָט ליעב געהאַט די גרויסקייט און שעהנקייט אַזוי שטאַרק ווי די פרייהייט, און ניט געוואָלט ברענגען אַלס קרבן די העכסטע ענט־

וויקלונג פון דעם מענשליכען מין אויפ׳ן מזבח פון פאַלשער גלייכ־
הייט און מיטעלמעסיגקייט.

* * *

עס קוקט אוים מעהר ווארשיינליך, אז היינריך היינע איז געבוי־
רען געווארען דעם 13טען דעצעמבער 1797. מען האט איהם ער־
קלערט אין 1816 יונגער אויף צוויי יאהר אום ער זאל האבען א
מעגליכקייט ארויסצופאהרען פון פרייסען אלס יונגער, נאך ניט
מיליטער־פליכטיג. דערפאר האט מען גערעכענט, אז ער איז
געבוירען אין יאהר 1799. זיין פאטער, סאמסאן היינע, א גע־
בוירענער אין האנאווער, האט זיך אין דער יוגענד, אלס אפיצער,
אונטער דער פיהרערשאפט פונ׳ם פרינץ ערנסט קומבערלאנד, בא־
טייליגט אלס פראוויאנט־מייסטער אינ׳ם מיליטער־צוג קיין פלאנ־
דריע און בראבאנט, נאר נאכדעם ווי ער האט געהייראט פעירע־
פאן־הילדערען האט ער זיך באזעצט אין דיסעלדארף אלס סוחר.
ער איז געווען א שעהנער מאן און זיך שטענדיג געהאלטען אין די
מעלות; א ווינציג באגאבטער פון דער נאטור, א מיטעלמעסיגער
סוחר, וואס האט ניט פארשטאנען קיין קונסט און פאעזיע, האט
ער געהאט א קינדערשע פארליעבע צו מונדירען און אן אריסטא־
קראטישע ליידענשאפט צום קארטען־שפיעל, אקטריסעס, פערד און
הינט. מען דערצעהלט, אז אריבערפאהרענדיג קיין דיסעלדארף,
האט ער געבראכט מיט זיך 12 פערד. היינע׳ס מוטער, וואס האט
נעקראגען א גוטע ערציהונג, גערעדט ענגליש און פראנצויזיש אזוי
פריי ווי דייטש, איז געווען זעהר קלוג, זיך אויסגעצייכענט מיט
טיעפען פארשטאנד, מיט מוזיקאלישע פעהיגקייטען. זייענדיג
רוססא׳ס א שילעריןן, וועמעס „עמיליע“ זי האט געשטודירט, און
געטע׳ס א פארעהרערין, האט זי פריה פראטעסטירט קעגען די פאר־
אורטיילען און לעבענס־באשרענקונגען און, אין געגענזאץ צו איהר
מאן, וואס איז געווען נאפאלעאנ׳ס א פארעהרער, איז זי געווען
א הייסע פאטריאטקע. זי האט זיך זעהר אינטערעסירט מיט
איהרע קינדער׳ס ערציהונג און זעהר זארגפעלטיג און געדולדיג
זיך אפגעגעבען מיט זייער לעהרע. ביידע עלטערען זיינען געווען
פרייזיניג אין רעליגיעזען זין: דער פאטער — אינגאנצען גלייכ־

גילטיג צו רעליגיע, די מוטער — אַ דעאיסטקע, נאָר די קינדער האָבען זיי געצוואונגען אָפּצוהיטען די אַלט־אידישע צערעמאָניעס. נאָכדעם ווי היינע האָט אַ קורצע צייט באַזוכט אַ אידישע אָנפאַנגס־שול, וואָס האָט, מעגליך, איהם געגעבען די ערשטע באַקאַנטשאַפט מיט דער ביבעל, וואָס ווערט אָפט דערמאָנט אין זיינע שריפטען, האָט מען איהם אָוועקגעשיקט אין קאַטוילישער שול, וואו די אויפזעהער זיינען געווען קאַטוילישע גייסטליכע, און הויפּטזעכליך יעזואיטען. די שול האָט זיך געפונען אין אַ געוועזענעם פראַנצויזישען מאָנאַסטיר, נאָר די לעהרער זיינען דאָרטען געווען וועלטליך־געבילדעטע. אין דער היים האָט היינע פאַרבראַכט אַ זעהר גליקליכע קינדהייט און אין שולע האָט ער אויך געפונען פריינד און פאַרטיידיגער, וואָס האָבען איהם שטענדיג ארויסגעהאָלפען, ווען ער פלעגט צוליעב זיין רעליגיע אָדער צוליעב זיין אָפּשפּעטען, אַמאָל האָבען אומאָנגענעמליכקייטען.

דער מערקווירדיגסטער שטריך, וואָס האָט אַזוי פריה זיך ארויסגעצייגט אין דעם דיכטער, איז געווען די אַלץ שטייגענדע נערוואָזיטעט, וואָס האָט זיך, צווישען אַנדערע, אויסגעדריקט אין דעם, וואָס יעדער רעש האָט אויף איהם זעהר אומאָנגענעם און דריקענד געווירקט. שוין ניט רעדענדיג וועגען שפּיעלען אויף דער פּיאַנאָ אָדער רעדען אין דער הויך, נאָר אפילו דער שעהן־קלינגענדער קול פון זיין שוועסטער האָט אויף איהם געווירקט ווי אַ געשריי און רעש. אַזוי שאַרף ווי זיין חוש השמיעה איז אויך געווען זיין חוש הריח. פון זיינע אינגסטע יאָהרען אָן איז טאַבאַק געווען פאַר איהם, ווי פאַר געטע׳ן, אומערטרעגליך. קיין מוזיק האָט ער ניט פאַרשטאַנען און טאַנצען האָט ער זיך קיינמאָל ניט געלערענט. מיט פופצעהן יאָהר האָט ער אָנגעהויבען שרייבען גוטע ליעדער.

די ריין־געגענד מיט איהר גאַנצער פרעהליכקייט, נאָר מיט איהרע פאָראורטיילען, מיט איהרע מעשיות און לעגענדעס, מיט׳ן קאַטוילישען קולט, וואָס איז פאַראייניגט אין אַט דעם פלאַץ, מיט די מיטעלאַלטערליכע געביידעס, מיט די רעליגיעזע צערעמאָניעס און פיהרערשאַפט, אויף וועלכע די הערשענדע, ראָמאַנישע פּאָעזיע האָט געוואָרפען איהר לייכטענדע שיין; די איינדרוקען וואָס ער האָט באַקומען פון זיין אידישער אָפּשטאַמונג, פון דער ביבלישער

פּאָעזיע, און פון דער ליידענשאַפט נאָך פרייהייט, זעלבסט־איראָניע, ענטוויקעלט ביי אַלע אידען דורך די אונטערדריקונגען, די באַגייסטערונג פאַר די פראַנצויזען און פאַר נאַפּאָלעאָנ׳ען פון איין זייט, און די באַלד נאָכדעם נאָכפאָלגענדע פאַטריאָטישע ווינטען — דערוועקט ביי אַלע שילער פון דעם ערשטען קלאַס — און צווישען זיי אויך היינע׳ן — אריינצוטרעטען אַלס וואָלונטירען אין דער אַרמעע אין דער צייט פון דער פרייהייטס־מלחמה, אין 1813טען יאָהר. די אַלע דרויסענדיגע פאַרהעלטנישען און די פּסיכאָלאָגישע צושטאַנדען האָבען געשטעמפּעלט דעם אינגעלשען גייסט. ער האָט געהאַט אַ גרויס פאַרגניגען צו לייענען די גרויסע הומאָריסטען, סערוואַנטעס׳ען און סוויפט׳ן. „דאָן קיכאָט“ און „הוליווער“ זיינען געווען זיינע באַליעבטע ביכער.

מיט זעכצעהן יאָהר האָט ער געהאַט אַ ליעבע־פאַרהעלטניש מיט יאָזעפאַ, די זעכצעהן־יעהריגע טאָכטער פון אַ הענקער. זי האָט געוואוינט אין זיין טאַנטעס הויז. אַלע האָבען פאַר איהר מורא געהאַט און זיך מיט איהר ניט אָנגעקעהרט; איהר מאַן איז אויך געווען אַ הענקער. אורטיילענדיג נאָך היינע׳ס באַשרייבונג, האָט יאָזעפאַ געהאַט זעהר אַ שעהן און אָריגינאַל אויסזעהן: אַ בלאַסע, מיט איידעלע, ריטמישע מאַניערען, מיט דינע געזיכטס־ציגען און בלוטיג־רויטע האָר. זי האָט געקאַנט פיעל פאָלקס־ליעדער און זיי אויסגעלערענט היינע׳ן. זי איז געווען, ווי ער זאָגט, דער ערשטער מענש וואָס האָט אין איהם דערוועקט אַ פאַר־שטענדניש פאַר פאָלקס־פּאָעזיע, און איהר שעהנקייט און די שרעק־קעדיגע אַטמאָספערע אַרום איהר האָט געהאַט ניט קיין קליינע ווירקונג אויפ׳ן צוקינפטיגען דיכטער. אין היינע׳ס ערשטע ליעדער באַגעגענט זיך אַ פאַרליעבע צו געדאַנקען וועגען יענער וועלט און טוידט, וואָס זיינען, וואַרשיינליך, אַרויסגערופען געוואָרען פון די נאָהענטע באַציהונגען צווישען ביידע קינדער. אין היינע׳ס „טרוים־ליעדער“ סימבאָליזירט דאָס אומגליק וואָס דאַרף געשעהן אַלס שטראָף פאַר דער ליעבע צו דער יונגער פרוי, וואָס ערשיינט אין חלום, די שאַנדע, וואָס זעהנגט ווי אַ קללה איבער׳ן הענקער׳ס גאַנצע משפחה, און פאַלט אויף יעדען, וואָס קומט אין באַריהרונג מיט איהר.

פון יאָהר 1816 האָט ביי היינע׳ן אין הארצען פארנומען יאָ־זעפּע׳ס פלאַץ אַן אנדער מיידעל. די עלטערען האָבען אויסגעקלי־בען פאר זייער הארי׳ן (אַזוי האָט מען איהם צוערשט גערופען) אַ סוחר־קאַריערע. ראָטשילד׳ס גלענצענדער ערפאָלג האָט אויף זיי געמאַכט אַ שטאַרקען איינדרוק. זיי האָבען צוערשט געשיקט זייער זון אין אַ קאָמערץ־שולע אין דיסעלדאָרף, דערנאָך אויף צוויי מאָנאַ־טען צו אַ באַנקיר קיין פראַנקפורט, און צולעצט קיין האַמבורג, וואו זיין אָנקעל, דער באַריהמטער סאָלאָמאָן היינע, איז געוועזען אַ מאַטאַדאָר אין דער סוחר׳ישער וועלט. מיט דער הילף פון זיין רייכען אָנקעל, פון וועמען היינע איז זיין גאַנצען לעבען געבליבען אָפּהענגיג, האָט היינריך היינע אויפגעעפענט אין 1818 אין האַמ־בורג, אונטער דער פירמע „הארי היינע און קאָ.“, אַ קאָמיסיאָנס־קאָנטאָר פון ענגלישען טוך. נאָר, ווי מען האָט געקאָנט ערוואַרטען, האָט זיך דאָס געשעפט אויפ׳ן צווייטען יאָהר געשטעלט. אין זיין אָנקעל׳ס הויז האָט היינע ניט נאָר געפונען אַ ברוגזי׳ן אָנקעל, וואָס האָט, ניט קוקענדיג אויף זיין גוטסקייט, קיינמאָל זיין פלי־מעניק ניט פאַרשטאַנען און שטענדיג אויף איהם בייז געווען, נאָר היינע האָט אויך דאָרט געפונען זיין יוגענד־מוזע אין דער גע־שטאַלט פון זיין אָנקעל׳ס דריטער טאָכטער, אַמאַליע, וועלכע ער האָט, אונטער פאַרשיידענע נעמען (מאַריע, סולעימע, אין בריעף מאָלי) באַזונגען אָדער געשאָ׳טען. ער איז קיינמאָל ניט מיעד גע־וואָרען באַשרייבען איהר פּראַכטפולע שעהנקייט; זי שיינט אין דעם גאַנצען גלאַנץ פון איהר שעהנקייט ווי אַ געטין, וואָס הויבט זיך אויפ׳ן שוים פון די כוואַליעס; מיט איהרע אויגען, ליפּען, באַקען, איז זי עהנליך צו די מאַדאָנעס אין קעלנישער קירך, איהרע אויגען דערמאָנען אין פיאָלקעס, איהרע הענט אין ליליעס. און זי, ווייזט אויס, האָט איהם קיינמאָל ניט געליעבט. יעדענפאַלס, האָט ער זיך, ווי עס זעהט אויס, ארומגעטראָגען מיט דער האָפ־נונג, אַז זי וועט איהם נאָך ליעב באַקומען; מעגליך, אַז זי האָט איהם אַרויסגעוויזען געוויסע סמנים פון אויפמערקזאַמקייט — יעדענפאַלס קאָן מען קלאָהר זעהן פון זיין ליעד, אַז איהר הייראַט אין 1821 מיט אַ צווייטען, מיט אַ גוט־באַזיצער פון קעניגסבערג, האָט איהם געטראָפען ווי אַ דונער. און ער האָט עס שטענדיג

געהאלטען פאר אן אומפארצייהליכען פארראט פון איהר זייט.

די נייע הילף וואס ער האט געקראגען פונ׳ם אנקעל, האט היינע׳ן געגעבען א מעגליכקייט צו באזוכען די אוניווערזיטעט; מען האט איהם ערלויבט צו לערנען ווען מען האט געזעהן, אז ער איז ניט פעהיג צו מסחר, וואס האט אין איהם שטענדיג געוועקט אן עקעל. אין 1819, גלייך נאכדעם ווי ער האט דורכגעלעבט א קאמף פון אידישקייט, איז היינע אפגעפאהרען דורך דיסעלדארף קיין באן, אום צו ערלערנען דארט די יורידישע וויסענשאפט און זיך דערשלאגען צום ראנג פון דאקטאר פון רעכט. דאס איז געווען דער פארלאנג פון זיין אנקעל.

די באנ׳ער אוניווערזיטעט, וואס איז געווען פארמאכט אין פארלויף פון עטליכע יאהר, אין דער צייט פון פראנצויזישער הערשאפט, האט זיך איצט נאר וואס געעפענט און געהאט א גאנצע רייהע פון אויסגעצייכענטע פראפעסארען. נאר אזוי ווי צו יענער צייט, צוליב די קארלסבאדער געזעצען, האט זיך אנגעהויבען די פארפאלגונג פון די בורשענשאפטען און פון אלע נאציאנאלע באוועגונגען, איז היינע, באלד ווי ער איז אנגעקומען אין אוניווערזיטעט, גערופען געווארען צו א פארהער וועגען דעם יום־טוב, וואס האט געדארפט אין גיכען פארקומען צום יאהרצייט פון לייפציגער שלאכט. ער איז אריינגעשלעפט געווארען אין א פאליטישען פראצעס, וואס האט מיט זיין קליינליכקייט און נארישקייט ניט געקאנט ניט דערוועקען אין איהם א פאראכטונג צו דער וואקסענדער רעאקציע. אינ׳ם צייגנים וואס ער האט באקומען ווען ער איז אריינגעטראטען אין אוניווערזיטעט איז געשטאנען, אז ער האט ניט געלערענט די גריכישע שפראך, האט זעהר אויבערפלעכליכע ידיעות אין לאטיין, האט ניט געקאנט אויסהאלטען דעם עקזאמען אין מאטעמאטיק, נאר אז ער איז „ניט אומוויסענד אין היסטאריע“, און אז זיין „דייטשע קאמפאזיציע, כאטש מיט א מאדנעם סטיל, דאך צייגט עס לויבענסווערטע שטרעבונגען“.

דער יונגער סטודענט אינ׳ם סאמעטענעם רעקעל און געשטריקטע מאנזשעטען, האט ארויסגעצייגט א נאכלעסיגע עלעגאנץ אין זיין קאסטיום און מאנערען. ער איז געווען פון מיטעלען וואוקס, האט געטראגען גאנץ לאנגע, העל־ברוינע האר, וואס האבען ארומ־

געריננעלט זיין ניט באַבערדעלטען פּנים. ער האָט געהאַט סימעט־רישע געזיכטס־שטריכען, כמעט אַ גריכישע נאָז, בלויע אויגען, אַ גרויס, אויסדרוקספּול מויל, אויף וועמעס ליפּען עס האָט זיך אָפּט באַוויזען אַ קאַלטער אַפּלאַכענדער שמייכעל, וועלכען ער דערמאַנט אָפּט אין זיינע ליעדער, און אויסערגעוועהנליך ווייסע הענט.

ער האָט געהערט לעקציעס וועגען דער געשיכטע פון דער דייט־שער שפּראַך, וועגען טאַציט׳ס גערמאַניא, וועגען די ניבעלונגען און אַנדערע היסטאָרישע און ליטעראַרישע געגענשטאַנדען. בכלל האָבען איהם אינטערעסירט פון איין זייט די לעקציעס וועגען לי־טעראַטור און קולטור־געשיכטע, פון דער צווייטער זייט — יורידישע לעקציעס איבער׳ן רוימישען און דייטשען שטאַאַטס־רעכט. פון די פּראָפעסאָרען האָט דער פיהרער פון דער ראָמאַנטישער שולע, א. וו. שלעגעל, געהאַט דעם גרעסטען איינפלוס אויפ׳ן צוקינפטי־גען דיכטער, וועלכער פלעגט איהם פאָרלייענען זיינע ליעדער און אין יענער צייט אויך אָנגעשריבען זיין ערשטע טראַגעדיע „אַלמאַנזאָר“.

צום ענדע פון יאָהר 1820 איז היינע פון באָן אַריבערגעגאַנגען אין געטטינגער אוניווערזיטעט, מיט׳ן באַשלוס, זיך שטאַרק נעהמען צו ערלערנען יוריספּרודענץ, נאָר די שטאָדט איז איהם ניט געפע־לען געוואָרען, ווי ער דערצעהלט קלאָר אין זיין „האַרצרייזע“. ער האָט, נאָך עטליכע מאָנאַטען, איבער אַ קליינעם סכסוך מיט אַן אַנדער סטודענט, באַקומען זיין „קאָנסיליום אבעאונדי“, און איז אין 1821 אַריבערגעפאָהרען קיין בערלין. דאָ האָט ער זיך באַקאַנט מיט וואַרענהאַגענ׳ס הויז, בערלינ׳ס גייסטיגער צענטער, וואו רחל האָט אַרום זיך פאַרזאַמעלט די גאַנצע אַריסטאָקראַטיע פון וויסענשאַפט, פון טאַלאַנט און אָפּשטאַמונג. אין דעם, ביז איצט נאָך עקזיס־טירענדען, וויין־געשעפט פון לוטטער און וועגענער, אויף בערזען־שטראַסע, פלעגט ער אין די אָבענדען זיך טרעפען מיט די אויס־געצייכענטע מענשען פון יענער צייט און מיט די געניאַלע „באָ־העמער“ — צווישען וועלכע עס זיינען געווען אַזעלכע מענשען, ווי ע. ט. א. האָפמאַן און גראַבבע. נאָך פיעלע פּרוכטלאָזע פּאַרזוכען האָט ער דאָ געפונען אַן אַרויסגעבער, וואָס האָט אַרויסגעגעבען

זיין ערשטעז בוך ליעדער און אלס האנאראר האט ער באקומען פערציג עקזעמפלארען. דאס בוך איז ערשינען אין דעצעמבער 1821. זיין נאמען איז באלד באקאנט, אפילו באריהמט געווארען, און דעמאלט שוין האט ער ארויסגערופען נאכהאמונג און פאראדיעס.

היינע האט געהערט אין אוניווערזיטעט די גרעסטע פראפעסארען פון יענער צייט, העגעל׳ן, פאר וועמען ער איז געווען שטארק באגייסטערט, באפפען, לעהרער פון דער אינדישער שפראך, וואלפען, וועגען דער קלאסישער פילאלאגיע און אויך דעם יוריסט עדוארד האנס. מיט דעם יוגענדליכען פייער האט ער זיך באפריינדעט מיט א גרופע, וואס האבען געוואלט רעפארמירען די אידישע וועלט און זיך באמיהט צו ברענגען זייערע גלויבענס־גענאסען צו דער אייראפעאישער קולטור. מיט יוגענדליכער איינגעשפארטקייט איז ער אנגעפאלען אין זיין „אלבאנזאר" אויף די אידען, וואס זאגען זיך אפ פון זייער רעליגיע, און דרך אגב אויך אויפ׳ן קריסטענטום, וואס האט זיך איהם פארגעשטעלט אלס א פיינדלכע מאכט. די טראגעדיע איז ערשינען אין יאהר 1823 צוזאמען מיט זיינס א צווייטען יוגענד־ווערק „וויליאם ראטקליף"; זי איז אויפגעפיהרט געווארען אויף דער ביהנע, נאר דורכגעפאלען איבער׳ן ראסען־האס צום מחבר (ג. קארפעלעס: „היינריך היינע׳ס ביאגראפיע", 1885).

בערלין האט ניט געהאט קיין גוטע ווירקונג אויף היינע׳ס ערפאלג אין יורידישע וויסענשאפטען. ער האט זיך נאך אין האמבורג צוגעוועהנט צום לייכטזיניגען ארט לעבען, און דא האט ער עס פארטגעזעצט. אום זיך אביסעל צו קאנצענטרירען, איז ער אוועקגעפאהרען קיין האמבורג, דערנאך ווידער קיין געטינגען, וואו ער האט אין יאהר 1825 געשריבען זיין דיסערטאציע אויפ׳ן ראנג פון דאקטאר־יוריסט. באלד נאכדעם האט ער זיך גע׳שמד׳ט. ער האט זיך גע׳שמד׳ט ניט צוליעב איבערצייגונגען, אז קריסטענטום ענטהאלט אין זיך דעם אמת — פארקעהרט, ער איז שטענדיג בייז געווען אויף זיך פאר דעם שריט וואס ער האט געמאכט — נאר דערפאר וואס ער האט געוואלט פטור ווערען פון דער פאר איהם שווערער און באליידיגענדער אפהענגיגקייט פון זיין אנקעל, און דערפאר וואס ער האט ניט געקאנט באקומען קיין שטעלע,

קיין ראנג אין געזעלשאפט און קיין אנשטענדיגען געהאלט און דאך בלייבען א איד. זיין שטימונג אין יענער צייט איז גלענצענד איבערגעגעבען אין זיין פראגמענט „דער רב פון באכראך“, וואס האט אומזיסט ארויסגערופען אזוי פיעל לויבגעזאנגען; נאר אין איינציגע ערטער באמערקט זיך דארט א לעבעדיגקייט און קינסטלערישע קאנצעפציע. איז אלגעמיין אבער דיענט עס אלס באווייז, אז היינע האט ניט געקאנט שרייבען קיין היסטארישע ראמאנען; צום סוף, וואו דער מחבר באשרייבט זיך אליין, איז דער דיכטער זיך מודה, אונטער א פרעמדער מאסקע, אויף דעם געפיהל פון בזיון, וואס ער פיהלט ביים געדאנק, אז ער איז נאמינאל אריינגעטראטען אין דער רעליגיעזער געזעלשאפט, וואס שטעלט מיט זיך פאר, נאך זיין שטאדפונקט, דעם שונא׳ס לאגער.

אין דער קארעספאנדענץ צווישען רחל׳ן און וואַרנהאגען געפינען זיך אינטערעסאנטע באשרייבונגען פון היינע׳ס פערזענליכקייט און זיין כאראקטער צו יענער צייט. אינטערעסאנט איז, וואס וואַרנהאגען, אנפאנגענדיג צו ריידען וועגען „אונזער קליינעם היינע׳ן“. ברענגט ער רחל׳ס א טרעפענדע באמערקונג, וואס ציִיגט אן אויף איהר אויסערגעוועהנליך דורכדרינגענדען גייסט, וואס האט באמערקט, צו וועלכען פון די דאמאלסדיגע דיכטער היינע איז מעהר עהנליך. כאטש אין דערזעלבער צייט דארף היינע, נאך איהר מיינונג, זיך באמיהען מיט אלע מעגליכקייטען, ניט זיין עהנליך אויף יענעם, אום ניט פארלוירען צו געהן אלס מענש און דיכטער. אט מיט וואסער אויפרוף זי ווענדעט זיך צום יונגען דיכטער: „זעהט נאר, איהר זאלט ניט ווערען עהנליך צו ברענטאנא׳ן — איך וועל דאס ניט פארליידען“. רחל הומאריזירט: היינע דארף זיין אויפריכטיג און וועט אזוי פארבלייבען, כאטש אפילו אונטער׳ן שטעקען „מענש, זייַ אויפריכטיג!“

ווי גוט וואַרנהאגען אליין האט איהם געקאנט, מיט וואסער א פיינקייט עס צייכענט זיך אויס די פאלגענדע פראזע זיינע צו רחל׳ן!

„און איצט געפינט זיך נאך נעבען דיר. אויסער אלע אנדערע קלוגע און באגאבטע מענשען וואס אונטערהאלטען דיך, אויך היינע. דער אריגינעלער פיעל־גערייזטער, פרישער היינע. פריש מיין איך

דאָ ניט, וואָס ער האָט זיך ניט לאַנג צוריקגעקעהרט פונ׳ם ים, וואָרים אויך געזאַלצענע הערינג רופט מען אין דעם פאַל אַן פּריש“.

כמעט מיט די זעלבע אויסדריקען רופט ער זיך אָפּ וועגען היינע׳ן, ווען דער לעצטער איז שוין געווען אַריבער דרייסיג יאָהר: „איך האָף, אַז ער וועט זיך אָפּט מיט דיר זעהן און וועט קאָנען אויסנוצען די צייט צום גוטען פאָו׳ זיך אין דיין געזעלשאַפט. ער מוז זיך געפינען אין אַ גוטער גייסטיגער אַטמאָספּערע, וואָרים אין איהם איז פאַראַן עפּעס אַזוינס, וואָס קאָן איהם לייכט קאַליע מאַכען“ 1).

רחל און וואַרנהאַגען זיינען געוואָרען די ערשטע פּאַרטיידיגער פון היינע׳ס טאַלאַנט. די ערשטע גוטע רעצענזיע וועגען היינע׳ס

---

1) די קאָרעספּאָנדענץ צווישען רחל׳ן און וואַרנהאַגען׳ען, זעקסטער בוך, 48, 56, 316, 344. אָט זיינען נאָך עטליכע אינטערעסאַנטע באַמערקונגען וועגען היינע׳ן, וואָס רחל האָט געמאַכט: „היינע׳ן זעה איך כמעט ניט; ער איז, אַזוי צו זאָגען, איינגעגראָבען אין זיך. ער זאָגט, אַז ער דאַרף פיעל אַרבייטען, ער איז ערשטוינט, וואָס אַזאַ גאַנץ געוועהנליכע זאַך, ווי זיין פאָטערס טויט און זיין מוטערס טרויערען נאָך איהם, ווירקט אַזוי שווער אויף איהם... ער קוקט אויס געזינטער; ער באַקלאָגט זיך שוין כמעט מעהר ניט; נאָר אויף זיין געזיכט ווייזט זיך אַמאָל אַרוים אַן אויסדרוק, וואָס פּאַסט איהם גאָרניט; אַזוי, למשל, ווען ער רעדט, ציטערט ביי איהם אָפּט דאָס מויל, וואָס מיר איז דאָס פריהער אפילו שטאַרק געווען געפעלען, כאָטש דאָס איז קיינמאָל ניט געווען קיין באַווייז, אַז ער איז אין אַ גוטער שטימונג“. „איך וויל דיר שרייבען עטליכע ווערטער וועגען היינע׳ן. איך בין געקומען צום באַשלוס, אַז זיין טאַלאַנט איז זעהר גרויס, נאָר ער דאַרף רייף ווערען, אַז ניט וועט ער ווערען אינהאַלטסלאָז און פּוסט ביז מאַנערניטשייען“. וואַרנהאַגען האָט געענטפערט: פאַר היינע׳ן עקזיסטירט נאָר איין רעטונגס־מיטעל: ער דאַרף זיך שטעלען פעסט אויפ׳ן באָדען פון אמת, און זיך אין דער נשמה איינלעבען מיט איהם, נאָר דעמאָלט קאָן ער זיין טאַלאַנט שיקען שפּאַצירען איבער דער וועלט, אום צו קריגען פאַר זיך רויב און מאַכען פרעהליכע שפּאַסען“. באַנד 5, 847, 856, 865.

ליעדער איז געשריבען געוואָרען פון זיין פיין־שמעקענדען דיפּלאָ־מאַטישען פּאַטראָן. עס איז לייכט איינצוזעהן, אַז דאָס פּאָר פּאָלק וואָרנהאַגען האָבען געקוקט מיט אַ באַטריבטען בליק אויף די שוואַכע זייטען פון היינע׳ס כאַראַקטער, וואָס האָט געקאָנט ווערען געפעהרליך פאַר זיינע אומגעהייערע פּאָעטישע פעהיגקייטען.

* * *

„דאָס בוך פון די ליעדער", וואָס ווערט איצט גערייעכנט מעהר פון אַלע היינע׳ס ווערק, און מיט וועלכען היינע׳ס נאָמען איז באַזונדער־ענג פאַרבונדען, געהערט צום יאָהר 1827 און ענטהאַלט אַ גרופּע ליעדער וואָס זיינען אָנגעשריבען געוואָרען אין פאַרשיי־דענע יאָהרען און שטעלען מיטזיך פאָר פאַרשיידענע פּעריאָדען פון זיין ענטוויקלונג.

די ליעדער „יונגע ליידען", וואָס געהערען צו די יאָהרען 1821—1816 זיינען די ערשטע און שוואַכסטע סעריע. זי ווערט איינגע־טיילט אין עטליכע טיילען. „טרוים־בילדער", ליעדער, ראָמאַנסען און סאָנעטען. דער אינהאַלט פון דער סעריע איז פאָלגענדער: קינדהייטס־ערינערונגען פון דיסעלדאָרף, פּראַכטפולע בילדער פון דער גליקליכער קינדהייט. די ליעבע צו דער מוטער, די באַגייסטע־רונג פאַר נאַפּאָלעאָנ׳ען, אַ סך קאַטוילישע ריינלאַנדער ראָמאַנטיק און פאַרשיידענע אילוזיעס. דאָ קלינגען אַרויס וויציגע טענער, וויציגע קלאַגען וועגען געלט־שוועריגקייטען, וואָס קומען פאָר ביים דיכטער, ווען די דוקאַטען לאָזען זיך אויס פון דער טאַש. דאָרט הערען זיך שניידענדע דיסאָנאַנס־טענער, וואָס זיינען אַ רעזולטאַט פון דער פאַרצווייפלונג איבער די געליטענע, ערנידערונגען פונ׳ם דיכטער, ווען ער איז אַלס באַנקראָטירטער סוחר אַריינגעפאַלען אין די הענד פון די האַמבורגער בירזשעוויקעס. דאָ געפינען זיך אויך ליעדער פון זיין סטודענטען־צייט, מיט פלאַמענדער חבר׳שער פריינדשאַפט און שטאַרקע באַגייסטערונג פאַר אַ. וו. שלעגעל׳ן, וואָס האָט פאַרנומען דעמזעלבען גרויסען פּלאַץ אין דער ליטע־ראַטור ווי אין אוניווערזיטעט. דאָרט קומט אויך צום אויסדרוק דער דייטש־פּאַטריאָטישער ענטוזיאַזם, וואָס פאַרלאָזט היינע׳ן ניט.

דאָ לייענען מיר ליידענשאַפטפולע שורות, וואָס דערצעהלען וועגען היינע׳ס זעלבסטשעצונג, ליעבעס־וועהען און פארשיידענאַרטיגע קלאַגען; צוערשט באַזינגט ער די ליעבע (אין וועלכע עס הערט זיך, אויף האַפמאַנ׳ס מאַנער: פאַרשיידענע בית־עולם שרעקען), דער־נאָך דעם סענטימענטאַלען טרויער צוליעב דער ניט־געגענזייטיגער ליעבע, ווייטער אויסברוכען פון פאַרצווייפלונג איבער דעם, וואָס די אומגעטרייע געליעבטע האָט איהם פאַרראַטען, איהם אַ טויט־קלאַפּ דערלאַנגט, און מיט איהר הייראַטען פאַר אַ צווייטען זויגט זי זיין בלוט און פרעסט זיין האַרץ. נאָר אין איין ליעד „די פענס־טערשוי", — אַלס אויסנאַהם — געהט די שטימונג איבער אין אַ וואולגאַרער פרעהליכקייט.

דאָס בעסטע פון אַט די יוגענד־ליעדער איז דאָס, וואָס טראָגט אַן אָריגינאַלען נאָמען „די לירישע אינטערמעצצאָ", דערפאַר וואָס עס איז אין 1821 צוערשט ערשינען אַלס אַ לירישע צוגאָבע צוושען די צוויי שלעכטע טראַגעדיעס „אַלמאַנזאָר" און „ראַטקליף". עס ענטהאַלט אין זיך די באַארבייטונג פון דיזעלבע סוזשעטען, וואָס דער ערשטער טייל, נאָר אין מעהר אָריגינעלע פאָרמען און אויף אַ מעהר קינסטלערישען, פרייען אופן. דער ארויסגעבער פון דעם ערשטען טעקסט פון „דאָס בוך פון ליעדער", ערנסט עלסטער, אין זיין אַריינפיהר, און דער יונגער קריטיקער ווילהעלם בעלשע, אין זיין זעלבסטשטענדיגען ווערק וועגען היינריך היינע, האָבען גרינד־ליך באַוויזען, אַז אין אַט די ליעדער זעהען מיר זעלטען אַ דירעק־טען אויסדרוק פון אַ ניט־לאַנג איבערגעלעבטען ליעבע־טרויער. נאָר מיר באַקומען שטענדיג עפּעס אַן אַרט עקסטראַקט פון ערינערונגען וועגען אַ מיסערפאָלג. בכלל באַציהט זיך דער דיכטער אומגע־צוואונגען צו אַלטע ליעבע־וועהען, גלייך ווי ער זאָל זיך שפּיעלען מיט זיי, דערפאַר באַקומען זיך אָפט דיסאָנאַנסען אין די אויס־דרוקען. עס טרעפט ניט זעלטען, אַז דער לעזער קאָן בשום אופן ניט גלויבען אין דער ערנסטקייט פון די באַשריבענע געפיהלען, און בלייבט שטעהן פאַרקלערט איבער דער שטענדיגער פאַרזיכערונג וועגען דעם שרעקליכען טרויער פונ׳ם לעבען אין דעם געוועהנליכען גאַנג פון דער קונסט.

און דאָך איז פון היינע׳ס זייט געוועזען גאַנץ נאַטירליך, זיך אומ־

צוקעהרען אָפּט צו דערזעלבער ליידענשאַפט, כאָטש זי באַקומט ניט אין פאַרלויף פון דער צייט קיין צופלוס פון נייע קרעפטען, וואָס וואָלטען זי געקאָנט אויפלעבען. עס איז דערפאַר, וואָס ער האָט ניט דורכגעלעבט אַ צווייטע ליידענשאַפט, וואָס זאָל זיין פאַר זיין גייסטיגען לעבען אַזוי באַדייטענד און אַזוי שטאַרק, ווי זיין ערשטע ליעבע. אָט די ליעבע איז געווען און־פאַרבליבען די גרעסטע געשעהענים אין זיין לעבען. עס קוקט אויס, אַז דאָס גליק, וואָס זיין ערשטע ליידענשאַפט האָט איהם געגעבען איז נאָר געווען אַן אויגענבליקליכעס; ווען ער האָט צוערשט אָנגעפאַנגען באַזינגען זיין ליעבע האָט ער גלייך געמאָהלען דעם ליעבע־טרויער, דעם מאַנגעל אין געגענזייטיגער ליעבע, דאָס געפיהל פון פאַרלאָזענקייט, פאַרראָט, דער געליעבטער׳ס קאַלטע האַרטקייט. איצט, ווערענדיג באַפרייט פון דער ווירקונג פון אָט דער ליעבע, האָט ער דערצעהלט איהר גאַנצע אמת׳ע אָדער אויסגעטראַכטע געשיכטע פון איהר ערשטען טאָג אָן ביז דער מינוט, וואָס זי איז פאַר איהם געשטאָר־בען; ער האָט זיך ניט באַנוגענט דערמיט, וואָס ער האָט דער־צעהלט די גאַנצע ענטוויקלונג פון דער ליעבע ביז׳ן קאַטאַסטראָפע־מאָמענט; ער האָט צוגעגעבען אַ גרויסע פרישקייט און רייכקייט דערמיט וואָס ער האָט אַרומגערינגעלט יעדען פון אָט די וויכטיגע מאָמענטען פון זיין לעבען מיט אַ ראַהם פון נאַטור־שילדערונגען און פון די איהם באַהערשענדע שטימונגען. אין די „טרוים־בילדער“ הערשט די גאַנצע צייט די נאַכט און די געליעבטע זיינען אַרומגענומען פון דעם פריהלינגס־גרינס, פון דעם שעהנעם מאַי, פון פויגעל־געזאַנג און שטערען־שימער.

אַז די ערשטע צערטליכקייט, וואָס היינע׳ס געליעבטע האָט כלומר׳שט געפיהלט צו איהם, איז אַן אויסגעטראַכטע און ניט אין איינקלאַנג מיט דער ווירקליכקייט, איז זיך היינע אַליין מודה, איז זיין באַשרייבונג פון די צערטליכע סצענעס, וואָס זיינען פאַרגע־קומען צווישען זיי: דער געליעבטער פיהלט זיך קיינמאָל ניט אַלס דער גליקליכער, נאָר אפילו אין דעם אומאַרמונגס־מאָמענט ווערט ער געפייניגט פון פאַרלאַנגען:

„לעג צו דיין באַק צו מיינער, זאָלען אונזערע טרערען גיסען צוזאַמען; דריק צו דיין האַרץ שטאַרק צו מיינעם, זאָלען זיך

ביידע פון די פלאַמען אַנצינדען. און ווען עס גיסט זיך אריין אונזער טרערען־טייך אינ׳ם גרויסען פייער־פלאַם, נעהם איך דיך פעסט אַרום מיט מיין אָרעם און שטאַרב פאַר ליעבעס־קומער״. — (אין פּראָזאַ — דער איבערזעצער.)

אַט דער גליקליכער געליעבטער, וועלכער איז גרייט צו שטאַרבען פון ליעבעס־קומער, ווען די הערצער וועלען אין פלאַמען אַנגעצונדען זיין און וועלען זיך איינער צום צווייטען דריקען, ציינט זיך, אין דער ווירקליכקייט, אַלס אַן אומצופרידענער געליעבטער.

פון די ריין־עראָטישע ליעדער זיינען יענע די בעסטע, וואָס דריקען אויס ליעבעס־באַגעהר און די, אין וועלכע עס ווערט באַשריבען דאָס טרויעריגע אָפּשטאַרבען פון דער ליעבע. צווישען די צאַרטע, פול מיט ליידענשאַפטליכען קומער, ליעדער, צייכענט זיך צומיינסטען אויס דאָס פּראַכטפולע מזרח׳ישע: „אויף די פליגעל פון געזאַנג טראָג איך דיך, מיין ליעבסטע״; עס פאַר׳כשופ׳ט דעם לעזער מיט דעם פרעמדען, אָריגינאַלען אינדישען פייזאַזש און מיט דער מילדער, נשמה׳דיגער שטימונג. היינע האָט שטאַרק געבענקט נאָך אינדיען, ווי געטע נאָך איטאַליען. ער האָט זיך געפיהלט, אין גייסטיגען זין, אין דער היים אויפ׳ן ברעג פון טייך גאַנגאַ ווי געטע — אויפ׳ן ברעג פון טיבראַ. עס זעהט אויס, אַז קאַפּ האָט מיט זיינע לעקציעס דערוועקט אין זיין הארצען אַ ליעבע צו דעם מזרח׳יש לעגענדאַרישען לאַנד. צו די באַשרייבונגען באַנוצט ער אַ ראָמאַנטישען, לעגענדאַרישען סטיל, אַ ירושה פון זיינע פאָרגענגערס, צוגעפּאַסט צו זיין אייגענעם אינדיווידואום.

מיט שעהנער איינפאַכקייט צייכענט זיך אויס פאָלגענדער סטראָף:

„דאָרט אונטער׳ן פּאַלם־בוים, וועלען מיר זיך ביידע אוועקלעגען און טרינקען ליעבע און רוה און טרוימען אַ זעליגען טרוים״. (פּראָזאַ — דער איבערזעצער).

נעהמען מיר אָבער פאָלגענדען סטראָף:

„דאָרט ליעגט אַ רויט־גליהענדער גאָרטען איז שטילען לבנה־שיין, די לאָטוס־בלומען ערוואַרטען זייער ליעבע שוועסטער״. ווי דער גרונד־מאָטיוו זאָל דאָ ניט גוט זיין, ווי צאַרט עס זאָל ניט קלינגען, איז אין דעם דאָך פאַרהאַן עפּעס אומנאַטירליכעס, וואָס

באַגעגענט זיך ניט זעלטען אין היינע'ס נאַטור־בילדער. דער קאַ־לאָרים איז שטאַרק, נאָר ניט גענוג בולט. די שילדערונג איז ניט אין איינקלאַנג מיט'ן טאָן. איך צווייפעל, צי דאָס וואָרט „רויט־גליהענד" פּאַסט זיך צו אַ גאָרטען, ווען דו באַשרייבסט איהם אַ באַגאַסענעם מיט לבנה־שיין. כמעט דעם זעלבען אומנאַטירליכען עפעקט, מאַכט דאָס פּיעל־שפּעטערע ליעד: „אַבענד־דעמערונג": „אַנטקעגען אַט דעם פענסטער זיינען געזעסען לאַכערינגע אין לבנה־באַשיינטע „רויזען־פּנימ'ער" —

די פּראָזאַ, אַז די בלום ערוואַרט כלומר'שט, איז דער געשטאַלט פון איהר געליעבטען, איהר שוועסטער, זעהט אויס ווי אַן אַלט ליעבע־שפּיעל צווישען דעם רייכען בילד פון די גאַנגע־ברעגען. כמעט די זעלביגע ווענדונג געפינען מיר איז דער פאָלגענדער פראַזע:

„די בלומען סוד'ען זיך און קוקען מיך אָן מיט רחמנות: זיי ניט ברוגז אויף אונזער שוועסטער, דו טרויעריגער, בלאַסער מאַן".

דאָס איז אַלץ דער סטיל פון די אַלטע פּשוט'ע ליעבעס־ליעדער, איבער וועלכע היינע האָט זיך אין די שפּעטערע יאָהרען דער־הויבען.

אין אַ צווייטען סטראָף פון אַט דעם וואונדערבאַר־צאַרטען אינדישען ליעד צייגען זיך איינענטימליכקייטען, וואָס באַצייכענען היינע'ס צונעהעריגקייט צו דער ראָמאַנטישער שול מיט איהר איי־גענאַרטיגען פאַרשטעהן די נאַטור:

„די פיאַלקעס לאַכען, צערטלען און קוקען אַרויף צו די שטע־רען".

צו זאָגען, אַז די פיאַלקעס צערטלען איינס די צווייטע — דאָס איז שוין גענוג געוואַגט און דערמאַנט אָן אַנדערסאָנ'ס פאַר'כשופ־טע גערטנער, דאָס וואָס זיי לאַכען נאָך דערצו, איז שוין צ ו גוט. אין דעם זעלבען סטיל האָט זאָלאַ שפּעטער באַשריבען דעם פּאַראַ־דאַ־גאָרטען.

אין דעם זעלבען גייסט ווי אַט דאָס ליעד, האָט היינע פאַרפאַסט אויך אַ צווייטעס וועגען דער לאָטאָס־בלום, וואָס האָט מורא פאַר דער זונען־שיין. דאָס איז אַן ערשט־קלאַסיג שעהן ליעד, וואָס, באַשרייבענדיג די אומשולדינקייט פון בלומען, ווערט עס דורכ־געדרונגען פון געפיהלען מעהר ווי אַלע אַנדערע ליעדער, די זעלינ־

געפיהלפולע ליידענשאַפט געהט דאָרט כמעט ביז היסטעריקע; דער דיכטער איז ניט צופרידן דערפון וואָס ער צווינגט די לאָטאָס־בלום צובליהען, אויפפלאַמען, גלאַנצען, געבען אַ פיינעם ריח און ציטערן, נאָר ער צווינגט זי אויך צו וויינען,, וועהרענד זיין געליעב־טע — די לבנה — וועקט איהם מיט איהרע שטראַהלען 1).

נאָך אַט די ליידענשאַפטס־ליעדער זיינען די מעהר דורכגע־פיהלטע די, וואָס דריקען אוים דעם סוף פון ליעבע. דעם בעסטען ביישפיעל קאָן געבען דאָס ליעד נומער 56 אין „אינטערמעצצאָ", וואָס באַשרייבט אין דער ערשטער שורה, ווי אַזוי אַ שטערענדעל — „דאָס שטערענדעל פון ליעבע פאַלט פונ'ם הימעל", אין דער צוויי־טער — ווי עס פאַלען די בוימער, די בלימעלעך און בלעטלעך", און אין דער דריטער: „ווי אַזוי דער שוואַן זינקט צום אָפּגרונד אין זיין קבר פון כוואַליעס", ביז אַלץ קאָנצענטרירט זיך אין דעם ענד־סטראָף: „עס איז אַזוי שטיל און טונקעל, פאַרוועלקט זיינען די בלעטער און בלומען, דער שטערען איז צוקלאַפּט אויף שטיקלעך, דאָס שוואַנען־ליעד — פאַרשוויגען געוואָרען".

זעהר כאַראַקטעריסטיש איז פאַר היינע'ן דער אומשטאַנד, וואָס ווי טיעף־האַרציג אַ ליעד זאָל ביי איהם ניט זיין, מאַכט ניט קיין איין נאַטור־בילד, וואָס ווערט דאָרט געמאָלען, דעם איינדרוק, אַז זיי זיינען אויף אַן אמת'ען דורכגעלעבטע. זיי מאַכען אַלע דעם איינדרוק פון ווילקירליך צונויפגעזאַמעלטע סימבאָלען...

צווישען אַט די טרויעריגע פּאָעמען באַגעגענען זיך ליעדער פון אַ גאַנץ אַנדערען כאַראַקטער. עס ווערען דאָרט באַשריבען מעהר לייכטזיניגע ליעבעס באַציהונגען, די געוואַגטערע פון זיי האָט היינע אויסגעשטראָכען פון „דעם בוך פון ליעדער" — צווישען וועלכע עס איז אויך פאַראַן: „אומאַרעם מיך, ליעבענד, מיין טייערע, מיט דיין גאַנצער קראַפט; אומאַרעם מיך ,ליעבענד, ליעב, שעהן ווייב, שלים מיך איין אין דיינע הענד, פים און מיט דיין וואונדערבאַר לייב".

נאָך אַנדערע האָט ער אויסגעלאַזט, ווי אַ שטייגער דאָס ליעד,

---

1) וו. קירכבעק: „היינע'ס דיכטערווערקשטאַט" אין „מאַגאַזין פאַר ליטעראַטור, יאָהר 59, נומער 18, 19 און 20.

וואָס פאַנגט זיך אָן מיט די ווערטער: „די וועלט איז נאַריש, די וועלט איז בלינד“ און ענדיגט זיך מיט באַשרייבונגען פון זיסע, ברענענדיגע ליבעזאַנגען פון צאַרטע הענט. אָבער עס זיינען דאָרט פאַרהאַן אויך אַנדערע ערנסטע, ליידענשאַפטליכע סטראָפען, ווי: „איך האָב דיך געליעבט און ליעב דיך נאָך איצט“. צולעצט האָט היינע מיט דעם איהם אייגענטימליכען און גוטווילינ אָנגענומענעם עפעקט באַשריבען, ווי ער איז דורכ׳ן ווילען פונ׳ם שיקזאַל געוואָרען אַן עראַטישער דיכטער, רעדענדיג דערביי קעגען זיין שטענדינער געוואוינהייט, ניט אין זיין אייגענעם נאָמען, נאָר אינ׳ם נאָמען פון אַן אומבאַקאַנטען יונגען מאַן אינ׳ם ליעד: „אַ יונגעל ליעבט אַ מיידעל“, וואָס איז אַזוי שטאַרק באַריהמט געוואָרען. „אַ אינגעל ליעבט אַ מיידעל, יענע ליעבט אַ צווייטען, דער צווייטער ליעבט אַן אַנדערע און האָט חתונה מיט איהר כדת וכדין“.

נאָך אַט דער אָפּטיילונג קומט אַ זאַמלונג „היים־צוריקקעהר“, אָנגעשריבען אין 1823-24 אין האַמבורג און אין קוקסהאַווען. דאָס וואָרט „צוריקקעהר“ מיינט, דאָס זעהן זיך ווידער אַמאָל מיט האַמבורג, וואו עס איז פאַרגעקומען דעם דיכטער׳ס ליעבעס־געשיכטע און דערזעהענדיג די באַקאַנטע ערטער, האָבען זיך אַלע האַרצענס־וואונדען צוריק געעפענט. צו אַט דער הויפּט־טעמע פון ביכעל קומט צו נאָך איינע: די ערשטע באַקאַנטשאַפט מיט׳ן ים, וואָס איז נאָך ביז דעמאָלט ניט באַזונגען געוואָרען אין דער דייטשער פּאָעזיע.

איצט קומען צו צום באַקלאָגען זיך אויפ׳ן פאַרלוסט פון דער געליעבטער, וואָס די סביבה, אין וועלכער די אַלטע טראַגעדיע האָט זיך אָפּגעשפּיעלט, האָט ביי איהם דערוועקט, נאָך נייע איינדרוקען און נייע בילדער. צוערשט לעבט אויף מיט נייער קראַפט די פריי־העריגע ליידענשאַפט; ער דערמאַנט אַלץ די אַלטע ליידען; ער פיהלט זיך זעהר אומאַנגענעם אין שטאָדט, פונקט ווי די הייזער וואָלטען איהם פאַלען אויפ׳ן קאָפּ; נאָך שווערער איז פאַר איהם אַריינצוקומען אין זאַל, וואו זי האָט איהם געטריישאַפט געשוואָרען. דאָס נייע אין די ליעדער פון דער אומגליקליכער ליעבע — איז דער אַלץ מעהר צוהיצטער ליידענשאַפטליכער האַס, וואָס צופלאַמט זיך אויפ׳ן קבר פון ליעבע און גליק.

נאָר אויף זיין רייזע האָט זיך דער דיכטער באַגעגענט מיט זיין געליעבטער׳ס פאַמיליע; עס ווייזט זיך אַרויס, אַז די אינגע־רע ש...עסטער איז זעהר עהנליך צו זיין געליעבטער, באַזונדערס נאָך ווען זי לאַכט; זי האָט דיזעלביגע אויגען, וואָס האָבען איהם אַזוי אומגליקליך געמאַכט. אין אַ בריעף פונ׳ם 23טען אויגוסט, 1823, שרייבט ער צו זיין בעסטען פריינד: „אויף איין נאַרישקייט איז אויסגעוואַקסען אַ צווייטע“. ערנסט עלסטערען האָט זיך איינ־געגעבען, מיט דער הילף פון אַ שטודיום פון היינע׳ס בריעף און ליעדער צו דערוויזען, אַז זיין ליעבע צו טערעזאַ׳ן, אַמאַליע׳ס שוועסטער, וואָס איז געווען אינגער מיט אַכט יאָהר פון דער לעצ־טער, האָט דעמאָלט פאַרביטען די ערשטע ליעבע, וואָס האָט גע־פיהרט צו אַזאַ טרויעריגען אויסגאַנג. די פּאָעטישע נעמען עוועלי־נאַ, אָטיליאַ, באַציהען זיך אויף טערעזאַ׳ן. די נייע ליידענשאַפט האָט זיך אַרויסגעצייגט צו זיין זעהר שטורמיש, נאָר זי האָט, וואָר־שיינליך, נעקראָגען די זעלבע קאַלטע אויפנאַהם ווי זיין ערשטע ליעבע. פון דעם נעהמען זיך פאָלגענדע באַקאַנטע סטראָפען:

„ווער עס ליעבט צום ערשטען מאָל אָהן געגענליעבע דער איז אַ נאַט. אָבער דער וואָס ליעבט צום צווייטען מאָל אומזיסט, דער איז אַ נאַר. איך בין אַזאַ נאַר. איך ליעב שוין ווידער אָהן גע־גענליעבע. די זון, די לבנה און שטערען לאַכען און איך לאַך מיט און שטאַרב“.

אין יאָהר 1828 האָט טערעזאַ געהייראַט פאַר׳ן דאָקטאָר־יוריסט אַדאָלף האַללע. צווישען די ליעדער וואָס זיינען נאָך היינע׳ס טויט ערשינען, זיינען פאַראַן אָהן אַ צאָהל בייסענדע סאַטירען אויפ׳ן חתן און אויף דער חתונה. היינע האָט זיך אויסגעצייכענט מיט דער ניט־ריטערליכער געוואוהנהייט, וואָס פיעלע פּאָעטען פאַרמאָ־גען — זיך נוקם זיין מיט סאַטירען, ווען מען ווייזט זיי צוריק. נאָר אין יענע ליעדער פון „היים־צוריקקעהר“, וואָס באַציהען זיך אויף טערעזע׳ן, רופט זיך דער דיכטער ניט אָפּ וועגען איהר מיט דער ביטערניש און פיינדשאַפט, ווי ער האָט געטאָן מיט איהר עלטערער שוועסטער. ער לויבט ביז׳ן הימעל טערעזא׳ס שעהנקייט, איהרע וואונדערבאַרע אויגען, איהר עהרליכקייט; זי איז ווי אַ בלום; ער בעט צו איהר, אַזוי ווי אַנדערע בעטען צום הייליגען פּעטער.

פּאוועל, אָדער צו דער מאַדאַנאַ; און ער קעמפּט מיט זיינע געפיהד לען, ער שרעקט זיך פאַר דער נייער ליעבע. שטאָלץ און פורכט שטעהען אין זיין וועג און לאַזען זיך איהם ניט ערקלערען; בעסער וואָלט פאַר איהם געווען, ווען ער ליעבט ניט; ער באַמיהט זיך אפּט אַליין ניט צו דערלאַזען, אַז די ליעבע צו איהם זאָל ערוואַכען אין איהר נשמה: „קינד, עס וואָלט געווען דיין אומגליק, און איך באַמיה זיך אַליין, אַז אין דיין הארץ זאָל ניט אויפפלאַמען צו מיר די ליעבע".

נאָר איצט, ווען עס האָט זיך איהם איינגעגעבען און נאָך אַזוי גרינג, האָט זיך דער פאַרלאַנג נאָך איהר ליעבע ווידער ביי איהם דערוועקט. ער איז צו שטאָלץ אום צו ריידען וועגען זיין ליידענ־שאַפט און וועגען זיינע ליידען, ער שפּאַסט און שפּעט, נאָר זיין הארץ פאַרגיסט זיך מיט בלוט; זי פאַרשטעהט ניט, זי זעהט ניט, אַז זיין הארץ ציטערט און ווערט צוריסען אויף שטיקלעך:

„אַך, אָט דאָס מויל איז צו שטאָלץ און קאָן נאָר קושען און זיך חכמה'ן; עס וועט אודאי ארויסריידען אַ ליצנות, ווערענד איך וועל שטאַרבען פון שמערצען".

זיין אַנשרעקען מיט'ן טויט דאַרף ניט גענומען ווערען אין בוכשטעבליכען זין, וואָרים אין אַ צווייט ליעד זאָגט ער גאַנץ אויפ־ריכטיג:

„גלויב ניט, אַז איך וועל מיך דערשיסען, ווי שלעכט די אומ־שטענדען זאָלען ניט זיין. אַזעלכע זאַכען האָבען שוין איינמאָל מיט מיר געטראָפען."

און דאָך האָט ער איצטיגס מאָל אויך געפיהלט זעהר טיעף און האָט פיעל געליטען. ווי זאָנדערבאַר עס זאָל ניט קלינגען, אָבער עס איז אַ פאַקט ,אַז די ליעבע צו דער קוזינע, וואָס איז געווען די ערשטע און אויגענבליקליכע סטאַנציע אויף זיין וועג, דער פשוט'ער אריינפיהר אין דעם אמת'ען עראָטישען לעבען 1), — האָט

1) „אויף דער לאַנקע פון קינדהייט רייסט מען אָראָפּ די קליינע ליעבע־געשעניסען, וואָס מען צוזעעט דערנאָך אויפ'ן ווינט, גלייך ווי מאַרגאַריט־בלעטלעך; אויף אָט די לאַנקעס פאַרליעבט מען זיך אין

זיך אַרויסגעצייגט צו זיין די איינציג ערנסטע, וווּ נים אויגענ־בליקליכע ליעבע, וואָס דער יונגער היינע האָט איבערגעלעבט. אפילו אין די רייפע יאָהרען האָט קיין שפּעטעריג געפיהל ניט פאַרמאָגט די קראַפט פון אָט דער ערשטער אינגעלשער צווייזאַליגער לייד־דענשאַפט צו ביידע שוועסטער, פון וועלכע די צווייטע האָט אין זיין פאַרשטעלונג אַרויסגערופען די געשטאַלט פון דער ערשטער.

צווישען די געפיהלפולע ליעדער, וואָס געהערען צו אָט דעם שטריך פון היינע'ס גייסטיגען לעבען, האָט דער דיכטער אין „היים־צוריקקעהר" ווי אויך אין „אינטערמעצצאָ" אַריינגעבראַכט אַ גאַנצע רייה פון קליינע לידער, וואָס באַשרייבען זיינע, מעהר וועניגער, ערנ־סטע ליבעס־פּאַסירונגען, זיינע איבערלעבונגען אין פאַרשיידענע אוּ־ניווערזיטעט שטעדט, און די גאַנץ פּשוט'ע און באַצאַהלטע עראָטישע פאַרגניגען, וואָס ער האָט געהאַט. פון דעם „בוך פון ליעדער" האָט ער אַרויסגעוואָרפען עטליכע פון די מעהר צינישע, וואָס ער האָט פריהער אָפּגעדרוקט אין „היים־צוריקקעהר", ווי אַ שטייגער, דאָס לוסטיגע נאַר זעהר צינישע ליעד: „בלאָמיר מיך נים, מיין שעהן קינד, און באַגרים מיך נים אונטער די לינדען. ווען מיר וועלען צוזאַמען אין הויז זיין, וועט אַלעס זיין גוט".

עס זיינען אויך אויסגעשלאָסען געוואָרען אַזעלכע פרעהליכע און שטיפערישע ליעדער, ווי: „געטליך איז געווען דאָס, וואָס איך האָב באַקעמפּט מיינע זינדיגע פאַרלאַנגען, אָבער ווען עס איז מיר נים געלונגען, האָב איך דאָך אַ גרויסע הנאה געהאַט".

צום מיינסטען ערשטוינט אונז אין אָט דער אָפּטיילונג דעם דיכטער'ס פעהיגקייט צו ליריזם און קינסטלערישען מאָהלען. אוי־סער זיין טאַלאַנט צו לירישע בליצען, וואָס זעהען אויס אין זייער הייסער ליידענשאַפט ווי אַ ניט־געקינסטעלטער אויסגעשריי פון אַ מאָדערנעם מענשען, ווייזט ער דאָ אַרויס אַן אָריגינעלע פעהיגקייט קינסטלעריש אַרויסצוברענגען געשטאַלטען מיט דער הילף פון ליכט, שאָטען און פאַרבען, אָהן שאַרף־באַשטימטע קאָנטורען.

לייענט, אַ שטייגער, איבער די סצענע אין דעם שטילען פּאָס־

---

שכנות, קוזינעס, מען פיהלט אַ פּאָעטישע ליעבע, וואָס לאָזט ניט קיין וואָרצלען".

מאַראַט צווישען דער פאַמיליע וואָס צעפאַלט זיך, האַלט זיך אין איין אַרומקריגען, קומט אַריין אין פאַרצווייפלונג („די העלע לבנה, די בלאַסע, הערבסטיגע“), דער זוהן וויל זיך אָנשליסען אַן אַ רוצחים־באַנדע, די טאַכטער פאַרקויפט זיך צו אַ גראַף. ווי לעבע־דיג די סצענע איז ניט געמאַלען, געהערט זי דאָך ניט צו די בעסטע; עס איז אין איהר פאַראַן צופיעל ראָמאַנטישעס, צום מיינסטען אין דער סצענע ווי דער פאַרשטאַרבענער פאָטער ערשיינט אין אַ שוואַרצען אַנצוג, שטעלט זיך אַנטקעגען הויז און קלאַפּט אין פענסטער.

דערפאַר איז אויסערגעוועהנליך מייסטערהאַפט אָנגעשריבען פאָלגענד ליעד: „וואָס פאַר אַ שלעכט וועטער!“ אין וועלכען די אַלטע מוטער געהט שפּעט ביינאַכט אין דער פינסטער אין אַ שלעכ־טען וועטער מיט לאַמטערן איינצוקויפען נויטיגע זאַכען פאַר איהר בילד־שעהנער טאָכטער, וועהרענד יענע זיצט אויף אַ שטול אין דער היים און קוקט שלעפעריג אויף דעם ליכט, און איהר'ע גאָלדענע האָר־לאָקען פאַלען אַרום איהר פּראַכטפולען געזיכט; עס באַקומט זיך ווי אַן אַלט האָלענדיש בילד.

נאָר נאָך שעהנער איז די סעריע פון די אַכט ליעדער, וואָס ער האָט אָנגעשריבען אין קוקסהאַווען. די ליעדער: „מיר זיינען גע־בען אַ פישער־הויז געזעסען“ — איז אַ וואונדער פון קינסטלערישער מאַלעריי; פּראַכטפול איז דער געשפּרעך מיט די מיידלעך פאַר'ן פישער הויז, וואו די ווייטע אינדיע און טולע ווערען באַשריבען בלויז אין עטליכע ווערטער:

„ביי די ברעגען פון גאַנגעס לעבט אַלץ און דופטעט, שוויינגע־דע מענשען בוקען זיך פאַר די לאָטאָס־בלומען. אין לאַפּלאַנדיע וואוינען קליינע, שמוציגע מענשען מיט פלאַכע קעפּ און ברייטע מיילער; זיי זיצען אַרום פייער, בראָטען פיש, שרייען און פייפען.“

דאָ זיינען פאַראַן עטליכע פרעהליכע ליעדער וועגען מיידלעך, וואָס פיהרען זיך אויף פריי, ווי די, וואָס דער דיכטער זוכט אין שטאָדט און געפינט אין אַ זעהר רייכען האָטעל, אָדער אַזעלכע, וועמעס האַרץ עס בענקט נאָך בלויע מונדירען פון הוזאַרען.

צולעצט געפינען מיר דאָרט אין העכסטען גראַד שאַרפזיניגע ליעדער, וואָס אַלע קאָנען זיי איצט אויסוועניג, וועהרענד פריהער

האָבען זיי שטאַרק אויפגעבראַכט געגען היינע'ן. אזא איז צווישען אַנדערע דאָס באַוואוסטע פּיער־שורות'דיגע ליעד:

„זעלטען האָט איהר מיך פאַרשטאַנען, זעלטען אויך האָב איך אייך פאַרשטאַנען, נאָר ווען מיר האָבען זיך דערזעהן ליגענדיג אין בלאָטע, האָבען מיר זיך גלייך אַלע פאַרשטאַנען".

עס איז אפילו שווער זיך פאַרצושטעלען, אַז מען זאָל קאָנען זעהן פון אָט דער סטראָפע דעם דיכטערס ווידוי אויף נידעריגע אינסטינקטען. אַזוי קאָן דענקען נאָר דער, וואָס באַמערקט מיט'ן גרעסטען אינטערעס די ציניש שטעלען אין בוך און, גלייך ווי אַ שווייָן, האָט ער ליעב זיך גראָבען אין בלאָטע. אַז היינע'ן איז אפילו ניט איינגעפאַלען זיך מודה צו זיין אין אָט דעם געדיכט, אַז ער האָט געהאַט אַ פאַרלאַנג אויפצואוועקען ביים לעזער צינישע נייגונגען, קאָן מען אָמבעסטען זעהן פון פאָלגענדען ליעד, וואָס איז אַ דירעקטע פאָרטזעצונג פון דעם ערשטען, און הויבט זיך אָן:

„דאַך די קאַסקאַטען זיינען אויפגעבראַכט ווען איך הויב אויף מיין קול, זיי זיינען אויפגעבראַכט און זאָגען, אַז איך זינג זעהר גראָב".

עס איז שווער נאָך קלאָרער צו באַווייזען, אַז יעדעס מאָל, ווען ער איז געווען געוואַגט, אָדער ציניש, האָט ער דערמיט ענטשפּראָכען זיין צייטס־פאַרלאַנג ריכטיג איבערצוגעבען די ווירקליכ־קייט, זיין פאַראַכטונג צו דער ראָמאַנטישער באַפּוצונג פון דער שפּראַך, זיין אומבאַזייגבאַרע שטרעבונג אויסצודריקען דעם קלאָרען אמת פון לעבען.

נאָך ווייניגער באַרעכטיגט זיינען די אָפּט־באַגעגענטע קלאַגען וואָס יוליאַן שמידט רופט אָן טריוויאַליש, — אויף היינע'ס מאַנער, אומערוואַרטעט אריבערצוגעהן פון דערהויבענקייט צו נידעריגקייט. אַלס טיפּיש ביישפּיעל פאַר אָט דעם איבערגאַנג אין סטיל און שטימונג קאָן דיענען דאָס ליעד „די וועלט" אין דער סעריע „דער צפון־ים". דער דיכטער זעהט, ווי יעזוס, דער רעטער פון דער וועלט, שפּאַנט אין ווייסען, כוואַליעדיגען קלייד, איבער ים און יבשה. זיין שטערען דערלאַנגט די הימעל־הויכקייט, דאָס האַרץ איז די ברענענדיגע העלע זון; אָט די ברענענדיגע העלע זון האָט, באַלייכטענדיג און וואַרעמענדיג, געוואָרפען שטראַלען פון מילדקייט

און אַ צאַרט ליעבּ־ליכט אויפ׳ן ים און דער יבשה. נאָר פּלוצלונג ווערט די שטימונג איבערגעריסען פונ׳ם געדאַנק, וועגען דעם ני־דערטרעכטיגען, צוויי פּנימ׳דיגען מענשען אין בערלין, אין וועמען ער דערמאָנט זיך פּלוצלונג. דאָס איז אַ מענש, שוואַך אין קאָפּ, אין קערפּער, נאָר שטאַרק אין גלויבען. וואָס וואָלט יענער ניט אָפּגעגעבען, ער זאָל קאָנען מאָלען אַזעלכע בילדער, און אויף אַזאַ׳ן אופן דערגרייכען דעם ראַנג פון אַ הויפּט־ראַטגעבער אין דער גאַנצ־פּאַרכטיגער שטאָדט אויפ׳ן שפּרעע! ווי וואָלט ער דעמאָלט גע־טרוימט וועגען קריגען אַ פאַרגרעסערטען געהאַלט פון הונדערט גאָלדענע טאַלערס!

בלי ספק האָט היינע מיט אָט דער אומערוואַרטעטער שטעלע קאַליע געמאַכט דעם עפעקט פון אַ וואונדערבאַר בילד, וואָס ער האָט פריהער אויפגעמאָלען. ער האָט צושלאָגען זיין געדיכט אויף צוויי גענענגעזעצטע טיילען, ער האָט פאַרדאַרבען די מעלאָדיע מיט אַ העסליכען דיסאָנאַנס, אָבער מיר פאַרשטעהען גאַנץ גוט, אַז די ערשטע וויזיאָן ביים דיכטער, וואָס איז באַקאַנט מיט יענעם צייט־לעבען, האָט גרינג געקאָנט אַרויסרופען דאָס צווייטע. יע־דענפאַלס איז ניט אויפריכטיג צו ריידען וועגען דעם צוזאַמענהאַנג פון אַזעלכע געדאַנקען, וועגען געדאַנקען־שפּרונג, אַלס אַ סימפּטאָם פון נידעריגע מחשבות. קיינעם איז אָפילו ניט איינגעפאַלען צו באַשולדיגען געטע׳ן אויף אַזאַ מין אופן כאָטש נאָך פאַוסט׳ס שעהנע ערקלעהרונגען: פאַר גרעטכען ברענגט ער מעפיסטאָפעל׳ס סאַרקאַזמען. דער אונטערשייד איז נאָר דער, וואָס די טרוימען און דעם ציניזם לעגט געטע אַריין אין די מיילער פון צוויי פאַר־שיידענאַרטיגע מענשען, ווערענד אין דעם לירישען געדיכט נעהמט אויף זיך דער דיכטער די פאַראַנטוואָרטליכקייט פאַר ביידע טיילען.

צום סוף פון אָט דער סעריע קומען צוויי גאַנץ אָריגינעלע און אַבסאָלוט פאַרענדיגטע ליעדער, וואָס מיט זייער אייגענטימ־ליכער ריטם־פאָרם צייכענען זיי זיך אויס פון די איבעריגע קליינע היינע׳ס ליעדער. איינע פון זיי: „דעמערענד ליעגט זאָממער־אָבענד", אין וועלכער עס ווערט באַשריבען אַ פּראַכטפולע רוסאַל־קע, ווי זי באָדעט זיך אין טייכעל ביי דער לבנה־שיין, איז איינגע־הילט אין דעם דורכזיכטיגען דופטיגען נעבעל ווי דער קאַראַ־פּיי־

זאַזש. די צווייטע פאַרנעהמט מיט איהר ריטם אַ ספּעציעלען אָרט צווישען די קליינע ליעדער פון „היים־צוריקקעהר" און איז פאַנ־טאַסטיש ווי אויך גאַנץ הארציג:

„דער מויט — דאָס איז די קאַלטע נאַכט, דאָס לעבען — דער שרעקענדער טאָג, עס דונקעלט שוין, מיך שלעפערט, דער טאָג האָט מיך מיעד געמאַכט. איבער מיין בעט דערהויבט זיך אַ בוים, און אויף איהם זיצט אַ יונגער נאַכטיגאַל. ער זינגט פון ריינער ליעבע, איך הער עס אפילו אין טרוים".

„די האַרץ־רייזע" איז די צווייטע אָפּטיילונג (1824) און ענט־האַלט פּראַכטפולע בערג־ליעדער, פאַרפאַסט אין דער צייט פון היינע'ס פוס־טור, אַלס דערפרישונג נאָך זיינע יורידישע שטודיען אין געטינגען. פאַר אונז טראָגען זיך פּראַכטפולע בילדער פון בערג־פלעצער און בערג־וואַוינונגען. אין זיי ווערט די גאַנצע צייט אונ־טערגעהאַלטען מיט צוציהענדער שפּילעוודיגקייט די מוטיגע, דרייסטע און שטיפערישע שטימונג, וואָס דריקט אויס אין דער־זעלבער צייט ניט קיין קליינע מאָס פון זעלבסט־לויב. דאָס פּראַכט־פולע, שאַרפזיניגע ליעד וועגען די ריטער פון דעם ·הייליגען גייסט באַזירט אויף דער סצענע אין „פאַוסט", וואו גרעטכען פרעגט אויס ביי איהר געליעבטען וועגען גלויבען און צייכענט זיך אויס מיט אַ נאַהענטקייט און אַן אויפריכטיגקייט, וואָס האָט עס פּאָפּולער געמאַכט איבער גאַנץ אייראָפּאַ.

דאָס בוך „דאָס בוך פון די ליעדער" פאַרענדיגט זיך מיט די ליעדער, וואָס טראָגען דעם נאָמען „דער צפון־ים". זיי זיינען אָנ־געשריבען געוואָרען, נאָכדעם ווי ער איז צוויי מאָל געוועזען אין נאָרדערנע (1825-26), מיט אַ שטאַרקען, פרייען ריטם. אין זיי ער־שיינט הויפּטזעכליך און פריהער פון אַלץ דאָס פאַרשטענדניס פאַר דער נאַטור, וואָס איז אַ נייער געביט אין דער דייטשער פּאָעזיע.

בנוגע צו נאַטור האָט געטע, ווייזט אויס, אַלץ אויסגעשעפּט. זיין ליעבע צו יעדער לעבעדיגער ערשיינונג אין דער נאַטור, וואָס דרינגט דורך זיין געפיהל פון קרובה־שאַפט מיט די חיות און פלאַנ־צונגען; זיין באַגריעף, אַז דער מענש איז דאָסזעלבע וואָס אַנדערע וועזענס, און זיין אידעע וועגען דער איינינגקייט פון דער וועלט אונטער די שטענדיג זיך־בייטענדע פאָרמען — אַט דיעזע פעהיג־

קייט שטענדיג צו פאַרוואַנדלען די נאַטור אין געפיהל איז געווען די הויפּט־איינגענטימליכקייט זיינע. זי האָט זיך געביטען אָדער פאַרגרעסערט דורך זיין פעהיגקייט צו באַאָבאַכטען און איבערגע־בען די נאַטור־ערשיינונגען, ניט אריינברענגענדיג אין דיעזע באַ־שרייבונגען קיין אייגענע געפיהלען. ער האָט געשטודירט די נאַ־טור, געוואָרען אַ באַאָבאַכטער און אויספאָרשער, און זיין אַלץ טיע־פער־אריינדרינגענדע באַאָבאַכטונג, זיין געניאַלע דורכדרינגענדקייט, האָבען איהם פאַרוואַנדעלט אין אַן אויספאָרשער פון צוויי געביטען; ער האָט מיט זיינע ענטדעקונגען געשאַפען אַ גאַנצע עפּאָכע. מיר זעהען ווי זיין גרויסע נשמה לעבט איבער אַלע שטופען פון ענט־וויקלונג בנוגע צו דער נאַטור, דאָס שטאַדיום פון איינדריקען, די רעליגיעז־פאַנטאַסטישע און פּאָעטיש־וויסענשאַפטליכע, ביז וואַנען ער דרינגט, ענדליך, אַזוי דורך מיט די איינדרוקען פון געפיהל, אַז ער אונטערדריקט אין זיך מיט אַלע כחות דעם גייסטיגען עלע־מענט, אַלס דעם צושטערער פון דער אַלגעמיינער האַרמאָניע. זיינע פאָרשונג־בליקען ווערען אַלץ מעהר רעאַליסטיש און שלעפען אַלץ מעהר צו דער ערד אַראָפּ.

„איך האָב ניט מורא פאַר קיין פאַרוואורף — שרייבט ער אין אַן ארטיקעל וועגען גראַניט — אַז דער ווידערשפּרעכענדער גייסט האָט מיך געצוואונגען איבערגעהן פון דער באַאָבאַכטונג און שיל־דערונג פון דעם מענשענ׳ס הארץ, — דער סאַמע אינגסטער, פאַר־שיידענאַרטיגסטער, ריהרעוודיגסטער, זיך־בייטענדער טייל פון דער שאַפונג, וואָס ווערט גיכער פון אַלע איבעריגע געוואַקעלט און ער־שיטערט — צו דער באַאָבאַכטונג פון דעם סאַמע עלטסטען, דויער־האַפטסטען, טיעפסטען און אומערשיטערליכסטען נאַטור׳ס זון 1) — נעמליך, גראַניט.

אין וואָסער אַ נאָך ריכטונג האָט דער דייטשער דיכטער גע־קאָנט ארויסצייגען זיין געניאַלען געפיהל צו דער נאַטור? פון דעם מענשענ׳ס הארץ ביז גראַניט האָט געטע אַלץ ארומגענומען.

עס איז פאַרבליבען נאָר איין איינציג געביט. געטע האָט נאָך

1) געטע׳ס ווערק, באַנד 23, 164.

ניט באַזונגען דעם ים. מיט פערציג יאָהר האָט ער צום ערשטען מאָל דערזעהן דעם ים אין װענעציע, אויפ'ן לידאָ.

„איך האָב דערהערט, שרייבט ער, אַ שטאַרקען גערויש; דאָס איז געװען דער ים — און איך האָב איהם באַלד דערזעהן. ער האָט זיך אויפגעהויבען הויך איבער'ן ברעג און איז באַלד צוריק אָפּגע־פאַלען. עס איז געװען האַלבער טאָג, די צייט פון דעם בייטאָגי־גען צופלוס. ענדליך האָב איך מיט מיינע אייגענע אויגען דערזעהן דעם ים!"

און מיט אַ שטיקעל צייט שפּעטער שרייבט ער צו אַ קורצע פּראָזע: „דער ים שטעלט פאַר אַ װאונדערפול בילד". אין דעם פינפטען אַקט פון „פאוסט", װאו דער דיכטער רעדט װעגען ים און ים־שװימונג, איז דאָרט דער הויפּט־אינטערעס אין דעם גראָבען פון קאַנאַלען און מאַכען װאַלען אויף דער יבשה, כדי זיך צו שיצען פאַר'ן ים. דאָס איז אַלץ װאָס געטע האָט געשריבען װעגען ים.

אין היינע'ס ליעדער „דער צפון ים" ברומט דאָס ערשטע מאָל דער ים אין דער דייטשער פּאָעזיע מיט דער גאַנצער פרישקייט און קראַפט. דאָ װערט דאָס ערשטע מאָל דערמאָנט װעגען קרעבס־שייד־לער אינ'ם זאַמד און מעװעס אין דער לופט. דער ים װערט גע־מאָלען אין דער צייט פון שטורם און רוהיגקייט. בייטאָג און ביינאַכט, מיר זעהען איהם פאַר זיך אַ רוהיגען, אַ צעװאָרפענעם אין דער גאַנצער ברייטקייט, און אין דער צייט פון שטורעם, מיט די װאונדערבאַרע טרוימען, װאָס ער רופט אַרויס, מיט דער ים־קראַנק־הייט, און פון זיין אָפּגרונד הויבען זיך אַרויס אויף דער אויבערפלאַך אַ גאַנצע מאַסע פון מיסטישע װעזענס, אַלטע און נייע, אַלטע, װאָס װערען פאַרװאַנדעלט אין נייע, — אַמאָל אַ פייערליכע, נאָר אָפטער אַ װאונדער־װעלט פון געטער און געטינען, פון טריטאָנען און אָקעאַנידעס. דאָך זיינען אין היינע'ס ליעדער פאַרהעלטניסמעסיג װיניג שילדערונגען פאַרהאַן; דעם דיכטער'ס אייגענע ערינע־רונגען, זיין טרויער און זיינע האָפנונגען, מאַכען פול די ליעדער. זיין טיעפער פאַרלאַנג צו אָטעמען פריי האָט אין איהם דערװעקט דעם באַריהמטען אויסרוף, מיט װעלכען די טויזענדער גריכען באַ־גריסען, נאָך זייער לאַנג־דויערענדען שרעקליכען קריעגס־מאַרשען,

דעם עלעמענט, וואָס רינגעלט אַרום זייער אייגענע שטאָדט: „טאַ־לאַטטאַ! טאַלאַטטאַ! זיי געגריסט, דו, אייביגער ים!“

צווישען אַט די היינע׳ס ליעדער געפינען זיך עטליכע פון די בעסטע, פון די אומפאַרגעסליכע. צוערשט קומט די וויציג־לייכט־זיניגע אידיליע „די נאַכט אויפ׳ן ברעג“, וואו דער דיכטער באַזוכט די שעהנע פישער־פרוי און שילדערט זי מייסטערהאַפט, ווי זי זיצט אנגעבויגען איבער׳ן פייער:

„דאָס פלאַקערנדע רויטע פייער שפּיעלט צויבערנד־שעהן אויף איהר צאַרטען, איידעלען געזיכט, אויף די איידעלע, ווייסע שולטער־רען, וואָס קוקען ריהרענד אַרויס פון דער גראָבער גרויער העמד, און אויף דער באַשעפטיגטער קליינער האַנט, וואָס מאַכט צורעכט דאָס קלייד אַרום איהרע שעהנע היפטען“.

מיר ווילען דאַ דערמאַנען דאָס ליעד, וואָס איז איינציג מיט איהר לירישען שוואונג, „ערקלערונג“ — די ערקלערונג צו אַגנעס׳ן, וועמעס נאָמען דער דיכטער וויל אויפקריצען אויפ׳ן הימעל־געוועלב מיט פייערדיגע בוכשטאַבען אין מיטען דער נאַכט־פינסטערניש, אַרויסרייסענדיג דעם העכסטען נאַדעל־בוים פון נאָרוועגישע וועל־דער און אַריינשטעקענדיג איהם אין עטנאַ׳ס פלאַמענדיגער ברוסט; דערנאָך קומט מיט איהר קורצקייט דאָס מערקווירדיגע ליעד „פראַ־גען“, וואָס גיט אונז אַן ערקלערונג וועגען דער שטימונג, וואָס האָט דערוועקט ביי היינע׳ן דעם נאַרישען פּלאַן אנצושרייבען אַ נייעם „פאוסט“ נאָך געטע׳ן, — אַ פּלאַן, וועלכען היינע האָט זיך גיט באַשלאָסען צו דערצעהלען דעם גרויסען אַלטען, ווען ער האָט איהם באַזוכט אין ווייטאַר. אין עטליכע פון די ים־ליעדער, באַזונ־דערס אין די, וואו ער איראָניזירט און שפּעט אָפּ פון זיך אַליין, באַמערקט זיך אַ זעלבסט־צופרידענהייט, וואָס ווירקט אומאַנגענעם אויפ׳ן לעזער. צווישען די ליעדער, וואָס זיינען פריי פון דעם, דאַרף מען דערמאָנען דאָס מייסטערהאַפט, ריין־הומאָריסטיש ליעד „אין האַפען“ — די אומשטערבליכע פאַנטאַזיע פון דעם שטאָדט־קעלער אין ברעמען, פון וועלכען היינע, דער שטענדיג ניכטערער, כמעט גאָרניט טרינקענדיגער, מאַלט אַ מערקווירדיג בילד פון אַ פרעהליכער פאַר־שכור׳ונג פון אַ געניאַלען מענשען.



עס איז אונמעגליך פאַר אַ צפון־מענשען מיט אַ גרינדליכער קונסט־בילדונג, זיך צו פאַרטיפען אין היינריך היינע׳ס ליריק, און ניט זיין אומאַנגענעם ערשטוינט פון איינינע פראַזען און שפּראַך־פאָרמען, וואָס האָבען ביי איהם נאָך אין דער פריהעסטער צייט אַנגענומען אַ מין טויטקייט. די ראָמאַנישע פעלקער פיהלען דאָס ניט. אָפּטמאָל הערסטו, ווי קינסטלעריש ענטוויקעלטע מענשען פון די ראָמאַנישע נאַציאָנען מאַכען אַ פאַרגלייך צווישען היינע׳ן און געטע׳ן און שטעלען העכער דעם לעצטען, אַלס דעם מעהר קלאָרערען און שאַרפזיניגערען. פאַר די ראָמאַנישע לעזער איז געטע על־פּי רוב אומפאַרשטענדליך; ווענען היינע׳ן זאָגען די פראַנצויזען: ביי איהם איז אַלץ קלאָהרער, זיי פיהלען ניט, אַז ביי געטע׳ן האָבען די ווערטער כסדר אַ באַשטימטע באַדייטונג, ווערהענד ביי היינע׳ן זעהען זיי אָפּט אויס ווי גרייט־אַריינגעשטעלטע פראַזען, וואָס האָבען ניט קיין בילדער און רעאַלע פאַר־שטעלונגען, נאָר ווערען אָממייסטען באַנוצט צוליעב דעם, אַז זיי זאָלען אַרויסרופען אַ באַוואוסטען פאָעמישען עפעקט. ניט פיעל דיכטער האָבען ווי היינע מיסגעברויכט ליליען־הענט, ראָזעווע בעקלעך און פיאָלקאָווע אויגען — אָט די אונמעגליכע פאַרבען־פלעקען — ביים באַשרייבען פון פרויען־שעהנקייט; ניט פיעלע דיכטער האָבען אַזוי מיסגעברויכט די פאַרשיידענע אַטריבוטען פון פריהלינג, מיט זיס־דופטענדע בלומען, מיט׳ן נאַכטיגאַל, וואָס צו־גיסט זיינע טרעלען בייטאָג און ביינאַכט, מיט׳ן באַזינגען דעם פראַכטפולען מאַי־מאָנאַט. על־פּי רוב מיסברויכט ער די נאַכטיגאַל, וואָס ווערט אין זיינע הענט פאַרוואַנדעלט אין אַן אמת־העראַלדישען פויגעל אויפ׳ן שילד פון ליעבע.

ביי געטע׳ן שטעלט יעדעס וואָרט מיט זיך פאַר אַ בילד, דערום נויטיגט ער זיך ניט אין פיעל בילדער אין בוכשטעבליכען זין פון וואָרט. ביי היינע׳ן ווערען די ווערטער יעדע מינוט פאַרוואַנדעלט אין אַלעגאָריען, וואָס פאַרמאָגען ניט יענע אויסערליכקייט און אינוועניגסטע צונויפבינדונג, וואָס זיינען די לאָגיק פון דער פּאָעזיע. אַזוי, אַ שטיינער, זאָגט היינע: „פון מיינע טרערען

קומען אַרוים פיעל דופטענדע בלומען", און אונטער'ן וואָרט „בלו־מען" מיינט ער ליעדער; אָדער ער שרייבט אין אַ צווייטען פּלאַץ: „אויב פאַרדעכטיגע פונקען וועלען אַמאָל אַרויסשפּריצען פון די רויזען, זאָרג ניט, די איצטיגע וועלט גלויבט ניט אין פלאַמען און נעהמט עס אַן פאַר פּאָעזיע".

און ער ברענגט אונז עטליכע בילדער, מעהר פאַרפלאַנטעטע, ווי אין די באַריהמטע אַלט־סקאַנדינאַווישע ווערק פון די סקאַלדען אין דער אָפּפאַלונגס־צייט; פונקען, וואָס שפּריצען אַרוים פון ראָזען, פונקען, וועלכע די בירגער ווילען ניט אַננעהמען פאַר פלאַמען; פונקען פון רויזען, וואָס הייסען פּאָעזיע.

באַזונדערס אָפּשטויסענד איז אָט די ליעדער מיט זייער בלו־מען־שפּראַך איז די צוזאַמענבינדונג פונ'ם סענטימענטאַלען עלע־מענט מיט'ן גראָב־מאַטעריאַליסטישען. עס ווערט דאָרט אַזוי גע־רעדט וועגען זיפצען און טרערען, גלייך ווי די זיפצען זאָלען זיין — רוישיגע קרעכצען, און די טרֶעהרען — עפּעס מאַסיווע באַשעפעני־שען. אַזוי, צום ביישפּיעל, ווען עס רעדט זיך וועגען זיפצען „און מיינע זיפצען וועלען פאַרוואַנדעלט ווערען אין אַ נאַכטיגאַלען־כאָר", ווערט דערצו צוגעשטעלט אַ מאַסיווער סוף: „און אונטער די פענס־טער וועלען זיי זינגען דער נאַכטיגאַל'ס ליעד". נאָך שאַרפער ווערט אַרויסגעבראַכט אָט אַזאַ מישונג אין דעם טיפּישען ליעד וועגען אַן איינציגען טרעהר.

„וואָס וויל די איינזאַמע טרער. זי מאַכט טריעב מיין בליק. זי בלייבט איבער פון אַלטע צייטען אין מיין אויג".

מען מאַכט אונז באַקאַנט מיט דער פאַמיליען־געשיכטע פון אָט דער טרעהר און מיט איהר איינזאַמער לאַגע; זי האָט פאַרמאָגט פיעל גלענצענדע שוועסטער, וואָס זיינען שוין ניטאָ מעהר. איצט זיצט זי אַן עלענדע אין ווינקעל פון אויג. צום סוף פאַנגט דער דיכטער אָן רעדען צו איהר ווי צו אַן אַלטען גוטען פריינד; זאָל זי זיך געהן מיט איהר וועג, איצט, ווען אַלע זיינען אַוועק:

„דו אַלטע, איינזאַמע טרעהר, געה דו איצט אויך אַוועק."

די סענטימענטאַליטעט איז דאָ אַזוי מערדערליך שאַרף, אַז קיין פּאַראָדיע, פאַרפאַסט פון אַן אַנדערען, וואָלט ניט געקאָנט

אויסקוקען קאַמישער, ווי אַט די טרויעריגע ווענדונג, וואָס דער גרויסער חוזק־מאַכער האָט גאַנץ ערנסט אַנגעשריבען.

יעדער פעהלער, וואָס דער קינסטלער האָט, אַלס מענש, טרעט אַרויס אין פאָרדערגרונד אין זיין קונסט. אַ סענטימענטאַלער, באַריהמערישער אָדער עפעקטיווער אויסדרוק קומט שטענדיג אַרויס פון ניט גענוגענדער פשוט'קייט און ווינציג אויפריכטיגקייט אין געפיהל. דערפאַר זיינען אַט די חסרונות ביי היינע'ן מעהר פיהלבאַר, אויב מיר ווע֜לען פאַרגלייכען עטליכע פון זיינע שטימונגס־אויסדריקען מיט אַזעלכע ביי געטע'ן.

נעהמט, אַ שטייגער, דאָס ליעד, וואו ער רופט זיך אָן דער אומגליקליכער אַטלאַס, וואָס דאַרף אויסטראָגען די ליידען פון דער גאַנצער וועלט:

„שטאָלץ הארץ, דו האסט עס געוואָלט, — דו האסט געוואָלט זיין גליקליך, אָדער אומענדליך אומגליקליך, אַ, שטאָלץ הארץ! און יעצט ביזטו אומגליקליך“.

אַט די שורות קאָן מען ניט פאַרגעסען. נאָר דער אויסרוף פון דער ערשטער שורה, אין וועלכער עס דריקט זיך אויס די פאַלשטענדיג אמת'ע זעלבסט־מיינונג, קאָן זיך אויסדרוקען באַריהמעריש, ווען מיר זאָלען זי פאַרגלייכען מיט די פאָלגענדע פשוט'ע און ערהאַבענע שורות פון געטע'ן:

„די אייביגע געטער שענקען אַלץ אַוועק זייער געליעבטען, אַלע אומענדליכע פריידען, אַלע אומענדליכע ליידען“.

מען קאָן ניט מאַכען קיין פאָרוואורף היינע'ן דערפאַר וואָס ער באַנוצט שטאַרקערע מיטלען ווי געטע. עס וואָלט געווען אומעהרליך ווען מיר זאָלען האָבען טענות פאַר אַזאַ ליעד ווי, „אַ אינגעל ליעבט אַ מיידעל“, זאָגענדיג, אַז געטע וואָלט זיכער אויסגעמידען, ווי אַ דיסאָנאַנס, דאָס שאַרפע געוואָגטע געפיהל, וואָס רייסט זיך אַרויס פון דעם באַריהמטען סוף: „און ווע֜מען עס פּאַסירט, דעם ברעכט דאָס הארץ אין צווייען“. ער וואָלט ניט געענדיגט אַזוי צוליעב דערזעלבער אורזאַך, צוליעב וועלכער דער אור־אַלטער עללין וואָלט זיך אויך באַמיהט דאָס אויסמיידען. נאָר דאָס וואָס איז ניי, וואָס איז מ אָ ד ע ר נ ע אין געפיהל, האָט דאָס רעכט פאַר עקזיסטענץ. אפילו דער דיסאָנאַנס דאָ איז אויך געקינסטעלט.

נאָר אָפטמאָל לאָזט דער דיכטער איבער פונ׳ם גאַנצען מאָדער־ניזם נאָר דעם דיסאָנאַנס, ווי, אַ שטייגער, אינ׳ם באַריהמטען ליעד: „מיין האַרץ, מיין האַרץ, איז טרויעריג געווען״. אין דעם איז פאַרהאַן אַ מייסטערהאַפטע שילדערונג פון אַ ברייטען פייזאַזש, וואָס מען זעהט פון דער הויכקייט פון אַן אַלטען טורעם. מיר זעהען דעם בלויען שטאָדטישען קאַנאַל מיט׳ן איינגעל אויפ׳ן שיפעל, און אויף זיין צווייטער זייט — די ניט גרויסע זומער־וואוינונגען, גערטנער, מענשען און אָקסען, לאַנקעס און וועלדער, מיידלעך וואָס וואַשען וועש, די מיהל־ראָד, וואָס דרעהענדיג זיך, הויבט זי אויף אַ בריליאַנטען־שטויב. און נעבען דעם אַלטען גרויען טורעם זעהען מיר דאָס ביידעל מיט׳ן וועכטער, וואָס געהט אַרום הין און צוריק. און זיין ביקס גלאַנצט געגען דער זון. — אַנדערסען, וועלכער האָט אַמאָל דורכגעשטודירט דאָס ליעד שרייבט וועגען דעם: „און דער דיכטער ענדיגט מיט די ריהרענדע ווערטער: „איך וואָלט געוואָלט ער זאָל מיך דערשיסען״. ריהרענדע? ניין, ,גיכער איבערראַשענדע, גאַנץ אומערוואַרטעטע. אַט דער אויפפלאַם איז ,מעגליך, געווען גאַנץ אויפריכטיג, אַבער אַזוי נערוועז, אַז ער האָט קיין באַדייטונג ניט; עס קאָן אַפילו אַנגערופען ווערען פאַלש אויף אַזוי פיעל ,אויף וויפיעל די הויך־קלינגענדיגע ווערטער זיינען ניט מעהר ווי דער אויסדרוק פון אַ שטימונג, און ניט פון טיעפען ווילען; וועגען אַ פעסטען באַשלוס קאָן דאָ אודאי קיין רייד ניט זיין. געטע האָט אויסגעדריקט דעם פאַרלאַנג ניט צו שטאַרבען. נאָר דאָס שלום־מאַכען מיט׳ן געדאַנק וועגען טויט, אין פאָלגענדע באַריהמטע, אומשטערבליכע שורות: „אויף אַלע בערג איז איצט רוהיג, אין אַלע טהאַלען הערסטו קוים אַ הויך. די פויגלען שווייגען אין וואַלד. וואַרט נאָר, באַלד רוהסטו אויך״.

עס וואָלט געווען איבעריג זיך אָפּצושטעלען אויף די קאָנטראַסטען צווישען ביידע דיכטער׳ס נאַטורען. אָדער פאַרגלייכען די מעלאָדיע פון געטע׳ס ווערטער מיט היינע׳ס דיסאָנאַנס. נאָר מען דאַרף ריין קינסטלערישען זין צו לעגען אויפמערקזאַמקייט אויף דער שטאַרקער האַרמאָניע וואָס האַלט צוזאַמען אַלע באַזונדערע טיילען פון אַט דעם ליעד. דאָס איז אַנגעשריבען אין איין גייסט פונ׳ם אָנהויב ביז׳ן סוף: די אָבענד־שטימונג אין וואַלד און אין מענשען׳ס

נשמה, דאָס אָפּשטאַרבען פון אַלע פאַרלאַנגען, די אויפלעזונג פון אַלע דיסאַנאַנס, דאָס צונויפגיסען זיך מיט דער גרויסער און מילדער נשמה־נאַטור.

האַבענדיג פאַר זיך די דאָזיגע פאַלקאָמענהייט, פיהלסטו נאָך שאַרפער די חסרונות פון היינע׳ס לירישען סטיל מיט זיינע עפּעקטען, וואָס זיינען אָפּט קעגען די פאָדערונגען פון קינסטלערישען געשמאַק. אין זיינע שוואַכקייטען צייגט היינע׳ס סטיל אַרויס אַן עהנליכקייט מיט׳ן אַלעגאָרישען, לעגענדאַרישען סטיל פון די דייטשע ראָמאַנטיקער, פון וועלכע ער האָט איבערגענומען זיין דיכטערישע ירושה. דאָך איז היינע זעהר ווייט פון צו זיין אַ ריין־ראָמאַנטיקער, ווי ער איז אויך ווייט פון צו זיין אַ ריין־מאָדערנער רעאַליסט, פאַר וועלכען פיעלע האַלטען איהם.

ער האָט אָנגערופען זיין „אַטטאַ טראָלל“ אַלס דאָס לעצטע פרייע וואַלד־ליעד פון ראָמאַנטיזם. אַנדערע, וואָס האָבען זיך פיינדליך צו איהם באַצויגען, האָבען אָנגערופען זיין פּאָעזיע אַלס דעם פּראָצעס פון ראָמאַנטישער צופוילטקייט. „איך האָב געשריבען „אַטטאַ טראָלל“ — האָט ער געזאָגט — פאַר מיין אייגענעם פאַרגעניגען אין גייסט פון פאַנטאַסטישע טרוימען, וואָס האָבען געהערשט אין יענער ראָמאַנטישער שול, — אויף וועמעס שוים איך האָב פאַרבראַכט מיין בעסטע יוגענד, פאַרענדיגענדיג מיט׳ן אָנשלאָגען דעם לעהרער“. אָבער דער ראָמאַנטיזם דיענט דאָ אַלס אַ רייך־גלענצענדער אָנצוג, אין וועלכען עס באַפּוצט זיך דער מאָדערנער גייסט, פאַרמאַסקירענדיג זיך, אום דערנאָך צו צולאָזען זיינע קליידער אויפ׳ן וואַנט. אַלע ראָמאַנטישע עלעמענטען זיינען דאָ פאַרטראַטען: חיות רעדען, בערען טיילען זיך מיט זייערע געדאַנקען ,מיר הערען זיך איין ווי דער מאָפּס גיסט אויס זיין האַרץ און מען פיהרט אונז, חוץ דעם, אַריין אין דעם ראָנסעוואַלען טאָל, וואָס איז אַזוי אָפּט באַזונגען געוואָרען אין לעגענדען. עס פעהלט דאָ אפילו ניט די בלויע בלום:

„ראָנסעוואַל, דו וואונדערבאַרער טאָל, ווען איך דערהער דיין נאָמען הויבט אין מיין האַרצען אָן צו דופטען די בלויע בלום“.

אַ לעגענדאַרישע וועלט רינגעלט אונז אַרום, די גרויסע אויגען פון די גייסטער קוקען אויף אונז. דער דיכטער מיט זיין באַגלייי־

מער געהען אויף יאַגד אויף די פּירענעאישע בערג. דער באַגלייטער האָט אַ מוטער; עס געהען אַרום קלאַנגען, אַז זי איז אַ כשוף־מאַכערין. מיר געהען אַריין אין דער כשוף־מאַכערינ׳ס הייזעל מיט אַנגעשטאָפּטע פויגלען, מיט קאַרשונעס, וואָס זיינען עהנליך צו געשפּענסטער; ביי נאַכט פיהרען די בערען און געשפּענסטער אויס אַ ווילדען צויבער־טאַנץ.

דאָס ליעד איז ביז אַ געוויסען גראַד דורכגעדרונגען אויך מיט אַ ראָמאַנטישען גייסט: עס פעלט אַן אויף דער גראַב־דאַקטרינגער טענדענציעזער פּאָעזיע פון יענער צייט, אויף דער אוטיליטאַרישער לעהרע, וואָס מען האָט אַריינגעפיהרט אין דער פּאָעזיע, אויף דער ליטעראַרישער סאַטירע, (אויף פרייליגראַטען, קאַרל מייער, גוסטאַוו פּפיצער) דער אַנפאַל איז נאָכ׳ן געשמאַק פון די ראָמאַנטיקער.

און דאָך באַמיהט זיך דער דיכטער אויסצוהאַלטען די מעגליכסטע פּינקטליכקייט ביים באַשרייבען די ערטער און באַציהונגען. איינגענטליך האָט דאָס ליעד איין געשיכטע, וועגען דעם, ווי אַזוי היינע וואוינט אין אַ דאָרף, אין קאַטערעז, אין די פּירענעיען, מיט זיינער אַ פראַנצויזישער פריינדין, און ער קוקט צו ווי אַ בער טאַנצט אויפ׳ן מאַרק. דער בער אַנטלויפט פון זיין בעל־הבית אין די בערג; היינע׳ס באַגליימער, לאַסקאַראָ, יאַגט איהם נאָך, דערהרג׳עט איהם און שינדט פון איהם אָפּ די פעל. זשוליעטאַ, דעם דיכטער׳ס געליעבטע, לעגט אַוועק די פעל פאַר איהר בעט, און היינע דערמאָנט שוין צו אָפט, ווי פיעלע נעכט פלעגט ער שטעהן מיט באָרפיסע פיס אויף דער פעל.

די פאַבעל איז געננוג רעאַליסטיש. אפילו די אויסערליכע איינצעלהייטען פון דער רייזע זיינען באַשריבען גאַנץ ריכטיג. עס באַקומט זיך אַן איינדרוק, אַז היינע וויל מיט זיין באַשרייבונג פונ׳ם קליינעם, בערגינגען שטעדטעל, וואוהין ער האָט זיך פאַרקליבען, און וואו די בערען טאַנצען און זינגען, איבערגעגעבען פּינקטליך אַלץ, וואָס ער האָט אַליין געזעהן און וואָס ער האָט פון אַנדערע געהערט. אפילו דער רעפריין פון דעם בערען־ליעד „גיראַפּינאַ, גיראַפּלעטטאַ“ איז ריכטיג איבערגעגעבען.

דאָך האָבען די טיעפסטע און פּראַכטפולסטע שטעלען פונ׳ם ליעד קיין ביסעל רעאַליזם ניט אין זיך. דאָס זיינען אַלץ פאַנטאַ־

זיעס. און די פּראַכטפולסטע פאַנטאַזיע איז די, ווי היינע שטעהט ביינאַכט ביים פענסטער און זעהט ווי דער גאַנצער ווילדער געיעג ערשיינט דריי מאָל אויפ׳ן האָריזאָנט. ער האָט נאָך קיינמאָל ניט דערגרייכט אַזאַ הויכקייט ביים באַשרייבען פאַנטאַסטישע פיגורען, ווי ווען ער מאָהלט פאַר אונז די פאַנטאַסטישע וועזענס, וואָס טראָגען זיך איבער׳ן טונקעלען נאַכט־הימעל: דיאַנאַ, די פעיע אַבונדאַ און די פּראַכטפול־שעהנע איראָדיאַדע, וואָס שפּיעלט זיך אין איהר אומגעצוימטער פרייד מיט׳ן פאַרבלוטיגטען קאָפּ פון יאָאַן דעם באַפּטיסט.

* * *

מען קאָן מאַכען אַ פאַרגלייך צווישען היינע׳ס און רעמבראַנד׳ס קונסט. ביידע טראָגען ניט קיין אַקאַדעמישען זיעגעל; זיי זיינען ביידע באַאיינפלוסט פון דער צייט. נאָר אויב מען רופט היינע׳ן דאָך אַן אַלס גרויסער רעאַליסטישער דיכטער, איז דאָס אַזאַ אומ־צווייפעלהאַפטער אמת, ווי דאָס וואָס מען רופט רעמבראַנד׳ן אַן אַלס גרויסער קאָלאָריסט. פונדעסטוועגען קאָן מען רעמבראַנד׳ן ניט אָנרופען אַלס דער גרעסטער רעאַליסט אין קאָלאָריט. וואָרים פיעלע מאָלער קאָנען בעסער פון איהם איבערגעבען די לאָקאַלע פאַרבען אין זייער אמת׳ער באַדייטונג. אָדער זיי קאָנען באַצווינגען מיט דער הילף פון ליכט און שאָטען די פאָרם און פאַרב פון די נעגענשטאַנדען אָרויסטרעטען דייטליך אין פאָדערגרונד. ניט די פאַרב, נאָר דאָס ליכט איז די הויפּט־זאַך ביי רעמבראַנדט׳ן. פאַר איהם איז ליכט — לעבען; דער קאַמף פון לעבען איז פאַר איהם דער קאַמף פון ליכט, און די לעבענס־טראַגעדיע שטעלט זיך פאַר איהם פאַר אַלס קעמפענדע און שטאַרבענדע אין פינסטערניש און פייכטקייט. אום צו כאַראַקטעריזירען זיין אמת׳ע גרויסקייט אַלס מאָהלער, דאַרף מען איהם באַצייכענען גיכער אַלס ליומיניסט (פּראָמאַנטענס אויסדרוק), איידער אַלס קאָלאָריסט, א.ז.וו. אונטער׳ן וואָרט „לומיניסט“ ווערט פאַרשטאַנען אַ מענש, וואָס האָט אויף אַן איינגעאַרטיגען אופן אַ פאַרשטענדניס פאַר ליכט. ער אָפּפערט אָבער קיינמאָל ניט מיט קיין צייכנונג, ד. ה., אַ קינסט־לעריש ווערק, אום נאָר אַרויסצוקריגען אַ נויטיגען ליכט־עפעקט פאַר

א ליכט־שטראהל. דערמאנט זיך אז דעם שלעכט־געמאלענעם סקעלעט אין זיין „אנאטאמיע לעקציע!“ נאר ביים אויספיהרען אז ארבייט וואס פאדערט א פינקטליכעם צייכנען, א פארטרעטען־קונסט, א פעהיגקייט צו מאהלען הענט און אנדערע קערפער־טיילען, קאן ער זיך ניט פארגלייכען מיט קיין אמת׳ע רעאליסטען — גרויס מאכט איהם נאר דאס, וואס ער צווינגט דאס ליכט אויסדריקען אזעלכעס, וואס האט פאר איהם א באדייטונג, נעמליך: דאס אינערליכע זעעלען־לעבען, די וועלט פון חלומות אויף דער וואהר.

דאס זעלבע איז מיט היינע׳ן. ווי ווינציג אמת׳ע געשטאלטען האט דער דיכטער באשאפען! ווי ווינציג אזעלכע זענען נאך איהם פארבליבען! די וואס ווילען ביי איהם זוכען פארדיענסטען אויף דעם געביעט, וועלען מוזען אנרופען די בייזע, דיסאנאנסען־פולע געשטאלט פון דעם אלטען אידישען דיענער היאצינטא, אלס דעם בעסטען מענשען־טיפ, וואס היינע האט געמאהלען.

ניין, אויב מיר וועלען אורטיילען וועגען היינע׳ן נאר נאך זיינע רעאליסטישע טיפען, וועלען מיר מוזען שטעלען פיעל העכער פון איהם אנדערע דיכטער, וועלכע שטעהען מיט זייער טאלאנט פיעל־נידעריגער פון איהם.

נאר, אורטיילענדיג וועגען היינע, דארף מען דערמאנען זיינע זעהונגען, די וועלט פון חלומות אויף דער וואהר אין זיינע ליעדער ווי אין זיין פראזא. אין אלגעמיין האט היינע זיך געהאלטען נעהענטער ווי אנדערע דיכטער צו דער ערד, נאר נאכדעם, ערשיינען איבער דער ערד, וואס איז איינגעהילט אין פינסטערניש, העלשטראהלענדע געשטאלטען, וואס אט טראגען זיי זיך דורך פאר אונזערע אויגען, און אט פארשווינדען זיי.

דאס באמערקט זיך אפילו אין אזעלכע קליינע ליעדער, ווי די אויבענגעבראכטע: די שמועסען אין דעם פישער׳ס הייזעל וועגען גאנגעס און לאפלאנדיע. דערמאנט זיך אויך, ווי היינע האט נעצוואונגען נאפאלעאנ׳ס געשטאלט ארויסטרעטען פאר׳ן לעזער: אין זיינע „גרענאדיערען“ ווערען די שילדערונגען פון נאפאלעאנען פארוואנדעלט אין א זעהעניש. די ווערטער: „דעמאלט וועט מיין קייזער אריבערפאהרען מיין קבר“ — זיינען באלויכטען, גלייך ווי א נאכט־געשפענסט, פון א שווערדען־גלאנץ. אין די שעהנע

שילדערונגען פון די „רייזע־בילדער" ערשיינען פאַר אונז די גע־שטאַלטען לייענענדיג די קינדער ערינערונגען.

אבער זיך צו דערמאָנען, ווי היינע רופט אַרויס יעזוס׳עס גע־שטאַלט: אין דעם ליעד „די וועלט" זעהט ער יעזוס׳ן אַלס דעם וועלט־פירשט, ווי ער שפּאַנט מיט זיין גאַנצער מעכטיגקייט אי־בער׳ן ים־איבערפלאַך, אַנגעטאָן אין אַ שניי־ווייסען מאַנטעל. אין „דייטשלאַנד, דאָס ווינטער מעשה׳לע", באַשרייבט ער אַ גרויסן ווינטער פריהמאָרגען אויף דעם פּאַדערזבאָרנג׳ער וועג; ווען דער נעבעל פאַרשווינדט, זעהט ער אויפ׳ן ראַנד פון׳ם וועג אינ׳ם ליכט פון דעם מאָרגען־שיין אַ הילצערנעם צלם מיט׳ן בילד „פון דעם גרויסען דענקער, וועלכער האָט געוואָלט רעטען די מענשהייט, און איצט הענגט ער ווי אַ וואָרנונג": „זיי האָבען דיך שלעכט באַהאַנדעלט אָט די באַוואוסטע ראַטה־מיטגלידער.

שטילער אומעט, ביטערער הומאָר, וואָס ווערט אויסגעדריקט אָט אין האַרציגע און אָט אין ערנידעריגענדע אויסדרוקען, פאַר־שטאַרקען דאָ דעם איינדרוק פון דעם מענשליך־ערהאַבענעם, פּיי־ערליך־שרעקליך. אין דערזעלבער מאָס ווי ביי שעקספּיר׳ן ווערט פאַרשטאַרקט דער איינדרוק, ווען האַמלעט, דערהערענדיג אַז דעם פאָטער׳ס גייסט קלאַפּט פון אונטער דער ערד, שרייט אויס: „דו גראָבסט גוט, דו אַלטער קראָט!" (מוילוואורף). צווישען דעם בלישצענדען פייערווערק פון היינע׳ס שאַרפזינניגקייט ווערט גע־שילדערט פאַר׳ן לעזער יעזוס׳עס געשטאַלט, ניט אַלס אַ וועלט־פירשט, נאָר ווי אַלס אַזעלכער, וואָס דרעהט די שווערד איבער די סוחרים׳ס קעפּ, וואָס פאַרשווענכען דעם טעמפּעל, און ער וואַרפט פייער אויף דער ערד.

„דאָס ווינטער מעשה׳לע" איז אַ כאַראַקטעריסטישער ביישפּיעל פון היינע׳ס קינסטלערישער אַרט באַשרייבונג. אַלע 27 אָפּטיילונ־גען פון דעם גרויסען געדיכט זיינען גלייכאַרטיג געבוימט. עס הויבט זיך אָן גאַנץ רעאַליסטיש, מיט רייזע־עראינערונגען, פלאַכע איינ־דרוקען פון דער ווירקליכקייט; דערנאָך הויבט זיך דער דיכטער אויף, אָהן הקדמות, נאָר מיט אומבאַמערקטע איבערגענג, ביז דער שטאַרקסטער ליידענשאַפט, העכסטען פּאַטאָס, ווילדען האַס, פלאַ־מענדע פאַנטאַזיע, צושטערענדער אָדער בויענדער באַגייסטערונג.

היילינגען צאָרן, וואָס ווירקט ווי א בליץ, און דערנאָך ווערט ער צוריק פאַרזונקען אין דער גרויער פינסטערניש פון וואָכעדיגע געשעענישען און פאַרהעלטענישען.

היינע קומט צופאַהרען קיין קעלן, עסט אייעריגע קוכענס מיט וואורשט און פאַרטרינקט מיט ריינוויין, און נאָכהער הויבט ער אָן ארומגעהן איבער די גאַסען. ער דערמאָנט זיך דער שטאָדט'ס פאַרגאַנגענהייטען: דאָ האָט די פּאַפּסט־וועלט באַהערשט די פריי־הייט, דאָ האָט מען געברענט אויף שייטער־הויפענס מענשען און ביכער, דאָ האָבען נאַרישקייט און כעס דערהויבען זייערע שטימען, גלייך ווי היינט, וואָס בילען אויפ'ן גאַס. און פּלוצלונג פאַלט דעם דיכטער'ס בליק אויף דער גרויסער, גייסטיגער באַסטיליע, די קעלנער קירכע, באַלויכטען פון דער לבנה, און אין הארצען ביי איהם דערוועקט זיך א צאָרן. נאָר אזוי לאַנג ווי ער וואַנדעלט ארום איבער'ן שטאָדט, פיהלט ער אונטער זיך א געשטאַלט, וואָס איז איהם, דוכט זיך, באַקאַנט. און באַלד ווערען מיר איבערגע־טראַגען אין א גאַנץ אַנדער וועלט: א וועלט פון וויזיענס. די געשטאַלט באַוועגט זיך, גלייך ווי דעם דיכטער'ס שאָטען, און שטעהט שטיל, ווען ער בלייבט שטעהן. פריהער האָט ער זי אָפט גאַנץ נאָהענט געזעהן, ווען ער פלעגט ביינאַכט ביי זיין טיש שרייבען. אונטער'ן מאַנטעל האָט ער עס פריהער געהאַלטען, און האַלט איצט אויך, עפּעס א באַהאַלטענע זאַך — דאָס איז דעם הענקער'ס האַק. אָט די פיגור — איז דעם דיכטער'ס ליקטאָר: זי פאָלגט איהם אומעטום נאָך, ווי דער ליקטאָר פלעגט נאָכפאָלגען זיין האַר אין רוים, נאָר מיט דעם אונטערשייד, וואָס דער ליקטאָר פלעגט געהן פאַראויס.

אין דער צווייטער אַפּטיילונג ערשיינט פאַר אונז באַרבאַראָס, אויך ווי א חלום־געשפּענסט, וואָס ערשיינט און פאַרשווינדט צווייי מאָל.

אויב היינע האָט באַשאַפען א גאַנצע עפּאָכע אין דער דייטשער ליריק, אין דער געשיכטע פון דער פּאָעטישער קונסט מיט אריינ־ברענגען א נייעם סטיל, מיט'ן צונויפקניפּען די ליריק מיט פאַנ־טאַזיע, שאַרפזיניגקייט און מיט'ן ארויפלעגען אויף איהר א גאַנץ נייעם גייסטיגען זיגעל — מיט'ן אריינפיהרען פּראָזע אין דער

פּאָעזיע אַלס אונטערשלאַג צו איהר, אָדער אָפּלאָכען פון איהר, ווערט דאָס ערקלערט מיט זיין געשיכטליכער לאַגע, מיט'ן איבערגאַנג פון דער ראָמאַנטישער באַפּוצונג פון דער ווירקליכקייט צו דעם טרויעריגען בליק אויף איהר — אָט דער איבערגאַנג איז באַשאַפען געוואָרען אַקוראַט אין יענער צייט און דאָס ערקלערט די צונויפקניפּונג פוןביידע עלעמענטען, וואָס באַמערקט זיך אין זיין דיכטונג.

דערפאַר איז דער הויפּט כאַראַקטער־שטריך פון זיין קינסטלער־וועלט — דאָס האַלב־ליכט, ענליך צו רעמבראַנדט'ס האַלב־ליכט.

רעמבראַנדט'ס קונסט באַשטעהט אין דעם, וואָס ער באַצווינגט די הויפּט־טיילען פון'ם בילד אַרויסצוטרעטען אין פאָדער־גרונד פון שאָטען אָדער האַלבע שאָטענס; ער צווינגט דאָס ליכט, דאָס אמת'ע ליכט, צו ווירקען אויף אַן איבערנאַטירליכען אופן, אַרויס־שטופּענדיג עס, גלייך ווי דורכ'ן באַפעהל פון אַ צויבער־שטעקעלע, פון אַ גאַנצען ים פון אומעטיגע שאַטענדיגע כוואַליעס, אום עס צו צווינגען, צאַנקענדיג אָדער העל־לויכטענד, גלייך ווי אַ שיינענדער פלאַם, אַרויסטרעטען אין פאָדער־גרונד פון דער האַלב־דונקעלקייט, און מאַכען די פינסטערניש דורכזיכטיג, און די האַלב־פינסטערניש — באַלויכטען.

אין פאַרוואַנדשאַפט מיט רעמבראַנדט'ס קונסט, צווינגט אויך היינע, די ריין־מאַדערנע וועלט פון פאַנטאַ־זיעס און חלומות מיט אומבאַמערקטע איבערגענג צומאָל אַרויסטרעטען פאַראויס אין ווירקליכען לעבען, און צומאָל פאַר־שוואונדען ווערען. אַן אַנדערש מאָל איז דאָס זעהעניש העל באַ־לויכטען, וועהרענד די רעאַלע וועלט איז באַהאַלטען אין פינס־טערניש, און אַמאָל איז פונקט קאַפּויר: דאָס זעהעניש ווערט בלאַס, און די רעאַלע וועלט טרעט אַרויס פאַראויס העל־באַלויכטען.

* * *

## היינע און געטע.

מיר האָבען שוין געזעהן, אַז ווען היינע איז געוועזען אַ סטו־דענט אין באָן, האָט ער זיך שטאַרק פאַראינטערעסירט מיט'ן גרינ־דער פון דער ראָמאַנטישער שולע. די פּערזענליכקייט פון אַ. וו.

שלעגעל׳ן האָט אויף איהם געהאַט אַזאַ צוּיבערנדע ווירקונג, ווי זיין לעהרע. ער איז באַגייסטערט געוואָרען פון איהם, אַלס דעם מאַן, וואָס האָט אומגעקעהרט די דייטשע פּאָעזיע צו דער ווירקליכקייט, און האָט באַזייטיגט די אוננאַטירליכקייט, וואָס האָט אין איהר געהערשט. אויסער דעם האָבען איהם באַצויבערט די שעהנע מאַנערען פונ׳ם אַריסטאָקראַטישען לעהרער, זיין וועלטליכער טאָן, זיין באַקאַנטשאַפט מיט דער בעסטער געזעלשאַפט פון יענער צייט.

דערנאָך האָט איהם גערי‌הרט די גוטסקייט, מיט וואָס שלעגעל האָט זיך באַצויגען צו איהם און צו זיינע ערשטע פּאָעטישע פּראָבען. שלעגעל איז געוועזן דער ערשטער, וועלכער האָט געלערענט היינע׳ן דעם סוד פון ליעדער־שרייבען, און דאָס וויכטיגסטע פון אַלץ איז דאָס, וואָס שלעגעל האָט איהם געמאַכט צו גלויבען אין זיין פעהיגקייט און זיין צוקונפט.

שוין אין היינע׳ס ערשטען פּראָזאַאישען אַרטיקעל, אין וועלכען עס רעדט זיך וועגען ראָמאַנטיזם פון 1820, ווערט די דאַנקבאַרקייט אויסגעדריקט צוגלייך מיט זיין ראָמאַנטישען גלויבענס־באַקענטעניש. ער פּראָטעסטירט גענען דער מיינונג, אַז ראָמאַנטיזם איז בלומר׳שט „אַ געמיש פון שפּאַנישען עמאַל, שאָטלענדישע נעבלען און איטאַליענישע פּוסט־קלינגעריי״: ניין, דער ראָמאַנטיזם דאַרף ניט זיין אומקלאָר און אומבאַשטימט, זיינע געשטאַלטען דאַרפען זיין געצייכענט מיט דיזעלבינע קלאָהרע קאָנטורען ווי אין דער קלאַסישער פּאָעזיע: „דערפון קומט עס — שרייבט ער — וואָס אונזערע צוויי גרעסטע ראָמאַנטיקער, געטע און א. וו. שלעגעל, זיינען אין דערלעצטער צייט אונזערע גרעסטע פּלאַסטיקער״. און ער רופט אָן געטע׳ס „פאַוסט״ און שלעגעל׳ס „רויב״ אַלס ביישפּיעלען פון פּלאַסטישע קאָנטורען און ער רופט אויס פאָלגענדען באַגייסטערטען אויסרוף: „אַך, ווען זיי זאָלען עס קאָנען גוט פאַרשטעהן, די, וועלכע רופען זיך אָן שלעגליאַנער!״ די פּערזאָנען, וואָס האָבען געוואוסט היינע׳ס פאַרהעלטנים צו שלעגעל׳ן, נאָך דעם העסליכען אָנפאַל אויף דעם לעצטענס פּערזענליכען לעבען אין דער „ר אָ מ אַ נ ט י ש ע ר ש ו ל ע״, דאַרפען געדענקען אָט די ציטירטע שורות. היינע האָט אויך זיינע ערשטע צוויי סאָנעטען געווידמעט שלעגעל׳ן. אין דער

ערשטער דאַנקט ער שלעגעל׳ן פאַר זיין גוטער באַציהונג צו איהם, און באַצייכענט מיט וואָס ער איז איהם דאַנקבאַר; אין דער צווייטער לויבט ער זיינע פאַרדיענסטען פאַר דער דייטשער פּאָעזיע, פון וועלכער ער האָט באַזייטיגט אַלעס וואָס איז באַנאַל, געקינסטעלט און פאַלש קלאַסיש; אין דער דריטער לויבט ער איהם פאַר זיין אַריינפיהרען אין דער מאָדערנער דייטשער ליטעראַטור די ענגלישע, שפּאַנישע, אַלט־דייטשע, איטאַליענישע און אינדישע פּאָעזיע. דער טאָן פון דעם ליעד איז אַ באַגייסטערטער:

„דער ערגסטער וואָרם — איז דער געפיהל פון פאַרצווייפלונג; דער ערגסטער סם — דאָס איז דאָס ניט־גלויבען אין די אייגענע קרעפטען, וואָס האָט שיער ניט צובראָכען מיין לעבען; איך בין געוועזען אַן אַנטרונענער, אָהן הילף פון אימיצען, האָסטו רחמנות געקראָגען אויף מיר, האָסט מיך געשטיצט מיט אַ גוט וואָרט, און איך דאַרף דיר זיין דאַנקבאַר אויב דאָס שוואַכע אַנטרונען וועט ברענגען פרוכט“.

אונטער׳ן איינפלוס פון אָט די ערשטע ראָמאַנטישע ווינטען שרייבט היינע זיינע ערשטע ריין־ראָמאַנטישע ליעדער אין אַלטען סטיל. דאָס זיינען זיי:

„דו ביזט אַזוי שעהן און ריין, וואונדערבאַרע מאַגדאַלין; דיר אַליין וואָלט איך געוואָלט שענקען מיין לעבען. דיינע זיסע אויגען גלאַנצען מילד ווי לבנה־שיין; העל־ראָזעווע קוויטען בליהען אויף דיינע רויטע בעקלעך.“

אָט די ליעדער דערמאָנען שטאַרק טיק׳ס ליעדער אין זיינע מעשה׳לעך. אין איינער פון די פון אונז־געבראַכטע ליעדער געפינען זיך די ווערטער: „וואַננע, מעגדעליין, אונגעליין, וועגעליין, מינדכען, ווייל־אַנד“ — אַ גרויסע צאָהל פון פאַרקלענערענדע און אַלטע אויסדרוקען.

אַלס ביישפּיעל פאַר׳ן דיכטער איז געוועזען דער סימפּאַטישער דייטשער דיכטער מיט׳ן אידעלען געשמאַק, וועלכער איז געשטאָרבען אין 1827 אין עלטער פון 31 יאָהר, ווילהעלם מילער; ער איז געוואָרען זעהר באַריהמט, הויפּטזעכליך אַ דאַנק שובערט׳ס מוזיק „דאָס ליעד פון אַ מילנער“ און די ניט־ווינציגער באַוואוסטע אין זיין צייט „גריכישע ליעדער“. ער איז דער פאָטער פון דעם

באַריהמטען דייטש־ענגלישען פילאָלאָג מאַקס מילער, וועמעס נאָ־וועלע „דייטשע ליעבע“, אין וועלכער ער באַשרייבט די ליעבע־פאַרהעלטניש פון אַ יונגען דייטשען וויסענשאַפטס־מאַן צו דער קראַנקער, צו בעט־ליגענדער פרינצעסין, איז באַגרינדעט, ווי מען באַהויפּטעט, אויף אַ פּאַסירונג פון זיין פאָטער׳ס לעבען.

היינע שרייבט צו מילער׳ן אין אַ בריעף פון דעם 7טען יוני, 1826:

„איך בין גענוג גרויס אום עפענטליך פאַר אייך זיך מודה צו זיין, אַז מיין קליינער „אינטערמעצצאָ“ איז ניט נאָר עהנליך צו אייער דיכטונג, נאָר זיין האַרציגען ריטם האָט ער זיכער צו פאַרדאַנקען אייערע ליעדער“.

ווייטער ענטוויקעלט ער דעם געדאַנק, אַז צו פריה ווערט ער באַאיינפלוסט פון די דייטשע פאָלקס־ליעדער און אַז אין „רוים“ האָט איהם שלעגעל ענטדעקט דעם סוד פון שרייבען ליעדער.

„נאָר — זעצט ער פאָרט — איך האָב נאָר אין אייערע ליעדער געפונען ריינע האַרמאָניע און אמת׳ע פשוט׳קייט, צו וועלכער איך האָב שטענדיג געשטרעבט. ווי קלאָר, ווי ריין אייערע ליעדער זיינען! זיי זיינען ווי אמת׳ע פאָלקס־ליעדער. אין מיינע ליעדער איז נאָר די פאָרם פאָלקסטימליך; דער אינהאַלט אָבער ענט־שפּרעכט די באַדינגונגען פון דער געזעלשאַפט.“

נאָר ביי מילער׳ן האָט זיך היינע אויסגעלערענט צו באַשאַ־פען פון דער פאָרם פון אַלטע פאָלקס־ליעדער — נייע ליעדער. אום צו פאַרשטעהן ווי אַזוי היינע׳ס סטיל איז ענטשטאַנען און זיך פאָרמירט, דאַרף מען מאַכען אַ פאַרגלייך צווישען מילער׳ס און היינע׳ס עטליכע ליעדער: ביי מילער׳ן הייסט עס:

„מיר זיינען אַזוי באַקוועם געזעסען צוזאַמען אונטער׳ן בוים ביים פאַרקאַן, און האָבען אַזוי פאַרטראַכט געקוקט אויף דעם רוי־שענדען טייכעל פון אונטען“.

ביי היינע׳ן:

„מיר זיינען אַזוי געזעסען ביים פישער׳ס הייזעל און געקוקט אויפ׳ן ים, ביז דער אָבענד־נעבעל האָט זיך אויפגעהויבען און זיך נעלעגט אויף אונז“.

און ווי עהנליך איז די לעצטע סטראָפע אויף אַ סטראָפע ביי

דעמזעלבען מילער'ן: „איצט לאָזט זיך אַראָפּ דער אָבענד־נעבעל, אַ קאַלטער און שווערער, און די מלאכים פון טוידט טראָגען זיך אין נעבעלדיגע וואָלקענס אַרום אונז".

אַט די שורות זיינען אַן אריינפיהר צו דעם גרויסען, פּראַכט־פולען געדיכט אונטער'ן נאָמען „דער ביוואוּאַק (ביידעל) פון די פּאַסטוכער אין דער רוימישער קאַמפּאַניע". דער הויפּט־סוזשעט פון'ם געדיכט איז דעם פּאַסטוכ'ס ליעד, וואָס דריקט אויס זיין בענקשאַפט נאָך דער געליעבטער. וויפיעל באַלעהרענדעס האָט היינע אַרויסגעבראַכט אין אַזאַ סטראָפע, וואו אַ יונגע מיידעל ווערט אַזוי באַשריבען: „דאָרט אונטען זיצט אַ מיידעל און דרעהט איהר שפּין־ראָד. זי וועבט און פאַנטאַזירט און קוקט אַראָפּ אויף דעם פלאַכען טאָל". עס איז גאַנץ אמת, אַז די אידיליע ווערט ניט צו־שטערט ביי ווילהעלם מילער'ן מיט עפּעס אַן ענדערונג אין דער שטימונג; דער דיכטער האָט ניט קיין טייפעל אין בלוט, און דאָס ווייכע אַנדאַנטע פון'ם טעמפּאָ דערגעהט ביז דער ענד פון'ם ליעד. נאָר דאָך איז ניט אין דעם דער הויפּט־אונטערשייד אינ'ם סטיל פון ביידע דיכטער. אויך היינע קאָן אַמאָל דורכפיהרען אַ שטילע, רוהיגע שטימונג דורך אַ גאַנץ ליעד. דער חילוק איז נאָר אין דער קורצקייט פון היינע'ס סטיל אין פאַרגלייך מיט מילער'ס. ער גיט אין איינער, אַם העכסטען אין צוויי ליעדער דאָס, וואָס מילער גיט איבער אין צעהן.

דאָס נייע אין זיין לירישען סטיל באַשטעהט אין דער ביז איהם נאָך ניט געזעהענער קורצקייט. זיינע ליעדער שטעלען פאָר אַן אמת שטאַרקען עקסטראַקט. זיי פאַרמאָגען אַן אַנגענעמע, פיין־שמעקענדע עסענציע פון ליידענשאַפט, לעבען־געניטקייט, ביטער־קייט, שאַרפזיניגקייט, שפּאַט, שטימונג און פאַנטאַזיע — די עסענ־ציע פון פּאָעזיע און פּראָזע אין דער זעלבער צייט. די פּסיכאָלאָגען רופען עס אַן — די קאָנדענסאַציע פון געדאַנקען 1). פאַרגלייכענ־דיג דעם שילער'ס דענקען מיט'ן לעהרער'ס, איז דעם שילער'ס דענקען קאָנדענסירט. שטענדיגע קאָנדענסירונג באַמערקט זיך אין דער גאַנצער געשיכטע פון דער טעכניק. אַמאָל האָבען נאָר

1) לאַצאַרוס, „דאָס לעבען פון דער נשמה", צווייטע אויסגאַבע.

עקזיסטירט טורעם־זייגערס, יעצט טראָגען מיר זייגערס אין די קעשענעס, — מיט אנדערע ווערטער: אמאָל האָבען די מעכאַני־קער געדאַרפט האָבען אַ קאָנסטרוקציע פון אַ טורעם־זייגער פאַר די רעדלעך און שרייפעלעך, וואָס געפינען זיך איצט אין קעשענע־זייגערס. פונקט אזוי זיינען ניט פאַרהאַן אין פיעלע אַלטע טראַ־געדיעס מעהר געדאַנקען און געפיהלען, וויפיעל עס געפינען זיך אין אייניגע היינע׳ס סטראָפען.

פאַרגלייכענדיג מיט די קורצע סטראָפען פון ווילהעלם מילער׳ן זעהען מיר ביי היינע׳ן ניט נאָר אַ מעהר ליידענשאַפטליכען אינ־האַלט, נאָך נאָך אַ פיעל גרעסערען קאָנדענסירטען סטיל.

ווערענד מילער האָט געהאַט אַ איינפלוס אויף היינע׳ס קור־צען, יאַמב־מעסיגען פערז, איז ער אין זיינע טראָכעיען נעהענטער צו אַ צווייטען, מעהר ראָמאַנטישען דיכטער: קלעמענסאַ ברענ־טאַנאָ. אין אייניגע פון זיינע „ראָמאַנסערא“ באַגעגענען זיך עהנליכקייטען צו ברענטאַנאָ׳ס ערשטע „ראָמאַנסען און ראָזענקראַנ־צען“; נאָר אזוי ווי די לעצטע זיינען ערשט ערשינען אין 1853, פאַלט אוועק יעדער געדאַנק וועגען נאָכאַהמונג.

אין איין ראָמאַנס פון די „ראָזענקראַנצען“ רעדט זיך וועגען דעם העלד קאָסמע:

„עס שפּיגעלט זיך אָפּ אויף דעם וואַסער־שפּיגעל דער שלעכ־טער אַנזאַגער פון אַלטקייט: וועסט גיך באַצאָהלען דעם חוב, דע־רויף צייגט דער „זילבערנער לאָקאַן“.

אין היינע׳ס ליעד „בימיני“, וואָס איז פאַרעפענטליכט געוואָ־רען נאָך זיין טויט, הויבט זיך אָן איין אַבטיילונג מיט פאָלגענדע ווערטער:

„איינזאַם איז געשטאַנען אויפ׳ן ברעג פון קובאַ — פאַר׳ן שטי־לען וואַסער־שפּיגעל — אַ מענש; ער האָט באַקוקט זיין געשטאַלט אין וואַסער. ווי עס האָט אויסגעקוקט, האָט דער אַלטער אַהן אַ באַזונדער פאַרגעניגען געקוקט אויף זיין אָפּשפּיגלונג אין וואַסער“.

דער געדאַנק, צונויפשטעל און פאָרם פונ׳ם ליעד איז כמעט דערזעלבער ביי ביידען.

עס איז אויך דאָ אַ געוויסע עהנליכקייט צווישען דער געשיכ־טע וועגען דעם מיסטעריע־בוך אין ניינטען ראָמאַנס פון די „ראָזענ־

קראַנץ״, און דער געשיכטע וועגן דעם שעהנעם קעסטעלע אין היי־נע׳ס גרויסען ליעד וועגען „יהודה בן הלוי״ 1). דער אונטערשייד איז נאַר אין דעם: ביי ברענטאַנאָ׳ן ענטדעקט אונז די געשיכטע וועגען דעם בוך, וואָס נעהט פון האַנט צו האַנט, נאַר די ראָמאַנ־טישע וואונדער־וועלט, וועהרענד ביי היינע׳ן ווערט דאָס ארומגעהן פונ׳ם קעסטעלע פאַרוואַנדעלט אין אַ שפּאָס וועגען דער ניט־באַ־שטענדיגקייט פונ׳ם לעבען: דער פּערל געהערט צוערשט צו סמערדיסען, זי שענקט איהם אַטאָס׳ען, דערנאָך צו אַלעקסאַנדער דעם גרויסען, וועלכער גיט איהם אָפּ טאַאיס׳ען; דערנאָך געהט ער איבער צו קלעאָפּאַטראַ׳ן, דעם מאַוריטאַנער סולטאַן, דער קאַס־טילישער רעגירונגס־קאַסע, און ענדליך, צו דער באַראָנעסע סאַלאָמאָן ראָטשילד; מיט אַ קאָמפּלימענט צו איהר ענדיגט זיך דאָס גאַנצע ליעד.

היינע האָט, בלי ספק, גענומען ביי קלעמאַנסאַ ברענטאַ־נאָ׳ן דעם סוזשעט פונ׳ם ליעד, וואָס איז מעהר פון אַלע פאַר־שפּרייט אין דייטשלאַנד און ווערט אָממעהרסטען געזונגען: „איך ווייס ניט וואָס זאָל דאָס באַדייטען״.

ברענטאַנאָ האָט נאָך אין זיין „גאָדווי״ פון 1802, אָפּגעדרוקט אַ באַלאַדע אונטער׳ן נאָמען „לאָרעליי״. דאָרט ווערט ניט דער־צעהלט וועגען אַ סירענאַ, נאַר וועגען אַ יונג מיידעל פון באַכראַך ביים ריין, וואָס איז געווען אַזוי פּראַכטפול, אַז אַלע האָבען זיך אין איהר פאַרליעבט. מען האָט זי באַשולדיגט אין כשוף. נאָר דער עפּיסקאָפּ וואָס האָט זי געדאַרפט פאַראורטיילען פאַרברענט צו ווערען אויפ׳ן שייטער־הויפען, האָט אויך ניט געקאָנט אויס־מיידען דעם אַלגעמיינעם שיקזאַל און האָט זיך אין איהר איינ־געליעבט. זי בעט אויף זיך אַ טויט־אורטייל, ווארום דער, וועמען זי ליעבט, האָט זי פאַרלאָזט. ווען דער עפּיסקאָפּ באַפעהלט זי אָפּצופיהרען אין מאָנאַסטיר קריכט זי אין מיטען וועג ארויף אויפ׳ן שטיינערנעם באַרג „לאָרעליי״ (לעי — מיינט אַ מאַרמאָר

1) פאַרגלייך: עדואַרד גריזבאַך, „די דייטשע ליטעראַטור״, זייט 254, וואו דער פּראָפעסער באַהויפּטעט דאָס מיט זיכערקייט.

בערג) און וואַרפט זיך אַריין אין ריין, פון פאַרצווייפעלטער בענק־שאַפט נאָך איהר געליעבטען.

דאָס האָט אין 1811 באַוואויגען דעם שרייבער ניקאָלאַי פאָגט אנצושרייבען די אַזוי־גערופענע „ריין־לעגענדע“, ערקלערענדיג, אַז זי איז גענומען געוואָרען פון די אַלטע לעגענדעס. לאָרעליי האָט אויפ'ן וועג אין מאָנאַסטיר באַגעגענט איהר געליעבטען, וואָס איז אונטען געפאָהרען אין אַ שיפעל, און פאַרצרות, וואָס זי קאָן נים האָבען זיין נעגענזייטיגע ליעבע, וואַרפט זי זיך אין ריין אַריין. דריי פון איהרע פאַרגעטערער זיינען נאָכגעשפּרונגען נאָך איהר. דעריבער טראָגט דער נאָהענטער באַרג דעם נאָמען „דריי־ריטער־שטיין“. די לעצטע געשעהעניש איז, מעגליך, גענומען פון דער ענדרע פון ברענטאַנאָ'ס ליעד.

ווער האָט געזונגען דאָס ליעד? דער שיפער האָט עס הויך געזונגען, זיצענדיג אויפ'ן ריין־ברעג. זיין ליעד האָט זיך אין דער הויך געגאָסען, צוטראָגענדיג זיך פון די הויכע בערג אַראָפּ. „לאָ־רעליי! לאָרעליי! לאָרעליי! דריי זיינען מיר אין וועג געוועזן“.

פון אָט דער ווירקליך פאַנטאַזיע־פולער פאָלקס־לעגענדע האָט אַ געוויסער גראַף לעבען גענומען אין 1821 אַ סוזשעט פאַר'ן ליעד לאָרעליי, אין וועלכען אַ יונג מיידעל, וואָס באַגעהט זעלבסט־מאָרד, ווערט פאַרוואַנדעלט אין אַ רוסאַלקע, וועלכע פאַרנאַרט מיט איהר זינגען אין אַפּגרונד אַריין פאַרבייפאָהרענדע פישער 1):

„אויף דעם גרויסען פעלזען־שטיין, וועלכער איז באַלויכטען פון לבנה־שיין, זיצט די צויבער־פרוי און קוקט אויפ'ן ריין. זי קוקט אין אַלע זייטען, אַרום זיך, אַרויף און אַראָפּ, די שיפלעך שווימען פאַרביי. ליעבער אינגעל, קוק נים אַרויף! זי וועט דיך פאַר־כשופ'ן מיט איהרע ליעדער, זי וועט דיך דורכשטעכען מיט איהר בליק; דאָס איז די שעהנע לאָרע, זי וועט דיך פאַנגען“ און אַז. וו.

לאָמיר איצט נעהמען דאָס איבעראַל באַקאַנטע היינע'ס ליעד, וואָס איז צוערשט געווען אַ סטודענטען־ליעד, און איז דערנאָך

---

1) א. שטראָדטמאַן: „ה. היינע'ס לעבען און ווערק“, צווייטע אויפלאַגע, 1 באַנד, זייט 696.

געוואָרען אַ פאָלקס־ליעד; עס כאַפּט אױש ביים הארצען, און באַצױבערט מיט דער צאַרטער צונױפקניפּונג פון דער מעלאָדיע מיט'ן טעקסט. עס איז אומצווייפעלבאַר, נאַכגעמאַכט. דערזעלבער סר זשעט, דערזעלבער פערזען־מאָס, אפילו דער ריטם איז דערזעלבער, למשל: בליצט—זיצט. אױפ'ן אָרט פון קאָהן—געטאָהן, שטעהט נאָר אָן—געטאָן, אָבער וואָס פאַר אַן אונטערשייד! צום סוזשעט איז צוגעקומען שטימונג. מיר האָבען צוערשט פאַר זיך אַ פערזענליך פּסיכאָלאָגישען איבערגאַנגס־פּונקט, אַן אומערקלערליכע בענקשאַפט, אונטער וועמעס איינפלוס דער דערצעהלער קאָן בשום אופן ניט באַפרייען זיך פון דער אַלטער געשיכטע, דערנאָך שוועבט פלוצלינג פאַר אונז אַרױס אַ בילד, אַ באַשטימט, דייטליך־געמאָהלענע לאַנדשאַפט:

„די לופט איז קיהל, דונקעל, און רוהיג פליסט דער ריין. די בערג־קעפּ פינקלען אין שיין פון דער פאַרגעהענדער זון. די שעהנסטע יונגע מיידעל זיצט דאָרט אויבען און מיט אַ גאָלדענעם קאַם קעמט זי זיך די גאָלדענע האָר".

צולעצט טרעט אַריין דער עלעמענט פון דעמאָנישער ליידענשאַפט. די, וואָס האָבען שוין פריהער געפּרובירט באַארבייטען דעם סוזשעט האָבען דאָס ניט געקאָנט אַריינשטעלען. היינע באַשרייבט דאָ אַן עלעמענטאַרע צויבער־קראַפט, עהנליך צו דער, וואָס געטע האָט איינפאַכער באַשריבען אין זיין ליעד „דער פישער", און עס האָט געמאַכט אַ שטאַרקען איינדרוק. נאָר געטע מיט זיין רוהיגער נאַטור באַשרייבט אַ שטילע, רוהיגע, גלעטענדיגע פאַר־שכור'ונג; און היינע, אין איינקלאַנג מיט זיין כאַראַקטער, שילדערט אַ בליץ־שטורמדיגע ליידענשאַפט, וואָס מאַכט אַן אומבאַשרייבליכען איינדרוק.

עס איז מעגליך, אַז מיר וועלען באַקומען אַ טיעפערע פאַרשטענדניש ווענען היינע'ס קינסטלערישען שאַפען און וועגען די מיטלען, מיט וועלכע ער באַארבייט זיינע סוזשעטען מיט דער הילף פון פאַנטאַזיע, ווען מיר וועלען זיך צוקוקען ווי אַזוי ער נוצט אויס אַ פּראָזאַאישען סוזשעט. עס זעהט אויס, אַז היינע האָט געפונען אין אַנרי בעיל'ס בוך „דע־לאַמור" פאָלגענדע ערצעהלונגען, איבערזעצט פון אַראַביש:

„סאַגיד בן־אַגאַ האָט אַמאָל געפרעגט זיין אַראַב: „פון וואַ־

סער א שבט קומסטו? — איך קום פון דעם שבט — האָט דער אַראַב געענטפערט—אין וועלכען מען שטאַרבט ווען מען פאַרליעבט זיך.— ביזטו, הייסט עס, פון אזראַס שבט? — יאָ, איך שוועהר ביים הער־שער פון קאַאבע, אַז איך קום פון דעם שבט. — פאַרוואָס־זשע ליעבט איהר אזוי? — אונזערע פרויען זיינען פּראַכטפול און אונזערע יונגע־לייט — ריין.

און וויטער:

„איינמאָל האָט מען געפרעגט אַרוֹא בן־האזעמאַ פון עזראַ׳ס שבט: — איז דאָס אמת, אַז מעהר פון אַלע מענשען פאַרמאָגט איהר די צאַרטסטע ליעבע־געפיהלען? — יאָ, עס איז אמת — האָט אזראַ געענטפערט, — איך האָב געקאַנט אין מיין שבט דרייסיג יונגע־לייט, וועלכע זיינען געשטאַרבען, ניט פון קיין אַנדער קראַנק־הייט, אויסער ליעבע“.

צולעצט:

„איין אַראַבער פונ׳ם שבט בעני־פאַזאַראַטאַ האָט זיך איינמאָל אָנגערופען צו אַן אַראַב פונ׳ם שבט בעני־אזראַ: איך האָב ביז איצט געדענקט, אַז דער טויט וואָס קומט פון ליעבע איז זיס און מוטיג. נאָר דאָס איז, אייגענטליך, אַ נאַרישקייט און אַ קראַנק־הייט. — דו וואָלסט אזוי ניט גערעדט, — האָט דער צווייטער געענטפערט, — ווען דו וואָלסט געזעהן אונזערע, מיט וואָואַלען פאַרדעקטע, פרויען, מיט זייערע גרויסע שוואַרצע אויגען, מיט די לאַנגע ברעמען, ווען דו וואָלסט זעהן ווי זייערע צייהן בלישטשען צווישען די רויטע ליפּען, ווען זיי לאַכען“.

אַט די אַנעקדאָטען האָבען געגעבען היינע׳ן דעם סוזשעט פאַר זיין באַריהמט ליעד: „דער אזראַ“: „יעדען טאָג האָט אין האַרעם־גאָרטען שפּאַצירט“. היינע שילדערט צוערשט דאָס פּלאַץ, דעם גאָרטען מיט׳ן פאָנטאַן, וואו דאָס וואַסער ברויזט. דערנאָך ווייזט ער אונז אַ שקלאַף, וועלכער קומט יעדען טאָג אין גאָרטען, ווען דעם סולטאַנ׳ס טאָכטער שפּאַצירט און ער ווערט יעדען טאָג אַלץ בלאַסער און בלאַסער; און צולעצט דערצעהלט ער אונז, ווי די פּרינצעסין האָט זיך איין אָבענד געווענדעט צום שקלאַף מיט אַפּגעהאַקטע פראַגען: „איך וויל וויסען דיין נאָמען, דיין שבט, דיין אָפּשטאַמונג“.

„און דער שקלאַף ענטפערט: מיין נאָמען איז מאַכמעד, מיין געבורטס־אָרט — יעמען, און מיין אָפּשטאַמונג איז פון די עזרא׳ס, וועלכע שטאַרבען, ווען זיי פאַרליבען זיך“.

ווי איהר זעהט, האָט היינע דורכגעלאָזט אַלע ערקלערונגען. האָסט אַ שטאַרקע הנאה פון דער וואונדערבאַרער קורצקייט פון אָט די מאָנומענטאַלע ווערטער, פון דער פעהיגקייט אויסהאַקען אַ רעפּליק, ווי פון שטיין. נאָר לאָמיר זיך פאַרטיפען אין אינהאַלט פון די ליעדער און זעהן, וואָס איז זייער גייסטיגער אינהאַלט? דאָס גאַנצע ליעד באַשטעהט אין דער לאַקאָנישער צונויפקניפּונג פון די ווערטער, ליעבע און טוידט. דאָס איז די צונויפקניפּונג, וועלכע מערקט זיך אין אַלע היינע׳ס יוגענד ליעדער — דאָס צונויפבינדען פון ליעבע און ליידען, ליעבע און פאַר׳סמ׳ונג, ליעבע און געדאַנקען וועגען זעלבסט־מאָרד — די פאַרבינדונג פון לאַמור און לאַ מאָרט, וואָס מיר זעהען אויך ביי מ י ו ס ע׳ן אויף יעדען שריט.

דער אויסדרוק איז דאָ, ווי אין אַלגעמיין ביי היינע׳ן, עפּיגראַמאַטיש, פּאַלגליך, ניט ווערטער־רייך.

איצט האָבען מיר גענוג מאַטעריאַל אום צו באַקומען אַ פאָרשטעלונג, ווי אַזוי היינע האָט אויסגעאַרבייט זיין דיכטערישען סטיל. עס איז נוצבאַר איהם צו שטודירען אין אַ פאַרענדיגטען, גאַנץ־ענטוויקעלטען אויסזעהן.

לאָמיר נעהמען אַלס אויסגאַנגס־פּונקט דאָס פון אונז געבראַכטע לעצטע ליעד מיט׳ן עפּיגראַמאַטישען סוף. עס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר היינע׳ן, וואָס דאָ, ווי אין אַלגעמיין, אומעטום, פאַרטיעפט ער זיך ניט אין דער אינערליכער אינהאַלט־אומענדליכקייט. צו־מיינסטען פאַרשאַרפט ער און פאַרשטאַרקט די געפיהלען־אויסדריקען. אַזוי טהוט ער אויך מיט די ליעבעס־געפיהלען, וואָס ציהען צו זיין אויפמערקזאַמקייט מעהר ווי אַלץ אַנדערש. און, צו לעצט, איז היינע אָריגינאַל דערמיט, וואָס ניט קאָנענדיג זיך איבערטראָגען אין אַ צווייטענ׳ס געדאַנקען, האָט ער שטענדיג גע־שילדערט די געפיהלען פון מענערשער ליעבע, און קיינמאָל ניט געפּרואווט באַשרייבען די פרויען־ליעבע. היינע׳ן איז זעהר פרעמד אַזאַ שילדערונג, ווי אין געטע׳ס באַוואוסטען ליעד וועגען דער

פרייד, וואָס כאַפּט אָרום אַ פאַרליעבטע פרוי. געטע גיט אַ פּאָל־שטענדיגע כאַראַקטעריסטיק פון דער ליעבע: מיר האָבען איהר אינערליכען לעבען, איהר פּולסירען, איהר וואַקלען זיך צווישען תענוג און ליידען. היינע׳ס עפּיגראַמאַטישער סטיל מאַכט אוממעגליך אַזאַ ענטוויקלונג פון דעם געפיהל־לעבען. און ער צייכענט זיך אויס מיט דערזעלבער קורצקייט ווי דעמאָלט, ווען ער הויבט אָן באַשרייבען עפּעס אַ פּאַסירונג. אַזאַ קורצקייט באַגעגענען מיר ניט ביי קיין אַנדער דיכטער: ער ווירקט אויפ׳ן לעזער מיט אָנצוהערענישען און אָנצייגונגען, וואָס זיינען מערקווירדיג צונויפגעפּרעסט. איך וועל ברענגען, אַלס ביישפּיעל, פאָלגענדע סטראָפען:

„עס איז געוועזן אַן אַלטער קעניג, זיין הארץ איז שווער געווען, זיין קאָפּ גרוי. דער אָרימער אַלטער קעניג האָט געהייראַט אַ יונגע פרוי. עס איז געווען אַ שעהנער פּאַזש, בלאָנד איז געווען זיין קאָפּ, לייכטזיניג זיין מח. ער טראָגט נאָך דער יונגער קעניגינ׳ס זיידענעם שלעפּ“.

באַמערקט דעם וואונדערבאַרען עפעקט, וואָס עס מאַכט אָט די ווערטער־צוזאַמענשטעלונג: „בלאָנד איז געווען זיין קאָפּ“; עס דוכט זיך, אַז דאָס ליעד אַליין ווערט פרעהליך און טאַנצענדיג. און איצט לייענט דעם סוף:

„קענסטו דאָס אַלטע ליעד? עס קלינגט אַזוי זיס און אומעטיג! זיי מוזען ביידע שטאַרבען, ווייל זיי ליעבען זיך צו שטאַרק“.

דער סוף איז פּראַכטפול. אָבער די געשיכטע אַליין איז פאַר אונז אומקלאָר: מיר דאַרפען זיך אָנשטויסען, ווי מען דאַרף זיך אָנשטויסען אַן דער געשיכטע וואָס שפּיעלט זיך אָפּ צווישען דעם שקלאַף און דעם סולטאַנ׳ס טאָכטער, און אויך דאָ איז ליעבע מיט טוידט צוזאַמענגעבונדען.

עס איז שטענדיג פאַראַן עפּעס אַ פּוסטקייט און אינהאַלטסלאָזיגקייט אין היינע׳ס ליעבעסבאַגריף, וואָס מיר זעהען אויך דאָ קלאָר. אָט די ליעבע פאַרמאָגט ניט קיין ווירקליך־אינערליכען אינהאַלט, קיין מאָראַלישען ווערט. אָדער, ריכטיגער, היינע האָט ערשט אויף זיין טויטען־בעט אָנגעהויבען באַשרייבען די ליעבע, וואָס האָט אַן „אינערליכען זין“. די ליעבע אין דעם „בוך פון ליעדער“ ווערט אַממייסטענס געשילדערט ווי אַ כאַקלאַ־

גען זיך אויף דער געליעבטער׳ס קאַלטקייט און אומטרייהייט. דאָס איז אַלץ פּוסטקייט וואָס דערוועקט ניט קיין מיטגעפיהל. די שפּע־טעריגע ליעבע־ליעדער זיינען צומיינסטען ליידענשאַפטליכע און לייכטזיניגע, און וואָס שרייענדער זיי זיינען געשריבען אַלץ אַ קלענערען איינדרוק מאַכט דאָס געפיהל אויף אונז:

„מיין האַרץ איז ווי די זון, אַזוי פלאַמענד און שעהן, און אין אַ ים פון ליעבע פאַרזינקט עס".

צופיעל גרויסהאַלטונג און באַרימערייַ ענטהאַלט אין זיך אָט דאָס יוגענד־שרייענדיג ליעד. דאַסזעלבע קאָן מען זאָגען וועגען דעם פאָלגענדען ליעד:

„איך האָב דיך געליעבט און ליעב דיך נאָך איצט; און ווען די וועלט זאָל אפילו חרוב ווערען, וואָלטען דורך די רואינען מיינע ליעבע־פלאַמען זיך דורכגעשלאָגען".

פאַר דעם דיכטער איז דאָ הויפּטזיכליך וויכטיג געוועזן דער קינסטלערישער איינדרוק, און די ליעדער זיינען אָנגעשריבען אין אַ גוטען, ריין־מאָדערנעם סטיל. דאָס גאַנצע בילד טראָגט זיך דייטליך דורך פאַר אונזערע אויגען: דאָס האַרץ פאַרזינקט אין ים, גלייך ווי די זון. די ניט־אויסגעלאָשענע ליעבע־פלאַמען שלאָ־גען זיך דורך דורך די וועלט־רואינען. עס באַקומט זיך אַ נאָך מעהר מאַלערישער, ערהאַבענער בילד, ווען אָננעמ׳עס נאָמען ווערט אויפגעשריבען אויף דעם הימעל־געוועלב. נאָר די ליעדער פאַר־מאָגען ניט קיין נשמה־געפיהל. לאָמיר זיך דערמאָנען, פאַר אַ פאַרגלייך, אָן געטע׳ס טיעף־מענשליכע ווערטער:

„דיר איז באַקאַנט מיין יעדער וועזען־שטריך, ווייסט, ווי ריין עס קלינגט מיין נערוועזן־סטרונע, מיט איין בליק לייענסטו טיעף אין מיין נשמה, וואוהין אַנדערע שטערבליכע קאָנען ניט אַריינ־דרינגען".

אַדער לייענט איבער דאָס פאָלגענדע ליעד, וואָס פאַרשטאַרקט נאָך מעהר דעם איינדרוק, וואָס באַקומט זיך פונ׳ם ערשטען:

„דו האָסט זיך געלערענט צו זיין געדולדיג און האָסט איינ־געצאַמט דאָס קאָכעדיגע בלוט. האָסט מיך אַרויפגעפיהרט אויפ׳ן וועג פון אמת און גוט׳ס; אין דיינע אומאַרמונגען האָט די געפּיי־ניגטע ברוסט געפונען רוה".

דאָס איז דער אויסדרוק פון דער געזונדסטער, פּאָלסטער, גע־גענזייט־נער סימפּאַטיע, דאַנקבאַרקייט פאַר ליעבע, טיעפען פאַר־שטאַנד. היינע געפינט אויסדריקען צו כאַראַקטעריזירען אזא ליע־בע נאָר אונטער׳ן איינפלוס פון זיין געשפּענסט־ליידענשאַפט צו דער יונגער פרוי לאָ מוטשע, וואָס איז צו איהם געקומען ווי אַ מלאך ביי זיין טויטען־בעט; וואָרים דער הויפּט־שטריך אין אַלע אַנדערע ליעדער איז ניט זיין באַשרייבונג פון דער ליעבע, ניט די געזונטע געפיהלען, רוה און גליק וואָס זיי ברענגען. היינע קען ניגט אין גאָר אַן אַנדער געביעט.

ליידענשאַפטליכען באַגעהר שילדערט ער ווי אַ מאָדערנער דיכטער מיט אַזעלכע פאַרבען און שטימונגען אין קאָרעדזשיע׳ס גייסט פיעל בעסער, ווי געטע מיט זיין אַנטישער קלאָרהייט. דער באַגעהר איז ביי געטע׳ן געשילדערט אין גריכישען אָדער איטאַליע־נישען גייסט. לאָמיר זיך דערמאָנען אַן דער ליעד וועגען דעם זיסען פּאָמעראַנץ:

„איך געה צו צום בוים און זאָג: פּאָמעראַנץ! ביזט אַ ליע־בער פּאָמעראַנץ! ביזט אַ זיסער פּאָמעראַנץ! איך הויב אַן וואַרפען דעם בוים, — הערסט? — איך וואַרף איהם! אַ, וואַרף זשע זיך אַריין אין מיינע אָרעמס!“

פאַרגלייכט אַט יענע געזונטע שטימונג, דאָס פייער און פיין־שמעקעדיגקייט, די נאַטור וואָס דערהויבט זיך איבער דער פּאָעזיע מיט וועלכער עס איז אָנגעהויכט, פאָלגענדע היינע׳ס ליעבע־ליעד, ווי, אַ שטיינער: „די לאָטאָס־בלומען שרעקען זיך פאַר דער זון־פּראַכט“.

פאָלגענדעס איז העכסט כאַראַקטעריסטיש פאַרביידע דיכ־טער:

ווי מיר האָבען שוין פריהער געזאָגט, איז שטענדיג, ווען עס ווערט געשילדערט די ליעבע אין אַ פרעמד לאַנד, מאָלט געטע צומיינסטען איטאַליע, און היינע — אינדאָסטאַן, נאָר אָהן די פאַרגרעסערונגס־און־פאַרקלענערונגס אויסדרוקען, אָבער מיט אַ גע־זונדער, ריין־געטליכער קראַפט. לייענענדיג געטע׳ס ליעד „מיניאָן“ זעהען מיר פאַר זיך אַ קלאַסיש לאַנד וואו לימענעס בליהען. אַ שטאַרקע קראַפט פיהלט זיך אין יענע ווערטער, אין יעדער באַ־

שריבענער איינצעלהייט, וועלכע היינע קאָן ניט דערגרייכען. נאָר פאַרגלייכענדיג דערמיט היינע׳ס זיס ליעד „אויף די פליגלען פון ליעדער־געזאַנג“, עפענט זיך פאַר אונזערע אויגען אויף אַ טרוימע־ריש־האַסטיג ליידען, אַ פראַכטפול־מיסטישע פערספעקטיווע:

„עס שפּרינגען אַרום די קלוגע און לייכטע גאַזעלען; און פון ווייטענס הערט זיך דאָס רוישען פון די הייליגע שטראָמען־וועלען.“

דאָס איז מיט זיין גרונד־געדאַנק אַן אומשטערבליכע סטראָפע. גענטע בלייבט אפילו דעמאָלט, ווען ער צולאָזט זיך אין ליעבע שילדערונגען, פונקט ווי זיין גאָלד־שמיעד פון עפּעז, נאָר אַלץ דער גרויסער, קלוגער געצענדיענער, וואָס צייכענט געטער־געשטאַלטען. אין היינע׳ס קלאָר־זעהענדען מח האָט זיך געפונען יענער קומער פון געטליכער זינלאָזינקייט, וואָס איז נויטיג געווען, אום דער די־סעלדאָרפער סוחר׳ס זוהן זאָל פאַרשטעהן און איבערגעבען אַ פול בילד פון טרוימערישער זעלבסט־פאַרגעסענהייט פון אַלט־אינדיע.

נאָר שאַרפער טרעט אַרויס היינע׳ס סטילישע אָריגינאַליטעט אויפ׳ן הינטערגרונד פון גענטע׳ס שאַפען, אויב מיר וועלען פאַרגלייכען בייביידע דיכטער יענע פלעצער אין זייערע לידער, וואָס באַשרייבען ניט קיין ליידענשאַפטליכען באַגעהר, נאָר ריינע ליעבע־ליידען.

לאָמיר דערמאָנען די שורות, וועלכע גענטע לעגט אַריין אין מיניאָנאָ׳ס מויל:

„דער וואָס ווייס וואָס ליעבע בענקשאַפט איז וועט פאַרשטעהן, ווי איך לייד, וועהרענד, ווערענדיג פאַרצערט פון צרות, קעמפ איך אַליין. זיך ווענדענדיג צום הימעל, זיך אַרומקוקענדיג אין אַלע זייטען זעה איך, אַז מיין פריינד איז ווייט פון מיר. איך לייד. אַלץ איז געענדיגט. מיין נשמה קווועלט זיך. — יענער, וואָס האָט געוואוסט וואָס ליעבע־בענקשאַפט איז, וועט מיך פאַרשטעהן“.

אין דיעזע ווערטער דריקט זיך אויס דעם מאַסטער׳ס גאַנצע דיכטערישע טיעפקייט. פיעל קונסט האָט זיך געפאָדערט אויס־צודריקען די פאַרציהענדע מאָנאָטאָנישקייט פון דעם ליעבע־קומער: צומיינסטען די ריפמען, דער אויסגעצויגענער פערז, און ענדליך דער געוואָגטער, אַבסאָלוט־רעאַליסטישער אויסדרוק.

און יעצט וועלען מיר דערמיט פאַרגלייכען די באַשרייבונג פון דעם ריינעם ליעבע־קומער. מיר וועלען ברענגען אַ ליעד, אין

וועלכע אַט דאָס געפיהל דערגעהט ביז דער העכסטער שטופע, און מיר וועלען זעהן, וואָס פאַר אַ ווערק מען קאָן שאַפען מיט דער הילף פון דער פּלאַסטישער פאַנטאַזיע, מיט דעם פאָלקאָמענסטען קורצען און צוזאַמענגעפּרעסטען סטיל, וועמעס ענטוויקלונגס־גע־שיכטע מיר האָבען געפאָלגט:

„אויף אַ נאַקעטען בערגעל אין צפון שטעהט אַן איינזאַמער דרעמלענדער פיכטענבוים, אין אַ ווייסען דעק, פון אייז און שנעע. ער טרוימט פון אַ פּאַלמע אינ׳ם זונינגען לאַנד, וואָס טרויערט איינ־זאַם און שווייגענד אויף אַן אַנגעגליטען פעלזענבאַרג“.

דאָס ליעד איז כמעט אָהן ריפּמען. מיר לייענען נאָר פאָל־גענדעס: אַ פאַרשנעעטער פיכטענבוים טרוימט, און אַן אַנגעגליטע פּאַלמע קוועלט זיך אונטער דער הייסער זון. דאָס איז אַ נאָך קיינמאָל ניט געזעהען בילד; דאָס איז אַלץ אויסגעטראַכט; מאָהלען דאָס איז אונמעגליך. איך האָב עס געזעהן אויסגעמאָהלט אויף אַ דייטשער אויסשטעלונג און אַט דאָס צווייערדיגע בילד האָט געמאַכט אַ זעהר נאַרישען איינדרוק. און דאָך איז עס אַן אומגע־וועהנליך, אומשטערבליך ליעד! דאָס איז דערפאַר, וואָס דאָס סימבאָלישע בילד איבעראַשט אונז מיט דער איינפאַכקייט, מיט די דייטליכע קאָנטורען פון דער שטימונג, וואָס עס געהט איבער, און איבערצייגט אונז, אַז מען קען ניט אונטערדריקען די בענק־שאַפט, ניט קוקענדיג אויף דער אינערליכער נשמה־פאַרבינדונג.

אויב געטע׳ס קראַפט ליעגט אין דער שילדערונג פון איינ־פאַכע געפיהלען, געזונטע, ניט געמישטע, ליעגט היינע׳ס קראַפט אין קאָנען שילדערען געמישטע געפיהלען ביי די מאָדערנע מענשען, אויסדריקען יענע שמערצליכע נשמה־צופאַלענקייט, וואָס איז אַן אויסגאַנג פון אַן איבערגעלעבטער שווערער ערפאַהרונג. געטע וואָלט קיינמאָל ניט געקאָנט אָנשרייבען אַזעלכע שורות מיט זייערע שאַרפע קאָנטראַסטען און רעטזועלהאַפטען אינהאַלט:

„ווען איך זעה דיינע אויגען, פאַרשווינדט מיין לייד און וועה; אָבער ווען דו וועסט זאָגען: „איך ליעב דיך!“ וועל איך ביטער וויינען“.

פאַרוואָס דאַרף ער וויינען? איך האָב געהערט, ווי מען האָט אויף דער פראַגע נאַאיוו געענטפערט: „דערפאַר וואָס ער ליינט!“...

אַך, נייִן, די זאַך ווערט ניט אַזוי פּשוט ערקלערט. ער האָט גע־הערט אָט די ווערטער פון אַ צווייטערס מויל, און זיי זיינען אַנטשוויגען געוואָרען אויף איהרע ליפּען; ער ווייסט ווי לאַנג אַזאַ ליעבע געדויערט, און ער כאַפּט זיך אויף פון זיין זעלבסט־פאַרגעסענהייט דערהערענדיג איהר שטימע — ער צווייפעלט אין דער דויערהאַפטיגקייט פון איהר און זיין ליעבע.

עס איז אויך העכסט אינטערעסאַנט צו באַאָבאַכטען, ווי אַזוי היינע, ביים באַארבייטען דאָס ליעד, בייט אָפּט די ווערטער. צו־ערשט איז די לעצטע שורה געווען אַזוי אָנגעשריבען: „דעמאָלט וועל איך וויינען שטיל און ביטער". דערנאָך האָט ער דאָס וואָרט „ביטער", ניט קוקענדיג אויף דעם ווידערשפּרוך מיט זיין פון פריי־הער צונויפגעשטעלטען פּלאַן, פאַרביטען מיט׳ן וואָרט „פרעהליך", ביז וואַנען די שורה האָט באַקומען איהר איצטיגען אויסזעהן 1).

היינע איז ניט געווען גענוג גליקליך און גרויס, אום צו זיין צופרידען פון זיין לעבען. אַן עמיגראַנט, וואָס איז צושיידט מיט זיין לאַנד, אַן אומהיילבאַרער, אַ טויט־קראַנקער, אַ צוגעקאַוועטער צום בעט, האָט ער ניט געקאָנט, אויב שוין אפילו אָפּשטופּען אַן אַ זייט אַלע אַנדערע אומשטענדען, קוקען אויף דער וועלט און לעבען מיט אַזעלכע אויגען, ווי עס האָט געקוקט אויף זיי דער, וואָס האָט אויסערליך אויסגעקוקט גאַנץ פאַרזיכערט, און אַרומגע־רינגעלט מיט עהרע, דער גאַנץ־געזונטער פריינד פון די פירשטען אין ווייִמאַר. דעריבער געפינען מיר ניט ביי געטע׳ן אַזוי פיעל רעבעלירענדע אויסברוכען, אַזוינע פאַרביטערטע איינפאַלען און ציניִשע אויסדרוקען. געטע לעגט זיי בכלל אַריין אין מויל פון זיין מעפיסטאָפעל. היינע, וואָס פאַרמאָגט ניט קיין דראַמאַטישען טאַלאַנט, האָט געמוזט אויף זיך אַליין טראָגען די פאַראַנטוואָרט־ליכקייט פון זיינע אויסדריקען, דערפאַר וואָס ער רעדט שטענדיג אין זיין אייגענעם נאָמען. די מעהר שאַרפע אויסדרוקען האָט געטע אַרויסגעוואָרפען פון זיינע ליעדער.

אין אייניגע פלעצער איי „פאַוסט" געפינט זיך, צווישען אַנ־דערע, פאָלגענדעס:

---

1) ת. תיפּטער: „פּונים לעבען פון חיינריך הַיינע", ז. 158.

„אַ געשווינד־לויפענדער ריטם — און דער רוהם באַרוהיגט זיך.
דער העלד ווערט פארגעסען פון אַלעמען, פון די העכסטע ווי פון די נידעריגסטע. דער גרעסטער קעניג פאַרמאַכט די אויגען און יעדער הונט... אויף זיין קבר".

היינע שטעלט זיך אָפּ אויף אַזעלכע בילדער, וואָס געטע דער־מאָנט זיי נאָר, אום זיי גלייך צו פארגעסען. אויך געטע קאָן זיין אַ נאָט לעסטערער. ער האָט אָנגעשריבען אַ ליעד וואָס ווערט אָפּט ציטירט, אָבער פון ווינציגע פאַרשטאַנען: „ווער עס האָט קיינמאָל ניט געגעסען זיין ברויט מיט טרערען". דאָס איז אַ ביטערע, בלוטיגע קלאָגע געגען דער וועלט. אָבער אין איהר ביטערקייט איז זי פול מיט פאַרשטיקטע טרערען, און זי אָטעמט ניט מיט אַ ווילדער פאַרצווייפלונג, אַזוי ווי היינע׳ס „פראַגען", אָדער ווי דאָס ליעד „לאָז די הייליגע פאַראַבלען", וואו עס ווערט געזאָגט:

„פאַרוואָס ווערט דער עהרליכער געדריקט אונטער דער משא פון צלם, וועהרענד דער אויסוואורף פאָהרט שטאָלץ פאַראויס אויף אַ פערד, ווי אַ זיעגער? — אַזעלכע פראַגען שטעלען מיר שטענדיג, ביז וואַנען מען פאַרשטעקט אונז ניט דאָס מויל מיט ערד; נאָר קאָן דען דאָס אָנגערופען ווערען אַן ענטפער?"

היינע׳ס אויסדריקען זיינען דאָ, ווי שטענדיג, שאַרפער ווי זיי דאַרפען זיין, נאָר דאָך פאַרקלענערען זיי ניט דעם ווערט פון סוזשעט.

ניט זעלטען זיינען ביי איהם דאָ אויסדרוקען פון בענקשאַפט און איבערזעטיגקייט. מען דאַרף ניט לאַנג זוכען צווישען זיינע ליעדער אום צו געפינען אַ שטימונג, אין וועלכער עס ווערט אויס־געדריקט דאָס אָפּזאָגען זיך פון יעדען פרינציפּ, די פאַרשטיקונג פון יעדער שטרעבונג. ביי געטע׳ן טרעפען מיר ניט אַזעלכע. זיין „וואַניטאַס וואַניטום" און „איך האָב מיינע זאַכע אויף ניכטס גע־שטעלט", זיינען געוואָרען טיש־ליעדער. דאָס איז זעהר כאַראַקטע־ריסטיש פאַר איהם. מיט אַנדערע ווערטער, געטע׳ס פאַרצווייפלונג איז ניט פאַרקערפּערט אין אַ שטרענגער ערנסטקייט; דערפאַר רייסט זי זיך אַרויס און ווערט פאַרוואַנדעלט אין אַ לוסטיג־געפיהל. געטע האָט ניט געוואוסט פון אַזאַ געדריקטער שטימונג, וואָס דעם לע־בענ׳ס שלעכטער וועטער טהיילט איין, דערפאַר איז ער געוועזען מעהר אַנטי־קריסט ווי היינע.

אויף וויפיעל עס איז באַלעהרענד צו פאַרגלייכען דעם אויס־דרוק פון זעלבסטענטזאַגונג בייביידע דיכטער, אויף אַזוי פיעל איז אויך נוצליך צו פאַרגלייכען זייער מוטיגקייט, און זעלבסט־בייפאַל. געטע׳ס ליעד „פייגליכע געדאַנקען“ פון „קלאַודינע פאָן ווילאַבעלאַ“ איז זעהר כאַראַקטעריסטיש פאַר איהם: דאָס איז כמעט זיין לעבענס־לאָזונג. עס איז זיך זעהר שווער פאַרצושטע־לען אַ מעהר ענערגישען אױסדרוק פאַר דער כאַראַקטעריזירונג פון מענליכער באַשלאָסענהייט, ווי דער, וואָס זאָגט זיך אַרויס אין פאָלגענדער שורה: „זיך ערהאַלטען טראָץ אַלע געוואַלטען“ און ז. וו.

פאַרגלייכט עס מיט היינע׳ס ליעד: „צו דער חברה“, דאָס איז אַ וואונדערבאַר ליעד, וואָס איבעררראַשט, ניט נאַר מיט׳ן רוישיגען ריטם, נאַר אויך מיט די אויסערגעוועהנליך שעהנע ריימען. די ערשטע סטראָפע, וואָס גיט אַנצוהערעניש ווענען גאָלדענע עפּע־לער, וואָס היפּאָמען ווארפט אַטלאַנטען איז שוין אַליין פאַר זיך אַ פּראַכטפול שעהן ווערק:

„לאָז זיך ניט פאַרפיהרען מיט גאָלדענע עפּעלעך אויף דיין וועג. אויב די שווערדען וועלען קלינגען און די פּיקען וועלען רוישען, וועלען זיי דעם העלד ניט אָפּשטעלען“.

פון דעם העלד׳ס געשטאַלט, וואָס קיין צאָמען קאָנען איהם אויף זיין זיעגערישען מאַרש ניט אָפּשטעלען, געהען מיר איבער צום בילד פון אַלעקסאַנדער, וואָס דיענט אַלס ביישפּיעל פאַר אַ גרויסען העלד. עס ווערט דערצעהלט ווענען זיין אומערשיטערענדע שטאַרקייט און געוואַגטקייט:

„ווער עס איז דרייסט, דער מוז זיעגען. געה אומערשראָקען פאַראויס. די פּרינצעסינען וואַרטען שוין שטעהענדיג אויף די קניע אין דעם זיעגער׳ס געצעלטען. מיר געהען דרייסט פאַראויס, מיר שטרעבען צו זיעג, מיר ירש׳ענען דעם טראָהן און דאָס בעט פון דעם אַלטען דאַריאַ׳ן. אַ, בליהענדער אומגליק, אַ, זיסער טוידט! דער טריאומף־טויט פאַר׳שכור׳ט אין בבל׳ס־טויערען“.

נאָכ׳ן זיעג קומט דאָס בוקען זיך פון די פּרינצעסינס, די זיסקייט פון פאַרגעניגען, בליהענדער אומגליק, טריאומפיהרענדער טוידט אין דער פרייד־פאַר׳שכור׳ונג — וואָס׳ר אַ סאַרדאַנאַפּאַלע שטימונג איז אין דעם אויפרוף צו דער יוגענד, אין דער פּאָדע־

רונג פון פעסטשטעהן! דאַ קעמפט מען פאַר רוהם און פרויען אַלס טראָפּעען, און ניט פאַר דער פרייהייט פון דעם איינענעם „איך“, וואָס איז אַזוי איינפאַך אויסגע-דריקט ביי געטע'ן: „קיינ-מאָל זיך ניט בויגען, שטענדיג שטעהן פעסט — מיינט רופען די געטער צו הילף“. דאָס געפיהל איז ביי געטע'ן ריינער און פּור-לער, די שפּראַך איז איינפאַכער, וועהרענד היינע'ס מעלאָדיען פאַר-מאָגען כמעט אַן אומגעוועהנליך שעהנע אינסטרומענטאַציע. נאָר ביי געטע'ן האָבען מיר גאַרנישט פאַר די אויגען, קיין בילד שאַפט ער ניט. עס איז טיפּיש, וואָס ביי געטע'ן נעהמען די געפיהלען אַן אַן אומגעהייערען כאַראַקטער, נאָר ביי היינע'ן זיינען זיי מאָ-דערנער, מעהר געמישט, און אין גלייכער צייט איז די מעטרישע פאָרם מעהר צערטליך-פיהלענד, פאַרמאָגט מעהר קונסט, וואָס לאָזט ניט אויס די מינדעסטע איינצעלהייטען.

לאָמיר נעהמען דעם סוזשעט פון דערצעהלערישען און קינסט-לערישען כאַראַקטער, — וועגען די דריי הייליגע (וואַלכוועז), וועל-כע מען דערמאָנט אין טויף-טאָג. אין געטע'ס „עפּיפאַניאַם“ ווערט ער באַשריבען אויספיהרליך, פרעהליך, אין אַן עכטען פאָלקס-טאָן: „די דריי הייליגע קעניגען מיט זייערע שטערען“. יעדער פון די דריי הייליגע — דער ווייסער, רויט-לייביגער און שוואַרצער, ווערען באַשריבען מיט אַלע איינצעלהייטען, ווי זיי קוקען אויס, ווען אי-בערטהוענע געהען זיי פון איין הויז אין צווייטען, און דאָס ליעד ענדיגט זיך מיט פאָלגענדע ווערטער:

„דריי הייליגע האָבען פאַרטראַכט עפּעס גוטס ביי זיך אין האַר-צען, זיי האָבען געזוכט אַ מוטער מיט אַ פּיצעל קינד. דער פרומער יוסף האָט אויף זיי געקוקט, וועהרענד דער קאַלב און עזעל זיינען געלעגען אויף שטרוי“.

היינע באַציהט זיך ניט צו דער לעגענדע מיט אַ גרעסערע רעליגיעזיטעט ווי געטע, נאָר ער ווערט מעהר ערנסט, רעדט אין קירצערע אויסדרוקען, מאָהלט שאַרפער די קאָנטורען און עס באַ-קומט זיך אַ גאָר אַנדער עפעקט. געטע באַוועגט די מחות מיט זיין קינדערשער פרייד, מאָהלט מיט גרויסע שטריכען; היינע דרינגט אריין אין די טיעפקייטען פון געדאַנק, אַזוי אַז זיין שיל-דערונג ווערט איינגעקריצט אין דעם לעזער'ס געדאַנקען. ער באַ-

מיהט זיך צו מאַכען אַ איינדרוק, ווי עס מאַכט אויף אונז עפּעס אַ בילד פון אַן אַלטען פלאַרענטינער מייסטער.

„די היילינע דריי קעניגען פון מזרח פּרעגען אין יעדער שטאָדט: איהר, יונגע לייט און מיידלעך: „וועלכער איז דער וועג קיין בית־לחם?" ניט די אַלטע, ניט די יונגע וויסען עס. און די דריי פאָהרען ווייטער. זיי פאָלגען נאָך אַ גאָלדענעם שטערן, וואָס בלישטשעט ליעב און פרעהליך. דער שטערן שטעלט זיך אָפּ איבער יוסף'ס הויז. קומען זיי אַהינצו אריין; דאָס קאַלב ברילט, דאָס קינד שרייט, די דריי היילינען זינגען".

אַ קלוגער איינפאַל איז דאָס ליעד, אָבער וואָס'ר אַ האַרמאָניע! וואָס'רע קלאָרע פאַרבען! מעגליך וויינינ ווערטער — קיין איבעריגע איינצעלהייט, קיין איבעריגער שטריך, און דאָך דער סאַמע ריכטיג־אויסגערעכענטער, ניט־אָפּוועגדענדינער עפּעקט.

ווען מיר ווילען, ענדליך, צוטרעטען צו באַטראַכטען די ווייט־אָפּשטעהענדע פון דער ווירקליכקייט, געגענשטאַנדען, וועלכע באַ־געגענען זיך אין יעדער לירישער פּאָעזיע, ווי צ. ב. ש.. שלום, גליק, אומגליק און מיר ווילען אויף דעם געביעט פאַרגלייכען היינע'ן מיט געטע'ן, וועט זיך דאָ אויך אַרויסצייגען, אַז געטע פאַרמאָגט אַ פולערען טאָן און היינע — אַ גרעסערע באַשטימטקייט פון קאָנ־טורען.

געטע האָט אַזוי געשריבען וועגען שלום:

„דו, וואָס ביזט אין דערזעלבער מאָס טייער דעם הימעל ווי דער ערד, וואָס היילסט אַלע ליידען און וועהטאָגען, מאַכסט צווייפאַכיג גליקליך דעם, וואָס איז צווייפאַכיג אומגליקליך! אַך, איך בין אַזוי מיעד פון'ם לעבען!... צו וואָס זיינען די אַלע צרות און פאַרגעניגען?... שלום, וואָס דו ביזט אַזוי זיס פאַר דער גאַנצער וועלט, קום, קום און מאַך פול מיין הארץ".

דאָ, ווי איהר זעהט, זיינען ניטאָ קיינע געגענשטאַנדען, קיינע פאַרקערפּערונגען. די שטימונג וואַקסט אויס פון די ערשטע זעקס פערזען ביז'ן אויסרוף: „דער שלום איז אַזוי זיס", — וועגען וועמעס קומען דער שרייבער איז ניט אינגאַנצען זיכער.

פאַרגלייכט די פאָלגענדע פאַרקערפּערונג פון גליק און אומ־גליק ביי היינע'ן.

„גליק — איז אַ לייכטזיניג מיידעל, וועלכע האַלט זיך ניט לאַנג אויף איין אָרט; זי טהוט דיך פרעהליך אַ גלעט איבער'ן קאָפּ און אַנטלויפט. דער אומגליק — איז אַ שווארצע פרוי, וואָס דריקט דיך ליעב צום הארצען, זאָגט, אַז זי האָט זיך ניט נאָך וואָס צו איילען, זי זעצט זיך נעבען דיין בעט און שטריקט".

עס איז שווער מיט אַזוי ווינציג ווערטער פאַרוואַנדלען צוויי געגענשטאַנדען אין צוויי לעבעדיגע פיגורען, און דאָס שטודירען פון די מיפען האָט, גלויב איך, קוים געקאָנט דערגרייכען צו אַזאַ הויך, ווי אין די לעצטע צוויי שורות פון דעם ליעד, אונטער וועלכע עס באַהאַלט זיך אַזאַ טיעפע און שרעקליכע ערפאַהרונג.

מיר האָבען געזעהן, אַז היינע האָט זיך געלערענט ראָמאַנטיק ביי א. וו. שלעגעל'ן, וועלכער האָט ביי איהם ענטוויקעלט געשמאַק און איינבילדונג. צוערשט האָט ער זיך אָפּגעגעבען מיט ראָמאַנ־טישע מעשיות פון שדים, און מיט אַלטע ראָמאַנטישע לירישע אויסדריקען. אין דער מעטריק פון זיינע יוגענדליכע ליעדער מאַכט ער צוערשט נאָך ווילהעלם מילער'ן, וועמען ער שטודירט זעהר פלייסיג; אין זיין מעהר באַוואוסטען ליעדער באַנוצט ער זיך מיט קלעמענס ברענטאַנאָ. נאָר גיך האָט ער באַקומען אַן אייזער־נעם סטיל, וואָס צייכענט זיך אויס מיט אַ קורצער שילדערונג פון שטימונגען, געדאַנקען און בילדער. זיין אָריגינעלע אייגענטימליכ־קייט איז די שטאַרקסטע קורצקייט. היינע מאַכט פאַר אונז אַלץ אויסקוקען לעבעדיג, נאָהענט, פיהרט אריין אפילו אין די רוהיגע סוזשעטען אַ נערוועזע, אָפּט אַ דעמאָנישע ליידענשאַפט, ניט זעל־טען דערפיהרט ער די מימיק ביז קאַריקאַטור, פאַרבייט אַמאָל דאָס טאָג־ליכט אויף דעם העלען עלעקטרישען ליכט, — אַזאַ אומנאַ־טירליכקייט באַגעגענט זיך אַמאָל איז דער נאַטור. דער הויפּט־מיטעל, מט וועלכען ער באַנוצט זיך, איז דער פּאַעטישער עפּיגראַם.

צוליעב זיין אייגענטימליכער נאַטור, וואָס איז אַ צונויפמיש פון שאַרפזיניגקייט מיט פאַנטאַזיע, צייגט ער אָפט ארויס אַ נייי־גונג צו קאָנטראַסטען, צו זוכען אומעטום שאַרפקייט, ווידערשפּרו־כען, און אַ פאַרליעבע צו עפעקטען, וועלכע באַקומען זיך ווען אַ רוהיגע, וואָכעדיגע ווירקליכקייט רייסט זיך אריין אין דער פּאַעטי־שער פאַנטאַזיע, אָדער ווען די בילדער ווערען בלאַס און פאַר־

הילט מיט אַ נעבעל, אום אָפּצוטרעטן דאָס פּלאַץ פאַר דער נוט־באַקאַנטער ווירקליכקייט.

זיין שילדערונג איז מאָדערן: אַלץ איז ביי איהם אויבען אויף, אַלץ וואַרפט זיך אין די אויגען. וואָס מיינט זיין אַ גרויסער שריפטשטעלער? דאָס מיינט, אַרויסרופען בילדער און שטימונגען, בילדער מיט דער הילף פון שטימונגען, און שטימונגען מיט דער הילף פון בילדער. היינע האָט איז זיך ענטוויקעלט צום מייסטען די לעצטע פעהיגקייט און מיידט קיינמאָל ניט אויס צו געבען אַ דייטליכען קאָנטור און שאַפען אַ קינסטלערישען עפעקט.

דערגרייכענדיג די העכסטע שטופע פון זיין ענטוויקלונג, האָט ער זיך דערהויבען איבער אַלע זיינע לעהרער און צייט־גענאָסען. אום צו פאַרשטעהן די קראַפט פון זיין סטיל און בויגינקייט מוז מען איהם פאַרגלייכען מיט'ן גרעסטען סטיליסט פון זיין צייט — געטע'ן. ביי אַזאַ פאַרגלייכונג מוז ער אָפּט אָפּטרעטען דעם וועג פאַר געטע'ן, נאָר ניט זעלטען דערהויבט ער זיך כמעט צו יענעמ'ס הויכקייט. עס איז שוין נענוג כבוד פאַר איהם וואָס מען קאָן, און אַמאָל מוז מען, איהם פאַרגלייכען מיט געטע'ן.

סטיל איז דער אויסדרוק פון פערזענליכקייט און געוועהר פאַר ליטעראַרישען קאַמף. געטע'ס סטיל, ניט קוקענדיג אויף זיין גרויסקייט, איז זעהר צושוואומען, און דערפאַר ניט מאָדערנע. נאָר היינע'ס סטיל איז אַ געוועהר, מיט וואָס ער האָט זיך באַנוצט אין דער בעסטער צייט פון זיין טעטיגקייט, ווי מיט אַן אַלט־שפּאַנישען געוועהר, וואָס בויגט זיך אויס ווי אַ פרוזשינע און קאָן ניט צוברעכען ווערען אַן שטאָלענעם פאַנצער. און איז מעהר פאַר אַלץ נויטיג אום מלחמה צו האַלטען מיט דער בייזקייט און העסליכקייט, מיט דעם פראָסט און שטורם, מיט'ן קאָנטראַסטען־רייך פון דער איצטיגער צייט. ער האָט אויך פאַרמאָגט אַ גרויסע פעהיגקייט צו ווירקען אויף די נערוועז פון די לעזער, צוליעב זייער שטאַרקער נייגונג צו זיסע און ביטערע געדאַנקען.

• • •

אומצווייפעל, אַז קיין זאַך האָט היינע'ן ניט קאָליע געמאַכט אין די אויגען פון די שפּעטערינע דורות אַזוי פיעל, וויפיעל זיין

אָפענהערציגקייט וועגען זיינע ליעבעס־ערפאַהרונגען. איינינגע ליעדער האָבען צוליעב דעם אַ שלעכטע רעפּוטאַציע, ווי, למשל, די, וועלכע זיינען געזאַמעלט אונטער׳ן נאָמען „פאַרשיידענע“: איינינגע פון זיי זיינען אומשולדיגערהייט פאַראורטיילט געוואָרען. אַנדערע האָבען, ווירקליך, מיאוס׳ע סוזשעטען און צייכענען זיך ניט אויס מיט קיין איידעלען אינהאַלט. געטע אין „דער גאָט און די באַיאַדערע“ האָט אונז איבערצייגט, אַז געוואַגטע סוזשעטען קאָנען פאַרפיינערט ווערען דורך אַ גוטען סטיל, און אפילו דאָרט, וואו ער רעדט, ווי אין די ווענעציאַנישע עפּיגראַמען, וועגען די באַיאַדערקעס, ווען די ליעבע מאַכט ניט לייטישער, און רעדט דאָרט פיעל וועגען דעם דיכטער׳ס באַציהונג צו זיי, דיענט די אַנ־טיקע עפּיגראַמען־מאָס אַליין אַלס פאַרפיינונגס־מיטעל, און דערצו ערלויבט זיך ניט דער דיכטער קיין איין אומווירדיג וואָרט; חוץ דעם ווערען די קליינע איבערגעהאַקטע עפּיגראַמען פאַרטרונקען אין אַ מאַסע פון געטע׳ס אַנדערע ליעדער, און לייענענדיג זיי פיהלסטו, אַז געטע איז דער מענש, ווען די נאַטור האָט באַשאַפען נאָר צוליעב דעם, אום זי זאָל דורך איהם קאָנען זעהן, ווי אַזוי זי אַליין זעהט אויס.

ביי היינען פאַרנעמט די אָפענהערציגקייט וועגען זיינע פאַר־העלטעגישען צום צווייטען געשלעכט זעהר פיעל פּלאַץ און צייכענט זיך ניט שמענדיג אויס מיט געשמאַק. דאָס גיט איהם צעהן לעזער פאַר איינעם, ווען עס שטופט אָפּ, נאָר אָט דער איינער וואָס דרעהט זיך אוועק איז מעהר וויכטיג, ווי די צעהן, וואָס זיי־נען פאַרבליבען.

דאָך פאַרנעהמט די אָפענהערציגקייט אַ געוויסען טייל אין זיין שטאַרקייט. זי האָט געקאָנט טראָגען ניט אַזאַ פּערזענליכען כאַראַקטער. נאָר זי איז נויטיג פאַר דעם, וואָס וויל אויסדריקען אין זיינע ווערק ניט נאָר ערנסטקייט, נאָר אויך קאָמיזם. דאָס און אַנדערע פּערזענליכע צינישע אַנפאַלען דערנעהנטערען היינע׳ן צום גרעסטען פּאָעט־סאַטיריק פון אַלע צייטען — אַריסטאָפאַ׳ן.

צום סוף פון זיין „ווינטער־מעשה׳לע“, באַלד נאָך אַ ריזיקאַ־לישער שטעלע, וואו ער ערקלערט, ווי אַזוי ער האָט אויסגעשמעקט ידיעות וועגען דייטשלאַנד, אַריינלעגענדיג דעם קאָפּ אין קאַרל דעם

גרויסענ׳ס טראַהן, דערצעהלט היינע, אַז די הערליכסטע גראַציעס האָבען אַנגעצויגען די סטרונעס פון זיין לירע און אַז די לירע איז דיזעלבע, וואָס דער פאָטער, דער גליקזעליגער הערר אַריס־טאָפאַן, דער מוזע׳ס געליעבטער, האָט אַנגעצויגען. ער גיט צו, אַז אין זיין לעצטען קאַפּיטעל האָט ער נאָכגעמאַכט „צו די פויגעל״, — די בעסטע פון זיין פאָטער׳ס דראַמעס.

ער האָט זיך דעריבער באַטראַכט אַזוי גרויס, וואָס ער האָט מיטגעבראַכט זיין קונסט פון דעם גרעסטען סאַטירישען דיכטער פון אַלט־גריכענלאַנד.

אין דער ערשטער מינוט איבערראַשט עס אונז; ווארים אין דער צייט, ווען פאַרשיידענע אַנדערע דייטשע דיכטער, ווי פּלאַטען און פּרוץ, האָבען זיך געמיהט נאָכמאַכען די פאָרמען פון אַריסטאָ־פאַנ׳ס קאָמעדיעס: די טרימעטרעס, כאָרעס, פּאַראַבאַזעס, דער גאַנצער קונסט־פאָרם, דער פרייער און פּינקטליך־באַשטימטער, ווי זי איז באַשאַפען געוואָרען אין שולע פון די גריכישע סאַטיריקער, האָט היינע אפילו ניט געמאַכט קיין פאַרזוך איבערצונעהמען אָט די פּאָעטישע קונסט־פאָרם, ווי, אין אַלגעמיין, יעדע אַנדערע, פאַר איהם פרעמדע, פאָרמען. זיין אָריגינאַלע אייגענטימליכקייט באַ־שטעהט אין דעם, וואָס כאָטש ער האָט שטאַרק און געוויסענהאַפט געשטרעבט צו דערגרייכען אַ פאָלקאָמענע מעטריק, אַ זיכערקייט און געשיקטקייט אין אויסדרוקען — איך האָב נאָך קיינמאָל ניט געזעהן אַזאַ באַשפרינקעלטען מיט אויסבעסערונגען מאַנוסקריפּט ווי פון זיין „אַטטאַ טראָלל״ אין דער קעניגליכער בערלינער ביב־ליאָטעק — דאָך איז ער געווען קראַפּטלאָז אונטערצופאַלען דעם קינסטלערישען יאָך, וואָס די פאָרם פון אַ גרויס ווערק לעגט ארויף. אַ דאַנק אָט דער אייגענטימליכקייט זיינער. דער פאַר זיינען די פּלענער פון זיינע גרעסערע ווערק שטענדיג צואַשוואַומען, בעת יעדע איינצעלהייט באַזונדער איז פּלייסיג באַאַרבייט.

מען קאָן זאָגען אָהן איבערטרייבונג, אַז אַלס קינסטלער האָט היינע זיך קיינמאָל ניט געשטעלט קיין פראַגען צום לעזען.

אין איינציג מאָל האָט ער געמאַכט אַ פאַרזוך אָנצושרייבען אַ פּראָזאַאיש ווערק, אַ ראָמאַן אָדער אַ נאָוועלע. עס איז פאַר־בליבען אַ פראַגמענט; וואָס עס איז געוואָרען מיט דעם אי־

בערינגען טהייל פונ׳ם ווערק, צי ס׳איז פאַרניכטעט געוואָרען בעת׳ן פייער, ווי מען זאָגט, אָדער עס איז קיינמאָל ניט פאַרענדיגט געוואָרען, ווי איך דענק — בלייבט אומבאַקאַנט. און אפילו דער טהייל פונ׳ם ווערק „דער באַכראַכער רב“, וואָס איז געבליבען, ווען מען קוקט זיך גוט צו געפינט מען אויס, אַז עס איז אַ באַשרייבונג פון היינע׳ס פּערזענליכען לעבען, וואָס איז איבערגעטראָגען אויף דער וויטער פאַרגאַנגענהייט.

היינע האָט קיינמאָל ניט געפּרואווט זיינע כחות אין דער שטרענג־בינדיגער מעטרישער קאָמפּאָזיציע. זיינע צוויי איינציגע, גרעסערע פּאָעטישע ווערק „אטטא טראָלל“ און „דאָס ווינטער־מעשה׳לע“ זיינען פרייע, קאַפּריזנע פאַנטאַזיעס, זייף־בלאָזען, וואָס שוועבען נאָר אין די טרוימען, און זיינען צוזאַמענגעבונדען נאָר מיט דער טאָן־איינהייט און מיט דער איינגענאַרטיגקייט פון דעם אינערען געבוי.

היינע׳ן איז קיינמאָל אויפ׳ן זינען ניט געקומען איבערצוזעצען אָדער באַאַרבייטען אַריסטאָפאַנ׳ען. ער איז אין דער הינזיכט ניט געווען עהנליך צו געטע׳ן, וועלכער, ניט קוקענדיג אויף זיין אומגעהויער אָריגינעלע שאַפונג, האָט איבערגעזעצט און באַאַרבייט פאַר זיינע לאַנדסלייט דידראָ, בענווענוטאָ, טשעלינין און וואָל־טער׳ן. באַקענענדיג זיך מיט אַריסטאָפאַנען איז געטע פון איהם באַגייסטערט געוואָרען, און ביי איהם — ניט ביי היינע׳ן — איז געבוירען געוואָרען דער געדאַנק צו איבערזעצען „די פויגעל“, נאָר — וואָס ס׳איז מערקווירדיג — ער מאַכט אַ גאַנצע איבערקעה־רעניש אין אַריסטאָפאַנ׳ס קאָמעדיע דערמיט, וואָס די סאַטירע ווערט פון אַ פּאָליטישער פאַרוואַנדעלט אין אַ ליטעראַרישער. צוויי פּערזאָנען, אומצופרידענע מיט׳ן פּאָליטישען סיסטעם, ווערען פאַר־וואַנדעלט ביי געטע׳ן אין ליטעראַרישע אַוואַנטיורען־זוכער. מיט דער סאַווע וויל ער — ווי מען קאָן זעהן אין יאַקאָבי׳ס בריעף צו הייזע׳ן — איבערראַשען קלאָפּשטאָקען און מיט׳ן פּאַפּוגאַי — קראַמער׳ן. אין עפּילאָג פון דער באַאַרבייטונג גיט געטע אַריס־טאָפאַנען אַז אומשטערבליכען צונעמעניש: „דער שטיפעריש גראַציע־געליעבטער“, וואָס קאָן אַזוי גוט צוגעשריבען ווערען היינע׳ן.

בלי ספק איז היינע דער שאַרפזיניגסטער מענש אויף דער וועלט, יעדענפאַלס, דער שאַרפזיניגסטער מענש אין דער נייער געשיכטע. אמת, וואָלטער איז טאַקע אַ פאַרקערפּערונג פון שאַרפזיניגקייט, נאָר זיין שאַרפזיניגקייט איז אַ דענקענדע און טרוקענע, ניט קיין פּאָעטישע, ניט פול מיט פאַנטאַזיע ווי היינע'ס.

ניט קלוג האָט געטאָן דער שטאָלצער פּלאַטען אין זיין צייט אַרויסלאָזענדיג אַ ווערק, וואָס האָט אויסגעלאַכט היינע'ן: „ראָמאַנטישער עדיפּ", נאָכמאַכענדיג די אויסערליכע פאָרם און דעם מאַנער פון אַריסטאָפאַנ'ס קאָמעדיעס; עס איז געווען אַ דורכפאַל, וואָרים נאָר די שעהנקייט פון פאָרם און די גראָבע ווערטער זענען עהנליך געווען צו אַריסטאָפאַנ'ס. ביי היינע'ן פאַרקערט, זיינען פאַראייניגט געווען אַלע אַריסטאָפאַנ'ס מעלות: שאַרפזיניגקייט, פרייער אויסדרוק, פאַנטאַזיע, צערטליכע ליריק און ציניזם — אַלץ אין אַ גראַציעזער פאָרם. אָהן גראַציע און שאַרפזיניגקייט איז ציניזם, אָהן צווייפעל, נידעריג און אָפּשטויסענד. נאָר צוזאַמען מיט פיעל אַנדערע הויכע מעלות, האָט די אומפאַרשעמטקייט אַ גרויסע ווירקונג. אַ דיכטער, אַריסטאָפאַנ'ס נאָכפאָלגער, מוז און דאַרף ניט האָבען די שטאָלצקייט, וואָס לאָזט ניט דעם דיכטער שרייבען אום צופרידענשטעלען דאָס פּובליקום, און צופרידענשטעלען די, וואָס פאַרשטעהען אַיך נאָר דעמאָלט, ווען זיי באַגעגענען זיך מיט אַיך אין זומפּ. ער טאָר אין קיין פאַל ניט זיך צוריקהאַלטען דערפון צו ברענגען זיין „איך" אַלס קרבן, ד. ה., זיין מאָראַלישען „איך", אום צו קריגען אַ גרעסער פעלד פאַר זיין ליטעראַרישער טעטיגקייט.

קיין שום נוצען וועט ניט ברענגען דאָס, וואָס דער מחבר וועט, ווי פּלאַטען (אָדער ווי האוך אין דאָס „בויען פון דעם בבל־טורעם") זיך באַמיהען צו מאַכען אַן איינדרוק אַלס אַ „הערליכער דיכטער", און זוכען כבוד פאַר זיין פּערזענליכקייט, — קיין גוטס וועט ניט אַרויסקומען, אויב ער וועט אויסשרייען זיין פאַרלאַנג „באַזיעגען זיינע געגנער מיט אמת'ער שאַרפזיניגקייט". מען קאָן ניט אין איין און דערזעלבער צייט אַרויסטרעטען אַלס אַן איידעל־מאַן און אַריסטאָפאַנ'ס נאָכפאָלגער. ווערסט האָבען אַ דורכפאַל אין דער

לעצטער הינזיכט, אויב דו וועסט צוגעבען א גרעסערע באַדייטונג דער אַכטונג פון אַנדערע, איידער דעם זיעג פון קונסט. נאָר ביי די אמת׳ע אַריסטאָפאַנ׳ס נאָכפאָלגער באַקומט די דיכטונג, פאַר־קעהרט, אַ גרעסערען ווערט, ווי זי איז געווען פאַר די דיכטער, וואָס זיינען מעהר פּייערליך אין זייערע שאַפונגען, ווי אַ שטיינער, שילער און הוגאָ. זי שפּיגעלט אָפּ דעם מענשען׳ס לעבען אין גאַנצען, פון די העכסטע ביז די נידעריגסטע פונקציעס.

ווי קליין עס זיינען די פאָרמאַלע פאַרבינדונגס־פונקטען צווי־שען היינע׳ס סאַטירישע ליעדער און אַריסטאָפאַנ׳ס פאַנטאַסטישע קאָמעדיעס, נאָר דאָך קאָן מען זאָגען, אַז זינט דער צייט פון דעם קלאַסישען אַלטערטום איז ניט געבוירען געוואָרען נאָך אַ דיכטער, וואָס זאָל זיין עהנליך צו אַריסטאָפאַנען, אַזוי ווי היינע.

אָט דער גערעדטער איז ניט דער אויסגאַנג פון דער ניט־פאַר־שטענדניש פון דעם גרויסען אונטערשייד, אינ׳ם כאַראַקטער פון אָט דיביידענס דיכטער׳ס ווערק. אַריסטאָפאַנ׳ס קאָמעדיעס מיט זייער גראַנדיעזער און פּינקטליך־באַשטימטער קינסטלערישער פאָרם, איז דער אויסדרוק פון קינסטלערישען שטודיום פון אַ גאַנץ פאָלק; זי איז דער רעזולטאַט פון רעליגיעזע פייערונגען, וואָס זיינען פאַראַנשטאַלט געוואָרען לכבוד דער מאָנומענט־פייערונג. זייענדיג אויסגעטראַכט און באַאַרבייט צוערשט פון פיעל טאַלאַנטפולע פאַר־גענגער, ווען עס סטיל איז געווען איינאַרטיג, און דער טאַלאַנט — עהנליך איינער אויפ׳ן צווייטענס און איז איבערגעגאַנגען בירושה צו אַריסטאָפאַנען, פונקט אַזוי ווי שעקספּיר האָט איבערגענומען זיין טאַלאַנט פון זיינע פאָרגענגער, זיינען אַריסטאָפאַנ׳ס קאָמעדיעס מיט זייער פאָרם, אַן ארבייט פון פיעלע הענט, נאָך אין אַ גרעסערער מאָס ווי היינע׳ס סטראָפען. ניט לעגענדיג אפילו קיין אויפמערק־זאַמקייט צו יעוופּאַליע׳ס און קראַטינ׳ס באַשולדיגונגען, אַז אַריס־טאָפאַן האָט זיך באַנוצט מיט דער ארבייט פון זיינע פאָרגענגער קאָנען מיר, פון די „ריטער" אַליין זעהן, אַז דער קאָמיקער מאַגנעס האָט שוין אויפגעפיהרט אויף דער ביהנע פיעסען מיט די נעמען: „פוינעל", „איידלען", „זשאַבעס". דער כאָר, צונויפגעשטעלט פון פוינלען, חיות, פליגען איז ניט אויסגעטראַכט געוואָרען פון אַריס־טאָפאַנען, נאָר ער האָט דאָס איבערגענומען. נאָר דערפאַר וואָס

אונז זיינען אומבאַקאַנט די פאַרגעננער פון דעם גריכישען דיכ־טער, קוקען מיר אויף זיינע ווערק ווי אויף ריין־אָריגינעלע, ווי אויף אַ טיפּ פון דער גרויסער פאַנטאַסטישער סאַטירע, און כמעט אַלע איצטיגע סאַטירעס און פאַנטאַזיעס זיינען בלאַס און שוואַך אין פאַרגלייך מיט אַריסטאָפאַנ׳ס סאַטירעס, וואָס איבערראַשען מיט זייער דרייסטקייט.

זיין וועלט איז איבערגעדרעהט אויף דער צווייטער זייט. ווען אין „פריעדען" זאַטעלט טריגאַי אַז אַ מיסטיגען זשוק, און הויבט זיך אויף איהם אויף, ווי אויף פּעגאַסען, אין דער לופטען צו געטערס הייזער, אָדער ווען ער שלעפּט מיט אַ שטריק אַרויס דעם פרידען פון אַ טיעפען ברונעם, וואוהין די מלחמה האָט איהם אריינגע־וואָרפען, ווערט ווענען דעם גערעדט, ווי וועגען גאַנץ מעגליכע זאַ־כען, און אַריסטאָפאַן לאָזט דורך אָט די געשעהענישען אָהן שום זייטיגע ערקלערונג, אַזוי אַז מיר מוזען גלויבען אין דער מעגליכ־קייט פון אַזעלכע ערשיינונגען. ווען מיר הערען אין די „פויגלען", ווי אַזוי איינפאַכע יונגען, וואָס טרעטען אַרויס אין ראָלען פון חכמים, ענטוויקלען זייערע אומזיניגע פּלענער צו בויען אַ שטאָדט אין די וואָלקענס, קלינגט דאָס צוערשט אין אונזערע אויערען ווי אַ משוגע׳נע פּלאַפּלעריי, און ווען מיר זעהען ווייטער, ווי די פויג־לען הערען זיך צו מיט יראת הכבוד צו זייערע רייד, טראָגען מיר נים אַרויס פון דעם בילד קיין שמייכלענדע מיינונג וועגען די פויגעל׳ס נעדאַנקען, פאַרקעהרט, עס באַקומט זיך אַ קאָמישער איינדרוק, אַז די נאַרישע פויגלען ערוואַרטען אַ רעטונג פון די אַראַטאָרס. נאָר ווען מיר ווערען דערנאָך געוואָהר, אַז אַזאַ שטאָדט איז טאַקע אויסגעבויט געוואָרען, אַז אַלץ האָט זיך איינגעגעבען אויפ׳ן בעסטען אופן, און מיר זעהען ווי דאָס גליק באַלוינט פאַר׳ן אונטערנעהמונגס־גייסט דערפיהלען מיר, אַז די וועלט, וואָס מיר באַאַבאַכטען איז גאָרניט די געוועהנליכע וועלט, אין וועלכער מיר לעבען — דאָס איז גאָר אַ גאַנץ אַנדער וועלט, וועמעס געזע־צען זיינען אין ווידערשפּרוך מיט אונזערע.

אָט די נייע וועלט איז אַ ריין־פאַנטאַסטישע און ווידערשפּרעכט די געזעצען פון ווירקליכקייט און נאַטור. דאָס איז די וועלט, וואו אומזיניגקייט זיעגט, און דער דיכטער געפינט, אַז אַזוי דאַרף זיין.

נאָר רעמאַלט, ווען דער צוזעהער באַדענקט זיך, ו ו א ו עס גע־פינט זיך אַט די איבערגעדרעהטע וועלט, ו ו א ו דאָס אַלץ קומט פאָר, וואו די פּאָליטישע אומפּאַרשעמטקייט נעהמט אַן אַזעלכע גראַנדיעזע מאַסען און פאַלט ניט נאָר ניט דורך, נאָר פאַרקערט, קריעגט אַלעמענ׳ס צוטרוי און ווערט באַלוינט פאַר איהרע מעשים — קערט ער זיך צוריק אום צו דער ווירקליכקייט און אין דער וועלט דערקאַנט ער זיין אייגענע, דערקאַנט ער זיין געבורט־פּלאַץ, די אַטענער.

פון אַריסטאָפאַנ׳ס פּיעסען, וואָס זיינען פאַרבליבען ביז היינ־טיגען טאָג, שפּיעלען זיך די „פויגלען“, „זשאַבעס“ און דער „שלום“ ניט אַפּ אויף דער ערד, אָדער, אַמוועניגסטענס, ווערען זיי ניט אינגאַנצען אָפּגעשפּיעלט אויף דער ערד. די האַנדלונג קומט פאָר אָדער אונטער דער ערד, אָדער אין דער לופטען. נאָר אין די קאָמע־דיעס ערשיינען געטער, אָבער זיי ווערען אויסגעלאַכט, געשלאָגען און געשטופּט. אין דער אמת׳ער וועלט ערשיינען זיי ניט, וואָרים מען גלויבט זיי נאָר אין דער פאַנטאַסטישער.

היינע, אַלס מאָדערנער דיכטער, ערלויבט זיך ניט צו שילדערן אַזאַ איבערנאַטירליכע וועלט, כאָטש ער קאָן זיך אָהן איהר ניט באַגעהן. דערפון נעהמט זיך וואָס ער געברויכט, אָדער מיס־ברויכט אַפּט אפילו פאַרשיידענאַרטיגע זייטען פון דער פאַנטאַס־טישער וועלט; איך גלויב קוים, צי מען קאָן אַזוינס טרעפען ביי אַן אַנדער מאָדערנעם דיכטער. נאָר מאַכענדיג אַ פאַנטאַסטישע ראַהם, שטעלט ער אַהין אַריין אויך דאָס איבערנאַטירליכע אויפ׳ן אַריסטאָפאַנישען אופן.

ווי מיר האָבען שוין אויבען געזאָגט, איז ער עהנליך אויף אַריסטאָפאַנען מיט דער טיעפקייט פון זיין אומפאַרשעהמטקייט און מיט׳ן שוואונג פון זיין ליריק.

אמת, אַנצוהערענישען וועגען שלעכטער פאַרדייאונג און אַזוי ווייטער פאַרנעהמען ביי היינע׳ן ווינציגער פּלאַץ ווי ביי אַריסטאָ־פאַנען, וועלכער, ווי ער האָט אַליין געזאָגט, האָט פאַראַכטעט אַט דעם סאָרט קאָמיזם. ער איז גוט, ווי אַריסטאָפאַן האָט זיך אויס־געדריקט, נאָר אום אַרויסצורופען אַ געלעכטער ביים דעם עם־האָרצ׳ישען פּובליקום. נאָר דאָך האָט היינע אָפּט און פיעל גערעדט

וועגען אַזעלכע זאַכען. (צומיינסטען אין זיינע אַנפאַלען אויף פּלאַטענען), און מיר זעהען, אַז ער דערמאַנט כמעט אַזוי אָפט ווי אַריסטאָפאַן, פאַרשיידענע העסליכע פליגען.

היינע האָט זיך ניט געקאָנט, פאַרשטעהט זיך, ערלויבען אַזאַ פרייע שפּראַך וועגען געשלעכט-באַציהונגען, ווי די אַלטע גריכען, נאָר ער האָט זיך באַלוינט מיט זיינע אַנצוהערענישען, וואָס האָבען פאַלשטענדיג פאַרביטען דעם פרייען אויסדרוק. אָפטמאָל זאָגט ער זיך אָפּ פון יעדען צודעק און דער ציניזם, וואָס האָט זיך באַהאַלטען אונטער אַ שמייכעל אָדער גרימאַסע, האָט זיך אויפגעדעקט אין זיין גאַנצער פּראַכט, צוםביישפּיעל, צום סוף פון „ווינטער-מעשה׳לע“, אין דעם ליעד „אומגלויבען“ און ז. וו.

און ווידער אַמאָל זעהען מיר ביי איהם אַ עהנליכען צו אַריסטאָפאַנען שטריך: ביים שילדערען אַ מענשען האָט זיך היינע דערהויבען ביז דעם העכסטען, איידעלען און צאַרטען ליריזם. דערזעלבער דיכטער, וואָס ווייסט אַזוי גוט די מאַטעריעלע ענטשטעהונג פון אַלע וועזענס אין דער נאַטור, ברענגט אין איינעם פון זיינע ליעדער אַרויס אַלע פונ׳ם נאַכטיגאַל:

„אין אַנפאַנג איז די נאַכטיגאַל געבוירען געוואָרען און אָנגעהויבען זינגען דאָס וואָרט: ציקיוט, ציקיוט“.

אָט די ליעדער דערמאָנען די וואונדערבאַרע ליעדער אין די „פויגלען“:

„טייערע, ליעבע! דו ביזט ביי מיר טייערער פון דעם אַלע-עקזיסטירענדען! מיין פריינדין, די ליעבהאַבערין פון וואַלד-איינזאַמקייט! ועסטו קומען? ועסטו קומען? ועסטו פאַרבלייבען?“ און ז. וו.

היינע, ווי אַריסטאָפאַן, פיהרט אַן אַ קאַמף מיט די געטער. נאָר פאַרשטעהט זיך, זיין סאַטירע איז פאַרזיכטיגער ווי ביי די אַלטע גריכען: די איצטיגע וועלט איז ניט מוחל אַזוי גיך קיין שפּאַסען וועגען אַזעלכע זאַכען, ווי די אַלטע וועלט. ווען דיאָניסי, דער קאָמעדיע-גאָט, ערשיינט אַלס באַריהמער און שרעקענדיגער, באַקומט ער קלעפּ פון אַלע זייטען און צולעצט בעט ער זיין ריטער, וועלכער פאַרנעהמט אַ בכבוד׳יג פּלאַץ צווישען די צוהערער, אַז ער זאָל איהם העלפען אין זיין אומגליק — אַריסטאָפאַן האָט גע-

קאַנט שילדערען אַזעלכע בילדער; נאָר היינע, וועלכער האָט געשריבען אונטער׳ן דרוק פון דער צענזור פון דער מאָדערנער געזעלשאַפט און פּאָליציי, האָט ניט געטאָרט זיך ערלויבען אַזאַ גאָטסלעסטערונג. נאָר דאָך ערלויבט ער זיך פון צייט צו צייט אַריינוואַרפען אַן אומשולדיגען שפּאַס, אַ פרעהליכען וויץ, און, צומאָל אַן אויסערגעוועהנליך־בייסענדען סאַרקאַזם. עס איז באַקאַנט, ווי אַזוי גיאַצינט ערקלערט אין „די רייזע בילדער" די באַדייטונג פון פאַרשיידענע רעליגיעס. ער פּאַלט אַן אויפ׳ן קאַטויליציזם, וואָס מיט זיין גלאָקען־קלינגען, פימיאַן־רויכערען און „מעלאַנכאָליע" איז עס ניט קיין רעליגיע, וואָס זאָל פּאַסען פאַר אַ האַמבורגער; ער שטראָפט דעם פּראָטעסטאַנטיזם און מאַכט אַ לאָטעריע פון דעם תפלה־צעטעל, וואָס ער געפינט אויף אַ שוואַרצער ברעט אין איינעם פון די לוטעראַנישע קירכען, און לייקענט אויך אָפּ די אידישע, מיט די באַוואוסטע ווערטער: „דאָס איז ניט קיין רעליגיע, נאָר אַן אומגליק".

פרעהליך און דרייסט איז דאָס ליעד „ויכוח", וואו דער רבי און דער קאַפּוצין ערקלערען יעדערער זיין דאָגמאַ, און לויבען יעדערער די הייליגקייט פון זיין רעליגיע מיט די העסליכסטע אויסדרוקען, ביז וואַנען דעם קעניג׳ס טאָכטער, וואָס דאַרף שליכטען דעם קריעג, ענטזאָגט זיך דערפון, ערקלערענדיג, אַז זי קאָן עס ניט טאָן; דאָס איינציגע וואָס זי באַמערקט איז דאָס, אַז אי פון דעם רב, אי פון דעם קאַפּוצין הערט זיך אַ שלעכטער גערוך. דאָס אָפּשפּעטען פון דער רעליגיע נעמט ענדליך אָן אַ דראַמאַטישען כאַראַקטער, אין דעם פּלאַץ אין היינע׳ס בוך וועגען בערנען, וואו ער דערצעהלט, אַז זייענדיג אויפ׳ן העלהאָלאַנד פּלעגט ער אָפּט דיספּוטירען מיט אַ פּרייסישען יוסטיץ־ראַט וועגען דער דריי־איינינגקייט, און אַז זייערע קולות פּלעגען אַראָפּנידערען אויף דער דינערסטעליע אין אונטערשטען גאָרען, וואו דער פּלעגמאַטישער האָלענדער פּלעגט אין דערזעלבער צייט ערקלערען דער בעל־הבית׳טע דעם חילוק צווישען דעם געטריקענטען, געווייקטען און געזאַלצענעם שעל־פיש. דאָס איז דערזעלבער פיש, נאָר אַנדערש געמאַכט.

אָבער וועגען וועלט־הערשער איז היינע, פאַרשטעהט זיך, ניט ווייניגער פון אַריסטאָפּאַנען דרייסט און פאַנטאַסטיש אין זיין

סאַטירע. דער לעצטער האָט געצייגט זיין מוטיגקייט מיט׳ן ארויס־טרעטען געגען קלעאָנען און פעראַמענען; איהם האָט זיך קיינמאָל ניט איינגעגעבען צו פאַרטיידיגען גערעכטיגקייטען, און אין די מעהרסטע פאַלען האָט ער פאַרטיידיגט דאָס אומגערעכטע, צייגענ־דיג זיך אַלץ שטאַרקער קאָנסערוואַטאָר און ערלויבט זיך צו מאַכען אומגערעכטע אַנפאַלען. היינע האָט זעלטען זיך ארויסגעצייגט אַלס אומגערעכטער, און איז קיינמאָל ניט געוועזען קאָנסער־וואַטיוו. נאָר ער פלעגט דערמאָנען אַן אריסטאָפאַנען מיט זיינע אריסטאָקראַטישע שטרעבונגען, מיט דער בייזקייט פון זיינע פער־זענליכע אַנפאַלען (די ליעדער געגען מאַירבעער׳ן און אז. וו.) און מיט זייער אויסערליכער פאָרם, צום ב. ש., זיין שפּילעוודיג באַ־נוצען זיך מיט פאַטעטישע אויסצוגען פון באַקאַנטע ליעדער.

מיר זעהען ביי איהם אַ גאַנצע רייהע פון שאַרפזיניגע איינ־פאַלען געגען פרידריך ווילהעלם דעם פינפטען אין זיין „ווינטער מעשה׳לע", וואו האָמאָניע וואָרענט היינע׳ן געגען דעם „קעניג פון טולע" און אין זיין „דער נייער אַלעקסאַנדער"; ער האָט אויך אַ גאַנצע רייהע ליעדער געווענדעט געגען דעם קעניג לודוויג פון בייערן און זיין טעטיגקייט. אַט דער קעניג, וועמען היינע האָט צוערשט געלויבט ביזן הימעל, איז געוועזען ארומגערינגעלט, אזוי ווי אַ מעצענאַט, מיט דער טיעפסטער אונטערטעניגקייט פון אַ גאַנצער גרופּע דיכטער און מאַהלער. אין די „לויבגעזאַנגען צום קעניג לוד־וויג" פאַלט היינע אַן אויף זיינע אַלע שוואַכקייטען, אויף דער גאַ־לעריע פון שעהנע פרויען אין מינכענער שלאָס, זיינע שלעכטע ליעדער, זיין כעס איבער דעם, וואָס איינינע פון באַריהמטע מאַה־לער און געלערנטע וואָס האָבען געקראָגען שטיצע פון איהם, האָבען זיך איבערגעקליבען פון בייערען קיין פּרייסען. וועגען דער גאַלעריע פון שעהנע פרויען זאָגט היינע: „ער האָט ליעב קונסט, און ער באַפעהלט צו נעהמען בילדער פון די שעהנסטע פרויען, און דערנאָך שפּאַצירט ער ארום אין זיין אויסגעפּוצטען סעראַל, ווי אַ קונסט־סריס". און וועגען דעם, וואָס די באַריהמטע לייט האָבען זיך איבערגעקליבען קיין פּרייסען, באַנוצט זיך היינע מיט דער געלעגענהייט צו דערלאַנגען דערווייל אַ קלאַפּ זיין אַלטען שעיר־לעזאזל — מאַסמאַנען.

זאָלען קאַרנעלי און שעלינג זיך געהן, וואוהין זיי ווילען; איינעם האָט פאַרראַטען זיין פאַרשטעלונגס־קראַפט, דעם צווייטען — דער זינען. נאַר דאָס, וואָס מען האָט פון מיין קרוין אַרויסגע׳גנב׳עט דעם קאָסטבאַרען שטיין, וואָס מען האָט מיין גימנאַסט מיין מענשען־בריליאַנט, מאַסמאַנען, באַזאָרגט מיט אַ פּאַספּאָרט, דאָס האָט מיך טיעף איבעררּאַשט, עס האָט צובראָכען מיין האַרץ. ער פעהלט מיר דער מענש, וואָס האָט זיך אויסגעצייכענט מיט דער קונסט זיך דערהויבען צו די העכסטע שטאַפּלען".

וועגען דעם קעניג׳ס פאַרהעלטניסע צו פּאָעזיע זאָגט היינע:

„דער האַר לודוויג איז אַ גרויסער דיכטער. ווען ער זינגט, וואַרפט זיך אַפּאָלאָן פאַר זיינע פיס: „אַך, הער אויף!... איך גאָה אַרונטער פון זינען! פאַרנעם מיין געבעט, איך בעט דיך טויזענד מאָל!"

נאָך שאַרפזיניגער איז די פּאַראָדיע אויפ׳ן קעניג לודוויג׳ס לײדענשאַפט צו ליעדער־שרייבעריי, אין דער אויפשריפט, וואָס העננט איבער „אַטטאַ טראָל" אין דער באַיערישער וואַלהאַל:

„טראָל, איז אַ טענדענציעזער בער, מאָראַל־רעליגיעז, פאַרפיהרט פונ׳ם צייט־גייסט, איז ער געוואָרען אַ ריינער סאַנקיולאָט. ער האָט שלעכט געטאַנצט; נאַר פּרינציפּען האָט ער געטראָגען אין זיין האָריגער ברוסט. אָפטמאָל האָט אַ שרעקליך גערוך פון איהם זיך געהערט; ניט קיין טאַלאַנט, דערפאַר אָבער אַ כאַראַקטער".

דער האַרטער ריפּם און אָנגעצויגענע קאָנסטרוקציע דערמאָנען זעהר שטאַרק דעם קעניג לודוויג׳ס ליעדער, וואָס ציהען צו די אויפמערקזאַמקייט פון יעדען אויסלענדער אויף די ווענט פונ׳ם אָרקאַד אין מינכען 1).

דאָס איז נאַר אַ פּערזענליכע סאַטירע אויף געקרוינטע פּערזאָנען. נאַר ביי היינע׳ן ווי ביי אַריסטאָפאַנ׳עז רופט זיך די סאַטירע

---

1) די קאָמישסטע, אומגעוועהנליך שלעכטע צוויי־ריפּמ׳דיגע קעניג לודוויג׳ס ליעד איז פאָלגענדע:

„פלאָרענץ! דיר פעהלט דאָס, וואָס רוים באַזיצט און יענעם — דאָס, וואָס דו באַזיצסט, ווען איהר זאָלט בײדע פאַראייניגט זיין, וואָלט דאָס געווען צו שעהן פאַר דער ערד".

אַפּ אויף אַלע פּאָליטישע, סאָציאַלע און ליטעראַרישע ערשיינונגען, און דעמאָלט נויטיגט ער זיך אין פאַנטאַזיעס ווי אַלס קינסטלערישע, ארויסהעלפענדע מיטלען. דאָס צווינגט איהם, ווי דעם גריכישען דיכטער, זיך אויפהויבען אין דער פאַנטאַסטישער וועלט, אין די וואָלקענס, אָדער זיך אַראָפּלאָזען אונטער דער ערד.

ער האָט עס שוין געטאָן, ווי מיר האָבען שוין פריהער געזאָגט, אין „ווינטער מעשה׳לע“. מיר זעהען דאָרט, מיט וואָסער זאָרגפעלטיגקייט און מייסטערהאַפטיגקייט היינע גרייט צו אַ פאַנטאַסטישע שילדערונג וועגען באַרבאַראָסעס אונטערערדישער וואוינונג אין קיופהויזער. צוערשט הערט זיך דער רעפריין פון דער אַלטער ליעד פון די מעשה׳לעך: „זון, דו רייננמאַכענדער פלאַם!“ נאָכדעם דערצעהלט זיך אַז אַלטע לעגענדע וועגען דער זון, אַלס אַנקלעגערין קעגען אַ מערדער פון אַ יונגער פרוי, נאָכדעם פאָלגט די באַשרייבונג פון דער גוטער אַלטער אַם, וועלכע זינגט ליעדער און דערצעהלט אַזוי פיעל וואונדערבאַרע מעשיות וועגען דעם קעניג׳ס טאָכטער, וואָס איז געוואָרען אַ פאַסטושקע פון גענז, און וועגען קעניג, וואָס איז געפאַנגען אין די בערג; דאָס אַלץ ווערט דערצעהלט זעהר אויספיהרליך — ביז וואַנען די ראַמען פון דער ערצעהלונג צורוקען זיך און פאַר אונז ערשיינט באַרבאַראָס מיט זיינע ריטער, געשמיערטע אין אייזענס; מיר הערען ווי ער ווענדעט זיך צו זיי, רופענדיג זיי צום קאַמף, צום געוועהר, אום זיך נוקם צו זיין פאַר דער שאַנדע, וואָס די מערדער האָבען ארויפגעוואָרפען אויף דער גאָלד־האָריגער דייטשלאַנד. דערנאָך קעהרט זיך די ערצעהלונג אום צו דער שטימונג פון דער אַמ׳ס ליעד און צו איהר ענד־סטראָף, צום אויסרוף, וואָס ווערט איצט אויסגעשריען מיט פרייד און באַגייסטערונג: „זון, אַ דו, רייננמאַכענדער פלאַם!“ אַ ריין־אַריסטאָפאַנישען געדאַנקען־שוואונג זעהט מען אין אַט דער דיכטערישער שילדערונג פונ׳ם אַלטען אַרסענאַל, פוסטער באַוואָפנונג, אָפּבלאַקירטע פאָהנען, שלאָפענדע סאָלדאַטען, און דערנאָך די פּלוצליכע איבערקעהרעניש: דער רוף צו דער ערוואַכטער קראַפט, און דער צוזאָג זיך אומקעהרען גיך צוריק צו דעם מיטעלאַלטער, איידער אויסטראָגען די הערשאַפט פון דער צוויי־פּנים׳דיגער פריסען, וואָס איז אַ געמיש פון גאָטישען אומזין

און מאָדערנעם ליגען. אין די צווייי ווייטעריגע אַפּטיילונגען פאַל־גען די באַשרייבונגען פון דעם באַרג, ווי ער קוקט אויס אינווע־ניג. און עס ווערט געפיהרט אַ געשפּרעך מיט באַרבאַראָסען, גע־שילדערט ווי אַ חלום, ווען מען רייזט אין אַ דיליזאַנס.

אויפ'ן זעלבען גרונד פון פיינדשאַפט צו פּרייסען איז אויך גע־מאָלען די אַנטי־פּרייסישע ראַפּסאָדיע אין דעם מינדענער האָ־טעל. היינע וויל קעמפען מיט'ן פּרייסישען אַדלער, ווייל איהם דער־שיסען און אָרומפּליקען. ווען אַריסטאָפאַן זאָל געווען זיין אין כעס אויף אַן אַדלער, וואָלט ער גלייך פאַר אונזערע אויגען מעהר גע־שילדערט. נאָר היינע טרעט צו צו זיין שילדערונג מיט זיינע געוועהנליכע אָרומרעדענישען. עס קומט ביי איהם אויס אַזוי, אַז ווען ער חלומ'ט אין האַלבען־דרעמעל באַקומט דער רויטער צווייג איבער'ן קאָפּ אַן אויסזעהן פון אַן אַדלער מיט פעדערען און נעגעל, וואָס דראָהט איהם און וויל אָרויספּיקען זיין לעבער און ברוסט — באַנוצענדיג זיך מיט דער געלעגענהייט, דערצעהלט אונז היינע זיין פיינדשאַפט צו דעם פויגעל.

נאָר אין עטליכע פּלעצער באַקומט היינע'ס קינסטלערישע שיל־דערונג אַ גרויסע דרייסטקייט און ווערט מעהר עהנליך צו דער באַשרייבונג פונ'ם גרויסען גריך. דאָס זעהען מיר, למשל, אין דער פּראָכטפולער רעדע, מיט וועלכער דער דיכטער ווענדעט זיך צו די וועלף אין טעווטאָבורגער וואַלד. דער רייזענדער הערט ווי זיי וואָיען ביינאַכט נעבען זיין עקיפּאַזש, וואָס האָט פאַרלאָרען אַ ראָד. ער געהט אָרויס און ווענדעט זיך צו די ווילדע חיות מיט פאָלגענדע ווערטער:

„חברים וועלף! איך בין גליקליך היינט צו פאַרברענגען אין אייער געזעלשאַפט, וואו אַזעלכע איידעלע זעעלען וואָיען אַנטקעגען מיר".

דעם שריפטשטעלער'ס רעדע איז אַ הומאָריסטישער אויסצוג פון די רעדעס, וואָס גרויסע מענשען האַלטען ביי עהנליכע אומ־שטענדען. אַט די שעה וועט בלייבען איינגעקריצט אויף אייביג אינ'ם רעדנער'ס מח. עס איז אַ ליגען, אַז ער איז אַריבערגעגאַנגען אין הונד'ס לאַגער; איהם איז קיינמאָל ניט געקומען אויפ'ן זינען צו ווערען אַ הויף־ראַטגעבער אין טשערעדע פון די באַראָנען. מיט

דער שאַפּישער פעל, וואָס ער האָט אַמאָל אויף זיך אָנגעטאָן, האָט ער זיך נאָר באַנוצט, אום זיך צו דערוואַרימען, נאָר ער איז געווען און איז געבליבען אַ וואָלף און וויל שטענדיג נאָר זיין מיט די וועלף.

די סצענע צווישען דעם דיכטער און האַמבורגן, וואָס איז געשילדערט אַלס אַ מעכטיגע פרוי מיט אַ קרוין, וואָס זעהט אויס ווי אַ צייהנערדיגע וואַנד, איז, ווי היינע אַליין זאָגט, נאָכגעמאַכט פון פאַיסטעטערעס און באַזילעיעס חתונה אין די „פויגלען". זי איז געשריבען זעהר דרייסט און יונגעלש־פרעהליך און אין איהר צולאַזקייט ענטהאַלט זי פיעל מעהר אַפּשטויסענדע ערטער ווי אריסטאָפאַנ׳ס, וועלכער טרעט קיינמאָל פערזענליך ניט ארויס אויף דער ביהנע אום צו פאַרטיידיגען זיך, אַלס דיכטער. היינע׳ס ציניזם פאַרגעהט ניט אַזוי ווייט, ווי אריסטאָפאַנ׳ס, נאָר דערפאַר טראָגט ער אַ מעהר פערזענליכען כאַראַקטער.

אין „אַטטאַ טראָלל" טרעט נאָך דייטליכער ארויס זיין עהנליכקייט צו אריסטאָפאַנ׳ען. די פאַנטאַזיע קריגט דאָ אַ ברייטע פעלד פאַר האַנדלונג, ווייל די הויפּט־פּערזאָן איז דאָ ניט קיין מענש, נאָר אַ בער. די אויסערגעוועהנליכע פאַנטאַזיע קאָן מען זעהן דאָרט, וואו דער בער, נאָך זיין אַנטלויפען, טאַנצט פאַר זיינע בערעלאַך ביי דער לבנה־ליכטיגקייט. מיט אַן אומפאַרגלייכליכען הומאָר זיינען געשריבען זיינע רעדעס, אומצופרידענע מיט מענשליכע פריווילעגיעס: דער בער פאַרגלייכט זיי מיט די אַלטע בערישע פריווילעגיעס; אָט די ווערטער דערמאָנען אַ פּראַכטפולען פאַראַבאַז אין די „פויגלען", וואו עס ווערט באַהויפּטעט, אַז די פויגעל־וועלט איז עלטער פון דער מענשען־וועלט: די וועלט איז באַשאַפען פונ׳ם אורשפּרינגליכען איי, וואָס די ליעבע האָט געלעגט, און פויגלען זיינען קינדער פון ליעבע. עס איז זעהר אַמוזירענד ווי דער בער שטאַלצירט מיט דער וועלט פון די חיות; נאָר נאָך אַמוזירענדער זיינען דעם בער׳ס פּראָטעסטען, דערפאַר, וואָס היינע באַנוצט זיך מיט זיינע אויסדריקען, אום זיי צו באַפּוצען מיט פרעהליכע, בייסענדע וויצען געגען מענשען, וואָס דערוועקען זיין פאַרדרוס; צום מיינסטען קריגט פריילִיגראַט, וועמעס פּאָפּולערע, אָבער נאַריש ליעד, „דעם לייב׳ס רייזע", ווי אויך זיין שלעכט

ליעד „דער נענער קעניג“ האָבען ביי איהם ארויסגערופען ביטערע שפּאָסען:

„זיינען דען ניטאָ קיין געבילדעטע הינט? צעהלט דען ניט א פערד גלייך ווי א קאַמערץ־ראַט?... און אייזלען שרייבען ניט קיין קריטיק? זיינען מאַלפּעס דען ניט קיין אַקטיאָרען?... זיי־נען דען ניט די נאַכטיגאַלען? איז פרייליגראַט דען ניט קיין שרייבער? ווער קאָן נאָך אזוי גוט באַשרייבען דעם לייב, ווי זיין לאַנדסמאַן דער קעמעל?“

פיעל פון דעם, וואָס דער בער רעדט, קלינגט ווי א סאַטירע נעגען דער נארישער קאָמוניסטישער דעמאָקראַטיע, פיעל הויכע פּראַטעסטען געגען אייגענטום: בערען ווערען געבוירען אָהן קע־שענעס, מענשען פילען אַן זייערע. פיל ווערט דאָ אויך די גלייכ־הייט אָפּגעלאַכט:

„דאָס גרונד־געזעץ דאַרף זיין די גלייכהייט פון גאָט'ס באַשעפע־נישען אָהן אונטערשייד און גלויבען, פאַרב, געדוך און פעל. אַר־מעטום דאַרף הערשען גלייכהייט! דער אייזעל זאָל זיין באַרעכטיגט צו דערגרייכען די העכסטע טרעפּ: דער לייב וועט אַפּט מוזען טראָגען זיך מיט מעהל.“

נאָר אין אַלגעמיין איז „אטטא טראָלל“ אַן אומשולדיגע סאַטירע, וועלכע לאַכט אוים אויף א פאַנטאַסטישען אופן די צבוע'קעס, קאָ־מוניסטען, מענשען־פיינד, רעוואָלוציאָנערען, קאָסמאָפּאָליטען און נאַציאָנאַליסטען — וואָרים דער בער איז צוביסלעך באַקאַנט מיט אַלע פּראַגעס. ווי אָריגינאַל עס קלינגט אטטא טראָלל'ס פּרעדיגען נעגען אַטעאיזם, רעדענדיג וועגען זיין דעאיטישען גלויבען. ער הויבט אַן מיט פאָלגענדע ווערטער:

„היט זיך פאַר מענשענ'ס דענקאַרטען, ווייל זיי פאַרדאַרבען די נשמה. קיין פיינער מאַן איז דאָך אויף דער וועלט גאַרניטאָ“.

א פרעהליכע טיעפזיניגקייט ליעגט אין די ווערטער, מיט וועל־כע היינע ווענדט זיך צו באַויערען און פרייליגראַטען, און אויך א שאַרפזיניגקייט וואָס דערמאָנט וואָלטער'ס, נאָר א רייכערע, א מעהר דורכגעפיהלטע, ווי ביי יענעם, אין דער באַשרייבונג פון דעם באַשעפער פון דער וועלט:

„לאָמיר ארויפקוקען ארויף! אין א חיה'שען געצעלט, אויף א

גאָלדענעם טראָהן, זיצט מיט ווירדע אַז אומגעהייער־מעכטיגער בער״.

כאָטש דער בער רעדט מיט דער שפּראַך פון פאַרשיידענע פּאַר־טייען, נאָר צום מיינסטען קריגען פון איהם די דייטשען. פון זיי לאַכט דער דיכטער אָפטער ווי פון אַלע. די גוט־אָרומגעלעקטע מיידלעך־בערען דערמאָנען די דייטשע פּאַסטערס־טעכטער; דער איינגסטער בערעלע מאַכט גימנאַסטישע איבונגען ניט ערגער פון מאַסמאַנען, און איז ווי דער לעצטער, די בלום פון דער לאָקאַלער קולטור; ער האָט זיך קיינמאָל ניט געקאָנט אויסלערנען אַן אַנ־דער שפּראַך, אויסער זיין אייגענער: גריכיש ווי לאַטייניש זיינען איהם פרעמד.

אַזוי אַרום קעהרט היינע אַלע מאָל אום דעם לעזער מיט פּאַר־שיידענע דריידלעך צו דער דייטשער ווירקליכקייט.

מיט'ן אַריסטאָפּאַנישען גייסט איז אויך דורכגעדרונגען דער פּלאַן, וואו עס הייסט, אַז עס געהט אַ רעגען און דער דיכטער שרייט אוים: זעקס־און־דרייסיג מלכים פאַר איין זאַנטיג!״—און די שטעלע וואו ער געפינט, ענדליך, אַ רוהיג, באַשיצענד אָרט און ער שרייט ווידער אויס: „זעקס־און־דרייסיג מלכים פאַר איין שלאָף־ראָק!״

איינגאַנצען אין אַריסטאָפּאַנישען גייסט איז דער אויסגעלאַזטער פּלאַן אין „אַטטאַ טראָלל״, וואו דער פויגעל גוט־גוט דערצעהלט, ווי אַזוי סאַלאָמאָן און באַלקים פרע‚ען זיך רעטעגנישען: „ווער איז דער גרעסטער אויסוואורף פון אַלע דייטשע אויסוואורפען, וואָס וואוינען אין די זעקס און דרייסיג קעניגרייכען פון דייטשען בונד?״ — באַלקים, צו וועלכער די פראַגע איז געווענדעט, שיקט קוריערען אין אַלע דייטשע מלוכות און געגענדען, און יעדעס מאָל ווען זי לאָזט וויסען סאַלאָמאָנען ווענען אַ ניי־אויסגעפונענעם אויס־וואורף ענטפערט ער: — „קינדער, עס זיינען דאָ נאָך גרעסערע״. — די אָריגינאַלע דייטשע אייגענטימליכקייט באַשטעהט אין דעם, וואָס ווען מיר געפינען דאָרט אַן אויסערגעוועהנליכען אויסוואורף, פאַרנעהמט זיין אָרט נאָך אַ גרעסערער: עס איז ניטאָ אין דייטש־לאַנד קיין גרעסערער פּראָגרעס ווי אין אָט דער הינזיכט — אין דער זוכעניש פונ'ם גרעסטען אויסוואורף. נאָך נעכטען איז עקס געווען דער גרעסטער אויסוואורף; היינט אָבער איז ער אַ נאַרניט

אין פאַרגלייך מיט נ. נ. אַלס ביישפּיעל פון היינע׳ס מערקווירדי־
גען קינסטלערישען טאַקט קאַן דיענען דער אומשטאַנד, וואָס ווען
ער האָט אינגאַנצען באַארביים דאָס ליעד האָט ער פאַרבויגען אַט
דעם מיטעל, וואָס האָט געקאָנט אויף אַן אַמוזירענדען אופן שלאָגען
זיינע שונאים, אינגאַנצען אויסשליסענדיג עס פונ׳ם ליעד.

צולעצט באַמערקט זיך אין דער ריין־ליטעראַרישער סאַטירע
היינע׳ס עהנליכקייט צו אַריסטאָפאַנ׳ען: לאַמיר, אַלס ביישפּיעל,
ברענגען די סאַטירע אויף דער שוואַבישער סאַטירישער שולע אין
„אַטטאַ טראָלל“: היינע באַשרייבט אין דער צויבערינ׳ס הייזעל
אַ קאַץ, אין וועלכער דער שוועדישער דיכטער איז פאַרוואַנדעלט
געוואָרען; זי קאָן נאָר דאַמאָלס צוריק פאַרוואַנדעלט ווערען אין
אַ מענשען, אויב עס „וועט זיך געפינען אַ מיידעל, וואָס ווייסט
נאָך ניט פון קיין מאַן“, און זי דאַרף איינגעהן אויף דעם באַדינג:
„ערב סילוועסטער־טאָג, דאַרף די מיידעל אינגאַנצען איבער־
לייענען פּפיצער׳ס ליעד און דערביי ניט איינשלאָפען“.

אין אַ צווייטען אָרט שיקט היינע זיינע סאַטיר־פיילען נעגען
אַט די געקינסטעלטע ווערטער אין פריילינגראַט׳ס „מאָרען קעניג“
מיט זייערע באַפּוצטע פאַרגלייכונגען: „פון דעם וויים־שיינענדען
נעצעלט געהט אַרויס דער געקרוינטער נעגער, דער העלד, אַזוי
געהט אַרויס פון די טויערען פון די בלישטשענדע וואָלקענס די
טרויעריגע און טונקעלע לבנה“. אַ ליעד וועגען דעם מאָרען
קעניג, וואָס ווערט געפאַנגען, געבראַכט קיין אייראָפּאַ און דאַרף
קלאַפּען אין די פּויקען פאַר דעם אַריינגאַנג פון אַ צירק, דערמאַנט
זיך און זיין געוועזענער גרויסקייט און קלאַפּט אַזוי שטאַרק אין
פּויק, אַז ער ווערט אַזש צוזעצט. נאָר דאָס, וואָס דער מאָר קוקט
אויס דורך דער געצעלט־עפענונג ווי אַ לבנה, וואָס קוקט אַרויס
פון אונטער די וואָלקענס מאַכט אַ זעהר קאָמישען איינדרוק.

ביי היינע׳ן הענגט אַרויס דעם בער׳ס רויטער צונג פון זיין
שוואַרצען מויל, אַזוי ווי די לבנה קוקט אַרויס פון אונטער ווייסע
וואָלקענס. און צום סוף פון היינע׳ס ליעד, אין „זשאַרדען די
פּלאַנטע“, זעהען מיר אַ מאָר וואָס היט חיות און איז ניט קיין
אַנדערער, ווי פריילינגראַט׳ס מאָרען־קעניג; ער האָט חתונה גע־
האַט מיט אַ ווייסער קעכין פון עלזאַס, וועלכערס פיס דערמאַנען

איהם אַן די פּיס פונ׳ם עלפאַנד פון זיין שטאַדט, און די פראַנ־
צויזישע שפּראַך קלינגט אין זיינע אויערען ווי די מאַרישע. זי
קעכעלט איהם מיט אַזעלכע שפּייזען, אַז ער האָט באַקומען אַ
גרויס בייכעל, וואָס קוקט אַרויס פון אונטער זיין העמד גלייך ווי
אַ קליינינקע, קיילעכדיגע שוואַרצע לבנה, וואָס קומט אַרויס פון
אונטער ווייסע וואָלקענס.

פונקט אַזוי פיהלט זיך דער איינפלוס פון אַריסטאָפאַנ׳ס סאַ־
טירע אין די ביטערע און שאַרפע סאַטירישע איינפאַלען געגען
פּלאַטאָנען אין דעם לעצטען טייל פון די „רייזע־בילדער“. אפילו
איינינגע פּרעהליכע ערטער אין ליטעראַרישען קריעג זיינען געמיינ־
שאַפטליך ביים דייטשען און גריכישען סאַטירישען שריפטשטעלער.
אין די „זשאַבעס“ ווידערהאַלט עסקיל אין זיין דיספּוט מיט עוּר־
ריפּידען, וועמען אַריסטאָפאַן פאַרפאָלגט מיט זיין שנאה,
ריזעלב׳גע ווערטער, פון וועלכע דער געדאַנק איז: „קאָליע געמאַכט
די ליעדער“; די ווערטער ווערען צוגעשטעלט צו אַלץ וואָס עוורי־
פּיד זאָגט וועגען זיך. אין די „רייזע־בילדער“ איז היינע זיך
נוקם אין פּלאַטאָנען דערמיט, וואָס ער באַפעהלט גיאַצינטען צו־
שטעלען די ווערטער „פון פאָרענט און אונטען“ צו פּלאַטענ׳ס ליע־
דער, און אַזוי אַרום ווערען די ליעדער שטאַרק פאַרדרעהט.

אַריסטאָפאַנ׳ס קאָמעדיעס זיינען ווי אַ שעהנע סטעליע, באַ־
פּוצט מיט פּראַכטפולע פרעסקעס. היינע׳ס קאָמיזם קאָן מען צו־
גלייכען צו זעהר גוט־געמאָלטע בילדער, אַרומגעלעגטע מיט פרעס־
קעס. אין דער גריכישער קאָמעדיע איז פאַרהאַן פיעל ליכט און
רוים, גלייך ווי אין מיקעל אַנדזשעלאָ׳ס סיקסטין קאַפּעלע. אַלץ
איז דאָ, ווי אין דער סיקסטין־קאַפּעלע, גראַנדיעז, גערוים, קרעפטיג,
געשאַפען מיט דעם גייסט, וואָס צושטערט מיט׳ן לירישען פליסען
פון געפיהל, מיט דער דרייסטקייט פון דער פאַרשטעלונג און שטאַר־
קייט פון דער אַלעגאָריע די אַנגענומענע רעגעלען. דער אונטער־
שייד איז נאָר דער, וואָס מיקעל אַנדזשעלאָ׳ס וועלט איז טראַגיש,
ניט־געצוימט, פייערליך, בעת אַריסטאָפאַנ׳ס — איז דיפיראַמביש,
אַ קאַריקאַטור־וועלט אין דער ראַהם פון גריכישע לעבענס־פאַרהעלט־
נישען.

אין פאַרגלייך מיט אַריסטאָפאַנען איז היינע — אַ פּריוואַטער

מענש וואָס לעבט זיך אין זיין הויז. אַריסטאָפאַן האַנדעלט אין דער בייטאַגינגער ליכט־שיין פון אַ טעאַטער, וואָס איז אַרומגערינג־עלט מיט טויזענדער צוהערער; היינע רעדט מיט זיין פובליקום פון זיין צימער אַרוים. נאָר די בילדער, וואָס דרוקען זיך אָפּ אויפ׳ן נעץ־הייטעל פון זיין אויג, פאַרמאָגען אַ מעהר־פלאַמענדע און קלאָרערע לעבענס־אָפּשפּיגלונג ווי די, וואָס אַריסטאָפאַן פיהרט אַרוים אויף דער ביהנע. זיינע שטרעבונגען און באַמיהונגען טראָגען ניט יענעם ריין־לאָקאַלען קאָלאָריט, ווי דעם גריכישען דיכ־טער׳ס ווערק. אין דעם מאָמענט פון באַגייסטערונג ווענדעט ער זיך צו מיליאָנען מענשען אויסער זיין פאָלק, צו די אויסדערוועהל־טע, צו די, וואָס קאָנען לייענען. זיין ליריק איז מעהר סוביעקטיוו, האַרציגער און נערוועזער, ווי די גריכישע ליריק, פונקט ווי זיינע סאַטירעס זיינען געווידמעט די אַלגעמיינע אידעען, וואָס נאָך אַריסטאָפאַנ׳ס שטאַנדפונקט עקזיסטירען גאַרניט. ער איז וועני־גער שאַרפזיניג ווי זיין גריכישער פאָרגענגער, און ער קעמפט שטענדיג פאַר פּאָליטישער ענטוויקלונג און פערזענליכע פרייהייט, בעת עוריפּיד׳ס און סאָקראַט׳ס געגנער האָבען עפּטער געקעמפט פאַר דער פאַרטיידיגונג פון דער פאַרגאַנגענהייט, וואָס איז אָהן צוריקקעהר פאַרזונקען אין אייביגקייט, — דער פאַרגאַנגענהייט, צו וועלכער זיי האָבען ווינציגער ווי אַלץ באַלאַנגט.



היינע׳ס פּראָזע קאָן ניט געשטעלט ווערען אויף איין שטופע מיט זיינע ליעדער. אין זיין באַריהמטסטען ווערק, די „רייזע־בילדער״, ציינט ער זיך אַרויס אַלס סטערנעס שילער; שפּעטער, ווערענדיג מעהר זעלבסטשטענדיג, ווייזט ער, אמת, אָפּטמאָל אַרויס גרויס שאַרפזיניגקייט און זעהר לעבעדיגע שילדערונג, נאָר ער שטעלט זיך זעלטען אויף דער הויך פון די געגענשטאַנדען, וועלכע ער דאַרף באַהאַנדלען. ער קאָן ניט שרייבען ניט וועגען דער דייטשער פילאָזאָפיע פאַר די פראַנצויזען, און ניט וועגען פראַנ־צויזישער מאָהלעריי פאַר די דייטשען — פאַר אַלץ איז ער דער־זעלבער דילעטאַנט. אמת, אַלס זשורנאַליסט דערגרייכט ער זעהר

א הויכע מדרגה. נאָר ער איז צו גרויס אַלס אַ מענש צו ווערען קלאַסיפיצירט אַלס אַ זשורנאַליסט.

פאַרשטעהט זיך, אַז די פּעדאַנטען צווישען זיינע געגנער האָבען געלעגט גרויס געוויכט אויף זיין אַזוי־גערופענער אויבערפלעכליכ־קייט. מען האָט איהם, פאַרשטעהט זיך, ניט געקאָנט אָנרופען גוטער אַרבייטער, נאָר, יערענפאַלס, האָט ער אַרויסגעצייגט געוויסע פּליי־סינקייט, און זיינע קענטעניסען זיינען געווען פאַרשיידענאַרטיג און גרינדליך. אָבער גרויס איז ער געווען נאָר אַלס דיכטער; די מעהרסטע פון זיינע פּראָזאאישע ווערק זיינען נאָר געשריבען גע־ווען אויף טאָג־טעגליכע, ניט רעדענדיג שוין דערפון, וואָס מען האָט זיין אָנדענקונג אַנגעטאָן גרויס שאַדען מיט דעם פאַרעפענטליכען פון זיינע בריעף, וועלכע שטעלען איהם, אין אַלגעמיין, ניט אַרויס אין קיין גוטער ליכט. אין זיי צייגט ער זיך, מעהרסטענס, אַרויס פאַרזונקען אין פּערזענליכע אינטערעסען. געלט ־ נויט איז אַ נודנע מאַטעריע, ווען אפילו עס האַנדעלט וועגען געלט־נויט פון אַ גרויסען טאַלאַנט.

היינע, ווי עס איז באַקאַנט, האָט ניט לאַנג געלעבט. אין דער פולער בליהונג פון זיינע גייסטיגע קרעפטען האָט אַ שרעקליכע קראַנקהייט געמאַכט אַן ענדע צו זיין לעבען.

זיין גאַנץ לעבען איז ער געווען שוואַך. אין דער יוגענד האָט ער שטענדיג געליטען פון שרעקליכען קאָפּ־וועהטאָג; ער האָט געמוזט זיך אַזוי אָפּהיטען פון טרינקען, אַז, ווי זיינע פריינד באַ־הויפּטען, ער האָט זיך באַנוגענט נאָר מיט'ן שמעקען דעם פּאָרט־וויין, וואָס איז געשטאַנען אין זיין צימער. זיין נערווען־סיסטעם איז פריה אויפגעטרייעסלט געוואָרען, נאַטירליך אַ היבש ביסעל וויינינגער, ווי מען דענקט געוועהנליך וועגען איהם. דערפאַר וואָס ער איז געווען אין פולען זין אַ „מויל־זינדער" און זיך שטענדיג באַריהמט אין זיינע ווערק מיט זיינע שלעכטע געוועהנהייטען — נאָר ער איז קראַנק געוואָרען אויף אַזא קראַנקהייט, וואָס פאַלט שטענדיג אוים אויפ'ן שיקזאַל פון אַזעלכע פּערזאָנען, וועמעס לעבען עס לויפט איבער אין שטענדיגער גייסטיגער שאַפונג. ער האָט באַקומען אַ קראַנקהייט אויפ'ן רוקען־מאַרך צוזאַמען מיט

אַ פּאַראַליזירונג, צוערשט פון די שלייפן און דערנאָך כמעט פונ׳ם גאַנצען קערפּער.

זיין לעבען, וואָס קאָן ניט אָנגערופען ווערען ניט גרויס און ניט גליקליך, צוטיילט זיך אויף צוויי שאַרף־באַשטימטע טיילען: זיין וואוינען אין דייטשלאַנד ביז דער יולי־רעוואָלוציע און זיין וואוינען אין פּאַריז פון 1831 ביז 1856, דאָס יאָהר פון זיין טוידט. זיין לעבען איז דורכגעפיהרט געוואָרען אָהן אַ שום באַשטימטען פּלאַן, נאָר ניט אָהן באַמיהונגען פאַר אַ באַשטימטער ענטוויקלונג פון זיין טאַלאַנט; מען קאָן קוים גלויבען, צי ער וואָלט געווען דערגרייכט אַזאַ באַריהמטקייט אין דער אַלוועלטליכער ליטעראַטור, אָדער וואָלט פאַרנומען אַזאַ אויסערגעוועהנליך פּלאַץ אַלס סאַטירישער דיכטער, ווען ער זאָל געווען לעבען אין זיין לאַנד.

זיין יוגענד אין דייטשלאַנד האָט ער פאַרבראַכט אונטער׳ן יאָך פון דער רעאַקציע; זיינע רייזע־בילדער" זיינען שטאַרק פּאָפּולער געוואָרען פאַר זייער אויסדריקען די פּאָליטישע אומצופרידענהייט, נאָר גיך האָט ער זיך אינגאַנצען אָפּגעזאָגט פון פּאָליטיק. דערנאָך האָט די יולי־רעוואָלוציע דורכגערייניגט די לופט, היינע פאַרלאָזט דייטשלאַנד, באַזעצט זיך אין פּאַריז און בלייבט דאָרט אויף שטענדיג, דערפאַר וואָס דער דייטשער בונד האָט אַרויפגעלעגט אַ חרם אויף זיינע ווערק. גיזאָ׳ס רעגירונג גיט איהם אין געהיים אַ קליינע יעהרליכע פּענסיע, וואָס גיט איהם אַ מעגליכקייט צו פיהרען אַ פאַרהעלטניסמעסיג זאָרגלאָז לעבען; אַ דאַנק אָט דער פּענסיע פאַלט מען שטענדיג אָן אויף איהם, אמת, ניט שטענדיג אָהן אַן אורזאַך, נאָר דאָך, אין מעהרסטע פאַלען, אומזיסט. מען דאַרף ניט פאַרגעסען, אַז היינע איז ניט געווען באַקאַנט מיט דער קונסט פון געלד־פאַרדינען, נאָר אָט די קונסט וואָלט איהם ווייניג נוצען געבראַכט, ווען ער זאָל אפילו געווען וועלען מיט איהר זיך באַנוצען.

בעת זיינע ביכער האָבען געבראַכט מיליאָנען פאַר זיינע פאַרלעגער האָט ער פאַרקויפט קאַמפּ׳ען זיין „בוך פון לידער" אויף אייביג, פאַר אַן אַלטען חוב פון 50 לואידאָרען, און זיין גאַנץ לעבען האָט ער געמוזט אָנקומען נאָך שטיצ׳ע צו זיין רייכען פעטער, וועלכער האָט עס איהם געגעבען אָהן איבעריגען חשק. ווען היינע און

צום מיינסטען די קליינע פּאַריזער גריזעטקע, מיט וועלכער ער האָט געהייראַט, וואָלטען אפילו געוואוסט ווי אַזוי מען דאַרף פיהרען באַלעבאַטישקייט, וואָלט ער אפילו דעמאָלט אויך ניט געקאָנט אויסקומען אָהן רעגירונגס־הילף. איצט אָבער האָט ער געמוזט פאַרשווייגען אין די דייטשע צייטונגען פאַרשיידענע האַנדלונגען פון דער פראַנצויזישער רעגירונג, וועגען וועלכע ער וואָלט ביי אַנדערע אומשטענדען גערעדט. נאָר קיין אַנדערע שלעכטסקייטען האָט די איהם געגעבענע הילף פאַר איהם ניט געהאָט. יעדענפאַלס האָט זי איהם קיינמאָל ניט געצוואונגען צו שרייבען וואָס ער האָט ניט געפיהלט, אָדער וואָס זאָל זיין געגען זיינע אַנשויאונגען.

פון פראַנקרייך האָט ער ניט אויפגעהערט צו פיהרען זיין שטענדיגען, כאָטש זיין עטוואָס אָפּגעשוואַכטען קאַמף געגען דער אייראָפּעאישער רעאַקציע. מען קאָן זאָגען, אַז אין דעם הינזיכט איז ער געווען באַיראָנ׳ס גרויסער יורש. מיט עטליכע יאָהר שפּע־טער, ווי די סאַרקאַזם־שווערד איז אַרויסגעפאַלען פון דעם פאַר־שטאָרבענעם באַיראָנ׳ס הענט, האָט היינע איהם אונטערגעכאַפּט און אַ גאַנצען דור לאַנג איהם גענוצט מיט דערזעלבער פעסטער עקשנות און שטאַרקער קראַפט. נאָר אין די לעצטע אַכט יאָהר האָט זיך דער שווערד געפונען אין די הענט פון אַ טויטליך־פאַר־וואונדעטען מענשען.

ער האָט קיינמאָל ניט געשריבען אַזעלכע אמת׳ע, בייסענדע און גלענצענדע ליעדער ווי דאַן, ווען ער איז געווען צוגעקאוועט פון דער שרעקליכער קראַנקהייט, צו זיין ברייטען און נידעריגען בעט אין פּאַריז; און נאָך קיינמאָל האָט זיין שאַפענדער גייסט ניט אַרויסגעצייגט קיין גרעסערען מוט און אויסגעהאַלטענקייט, ווי אין דער צייט ווען ער האָט איבערגעטראָגען אונמענשליכע ליידען. זעלטען האָט די מאַכט פון גייסט איבער׳ן קערפּער זיך אַרויסגע־צייגט דייטליכער. ליגען מיט פאַרשטשימעטע פון וועהטאָג צייהן איז שוין גענוג פאַר אַ מענשען, נאָר נאָך שאַפען, אָפּשפּעטען, מאַ־כען שפּאַס, און אַרויסצייגענדיג דערביי אַ גרויסען שכל, גלענ־צענדען הומאָר און פלאַמענדע פאַנטאַזיע, שוועבען מיט׳ן גייסט אין גלענצענדע טיעפע פאַנטאַזיעס, ליגענדיג דערביי לעבענסלאָז און

פּאַראַליזירט אויפ'ן טויטען־בעט — דאָס איז אַ באַווייז פון מערק־ווירדיגער נשמה־גרויסקייט.

ער איז געלעגען אַפּגעצערט ווי אַ סקעלעט, מיט צוגעמאַכטע אויגען, פּאַראַליזירטע הענט, מיט פאַרדאַרטע געזיכטס־שטריכען; ווען ער האָט גערעדט, האָט איבער זיין מאַרטירער־געזיכט געשוועבט אַ מעפיסטאָפעלעשער שמייכעל; זיינע ווייסע און אויסערגעוועהנ־ליך שעהנע הענט זיינען אינגאַנצען דורכזיכטיג געוואָרען. צולעצט איז פון היינע'ן פאַרבליבען נאָר דאָס קול, אַזוי ווי ביים אַקטען טיפאַן; נאָר אָט דאָס קול האָט פאַרמאָגט זעהר הייסע אינטאָ־נאַציע, האָט גלענצענד אויסגעדריקט זיינע שפּאַסען און שאַרפ־זיניגע איינפאַלען.

זיין גייסטיגע אַרבייט האָט ניט אויפגעהערט. עס האָט זיך געדוכט, אַז די מעכאַנישע ראַד פון זיין מח האָט זיך געדרעהט אָהן פּאַרע, אַז זיין לאָמפּ האָט געברענט אָהן נאַפט.

עס איז ניט אמת, אַז ער איז כלומרשט געוואָרען אַן אָנהענגער פון קלויסטער, אָבער זיין רעליגיעזיטעט, וואָס פלעגט אַפּט, נאָך פון זיין קינדהייט אָן, אין איהם ערוואַכען, האָט אויך איצט ער־וואַכט, און דער ליידענדער דיכטער האָט אָנגעהויבען גלויבען אין גאָט. יעדענפאַלס, פלעגט אפילו אָט דער גלויבען ביי איהם צומאָל אַרויסרופען אַ שמייכעל. ווען זיינער אַ פרומער פריינד האָט איהם די לעצטע טעג פאַר זיין טויט גע'מוסר'ט, האָט ער שמייכלענדיג געענטפערט: „גאָט וועט מיר מוחל זיין, דאָס איז דאָך זיין אַרבייט“.

אַלס ריהרענדער באַווייז פון זיין נשמה־גרויסקייט און פון זיין ליעבע צו זיין מוטער קאָן דיענען דער פאַקט, וואָס פאַר דער גאַנצער צייט פון זיין קראַנקהייט האָט ער זיך שטאַרק געזאָרגט, טאָמער וועלען די ידיעות וועגען זיין קראַנקהייט אָנקומען צו זיין מוטער אין האַמבורג; ער האָט ביז'ן סוף איהר געשריבען פרעה־ליכע, שפּאַסיגע בריעף, און פון זיינע ווערק וואָס ער האָט איהר געשיקט האָט ער געהייסען אויסשטרייכען יענע פלעצער, וואָס וואָל־טען געקאָנט ביי איהר אַרויסרופען פאַרדאַכט.

זיין גייסטיג לעבען מאַכט אויף אונז אַ צויבערענדען איינ־דרוק מיט פאָלגענדען שטריך: ער, דער דרייסטסטער פון אַלע

דיכטער און מענשען אין זיינע שילדערונגען, שרייבט אין דער צייט פון זיין קראַנקהייט, די צאַרטסטע און איידעלסטע ליעבע ליעדער. ווי באַקאַנט, זיינען זיינע לעצטע יאָהרען פאַרזיסט געוועזן פון דער איבערגעבענהייט און ליעבע פון א יונגער, זעהר שעהנער פרוי 1).

ביז היינטיגען טאָג האָט מען ניט פעסטגעשטעלט איהר נאָמען און איהר געבורט־פּלאַץ. זי האָט געוואָלט בלייבען אומבאַוואוסט און האָט געגעבען אַ פאַלשען נאָמען, אום צו פאַרהוילען די שפּורען. זי פלעגט זיך רופען מאַרגאַ אדער פריילײן פאָן בעלגערן אָדער סאַרע דעניגסאָן. צו היינע'ן איז זי געקומען מיט'ן נאָמען עליזא קריניץ, און דוכט זיך, אַז דאָס איז דער ריכטיגער. אָבער עס איז אומבאַקאַנט, צי דאָס איז געווען איהר מיידעלשער נאָמען, וועלכען זי האָט געקראָגען אין פּראַג ביי איהר געבורט, אָדער זי איז געווען פרוי פאָן־קרינעץ פון טאַרגאַאו. היינע פלעגט זי רופען „לאַ מוטשע“ — נאָכ'ן פליגעלע, וואָס איז געווען אויסגעקריצט אויף איהר זיעגעל. נאָך זיין טויט איז זי ארויסגעטראָטען אין דער פראַנצויזישער ליטעראַטור, אונטער'ן נאָמען קאַמילע סעלדען, און ניט קיין אַנדערער, ווי טען, האָט געמאַכט אויפמערקזאַם דעם פראַנצויזישען פּובליקום אויף איהרע ערשטע צוויי ביכער: דער ראָמאַן „דאַניעל וולאַדי“ און די עטיודען „דער געדאַנק פון דער מאָדערנער פרוי“.

מען דערצעהלט, אַז זי איז אין איהר פריהער יוגענד געקומען קיין פּאַריז און איז געווען אַ שטיקעל צייט אומגליקליך פאַרהייראַט צו אַ מענשען, וועלכער, אום פון איהר פריי צו ווערען, האָט זי איינגעשלאָסען אין אַ משוגעים־הויז. עס האָט זיך איהר איינגעגעבען פון דאָרט זיך ארויסצורייסען און אַנטלויפען קיין ענגלאַנד. זי האָט אַליין דערצעהלט, אַז זומער 1855 איז זי געקומען פון וויען קיין פּאַריז און געקומען צו היינע'ן איהם איבערגעבען מוזיק־

---

1) קאַמיליע זעלדען: „די לעצטע טעג פון היינריך היינע“ — מעמואַרען (שאַרענ'ס פאַמיליען־בלאַט 1884).

אַלפרעד מעלסנער: עראינערונגען וועגען היינריך היינע — „די געשיכטע פון מיין לעבען“.

פיעסען און גרוסען, וואס א וויענער קאמפאזיטאר, באראן וויסקע־פאן־פוטלינגענט האט צו איהם געשיקט.

מיט איינינע יאהר פריהער האט זי זיך באקאנט מיט'ן עסטרייכישען דיכטער אלפרעד מייסנער. זיי האבען זיך צופעליג געטראפען אויפ'ן באהן, אויפ'ן וועג פון פאריז קיין האוור. ווי זי האט אליין געזאגט, איז זי דעמאלט אלט געווען זעכצעהן יאהר. נאך אט דער מעלדונג מעג מען שטעלען א פראגע־צייכען. פאר מייסנער'ן האט זי זיך פשוט אנגערופען מארגא. זיי זיינען זיך געפעלען, צונויפגעגאנגען און דערנאך זיך צעגאנגען און זיך ווידער אמאל געטראפען אין פאריז אין 1849. אין 1850 האט מייסנער זי באגעגענט אין לאנדאן אין דער געזעלשאפט פון אן עלטערער פרוי; נאר ווען ער איז צו איהר צוגעגאנגען האט זי איהם געזאגט, אז ער האט א טעות געהאט און ער האט איהר קיינמאל גארניט געזעהן. מיט פינף יאהר שפעטער האט זי געבעטען ענטשולדיגונג אין א בריעף צו איהם, זאגענדיג, אז זי האט עס געמוזט טאן. זיי האבען קארעספאנדירט ביז 1860.

ווען לא מוטשע איז אנגעקומען אין היינע'ס הויז איז זי, ווי זי זאגט אליין, אלט געווען פיער און צוואנציג יאהר. נאר זי האט געמוזט עלטער זיין, ארום 28 יאהר. זי איז געווען א בלאנדין מיט בלויע אויגען; מען האט ניט געקאנט זי אנרופען שעהן, נאר זי איז געווען פראכטפול, רייצענד און פיקאנט, און ביי דער ערשטער באגעגעניש האט זיך היינע פארליעבט אין איהר. אין גיכען האט ער שוין ניט געקאנט אויסקומען אהן איהר; ער האט געליטען ווען עס זיינען אריבער צוויי טעג און זי איז צו איהם ניט געקומען, כאטש אפט זיינען זיינע ליידען געווען אזוי אומערטרעגליך, אז ער האט אליין איהר געמוזט פארוועהרען קומען. נאר אין די בריעף און ליעדער, וואס זיינען צו איהר געווידמעט, זעהען מיר ביי היינע'ן אזא טיעף עראטישע ליעבע, אזוי פיעל הארציגקייט, וואס מיר געפינען ניט אין זיינע אנדערע ליעבע ליעדער.

ער האט זי אנגערופען די אויסדערוועהלטע פון זיין הארצען, דער וועזען, וועמען דאס שיקזאל אליין האט באשטימט פאר זיין זווג. ווען זיי זאלען זיין צוזאמען, וואלטען זיי געוואוסט פון גליק. „איך וויים איצט, איך שווער ביי גאט, אז איך האב דיך שטענ־

דינג געליעבט. עס ווערט שווער אויפ׳ן הארצען דערמאָנענדיג זיך, אז גראָדע דעמאָלט, ווען דער ליעבע־דורשט קאָן געשטילט ווערען, מוזען מיר אויף אייביג זיך צושיידען. איינציייטיג קלינגען דאָס באַגריסען פון באַגעגעניש און צושיידונג״.

לאַכענדיג און וויינענדיג, ווערט ער אויפגעבראַכט ביים געדאַנק ווענגען פּלאַטאָנישער ליעבע צווישען צוויי ליעבענדע, פאַר וועמען די אומאַרמונג איז אונמעגליך.

„ווידער אַמאָל! קיין איין אומאַרמונג קיינמאָל! דו באַקומסט קיינמאָל ניט קיין גוט שטיקעל פלייש. איך קאָרמע דיך נאָר מיט גייסטיגע שפּייזען, נאָר מיט אַ סוף אָהן פלייש״.

ער ווערט פאַרצווייפעלט פון אומגעדולד, ווען ער מוז אויף איהר וואַרטען: „זאָל מען מיך רייסען מיט אָנגעברענטע צוואַנגען, זאָל מען מיך ברענען, מיך אַרט דאָס ניט. זאָל מען מיך קאַטעווען, פּאַסעווען, נאָר מאַך מיך ניט צו וואַרטען אויף דיר״.

און פאַר׳ן טויט מאַכען אַלע דיסאַנאַנסען שלום אין דעם גרויסען מיסטישען ליעד, אינ׳ם געשפּרעך וואָס דער שטאַרבענדער פיהרט מיט׳ן בלימעלע אויף זיין קבר:

„אַט די בלום ביסטו, מיין געליעבטע, געווען. אין מיינע חלומות, נאָך דיינע קושען האָב איך דיך גלייך דערקאָנט. די בלומען פאַרמאָגען ניט אַזעלכע צאַרטע ליפּען. בלומען ליפּען ברי־העז ניט אַזוי שטאַרק. מיינע אויגען זיינען, ווירקליך, פאַרמאַכט געווען, נאָר קוקענדיג אויף דיר, האָב איך דערפיהלט אין מיין נשמה אַ פרייד, וואָס איז שווער צו באַשרייבען! דו האָסט מיט באַגייסטערונג אויף מיר געקוקט — ווי אַ ווערען, וואָס איז באַלויכטעט פון לבנה־שטראַהלען״.

אַט די בילדער און געפיהלען זיינען פון אַן אַנדער וועלט; זיי באַלאַנגען צו דער וועלט פון די בלינדע, וואו קושען זיינען פאַרהאַן, אָבער קיין ליפּען זעהט מען ניט, וואו טרערען טריפען פון די אויגען, וועלכע מען קאָן ניט זעהן, וואו עס הערט זיך דער בלומען־געדוך נאָר די פאָרמע פון די בלומען ווייסט מען ניט און וואו דאָס זון־ליכט ווערט פאַרביטען אויף דעם צויבערענדען לבנה־שיין. און פּונקט ווי די צאָהל פון די קערפּערליכע ערשיינונגען איז דאָרט קליין, אַזוי ווינציג קלאַנגען עקזיסטירען דאָרט.

„מיר האָבען ניט גערעדט, נאָר מיין האַרץ האָט איינגעזאַפּט דאָס, וואָס האָט זיך שווייגענד געטראָגען אין דיינע געדאַנקען, וואָס האָט געלייענט אין דיין געזיכט־אויסדרוק. דאָס אַרויסגע־זאָגטע וואָרט איז ניט שעמעוודיג, דאָס שווייגען — איז די פּראַכט־פולע, ריינע בלום".

דאָס איז געווען — זאָגט ער — אַ שווייגענדער געשפּרעך, און קיינער האָט ניט געפרעגט וועגען וואָס זיי האָבען גערעדט.

„פרעג, וואָס איז די באַדייטונג פונ'ם קאַרבונקעל'ס גלאַנץ. פרעג, וואָס מיינט דער מילדער גערוך פון דער נאַכט־פיאַלקע און ליליעס; אָבער פרעג קיינמאָל ניט וועגען וואָס עס האָבען גע־רעדט דער שטאַרבענדער מט'ן קבר־בלימעל ביי לבנה־שיין".

היינע'ס ליריק האָט זיך דאָ דערהויבען צו דער שעהנקייט פון דער ליריק פון שעלי, דער פאַלקאָמענסטער פון די מאָדערנע דיכטער. דער טאָן פון זיין מוזע דערמאָנט דאָ אָן שעלי'ס: דער טאָן פון אוריאַל'ס פיעדעל, ריין, באַצויבערענד, פול און ציטערדיג, מאָדערנע אין זיין כשופ־דיגער, האַלב־קרענקליכער צאַרטקייט.

היינריך היינע איז נאָך זיין אָפּשטאַמונג געווען אַ מזרח־מענש, נאָכ'ן געבורט און ערציהונג — אַ דייטש, נאָך דער בילדונג ביז אַ געוויסער מאָס — אַ פראַנצויז, און נאָכ'ן גייסט — אַ פאַלקאָמענער קאָסמאָפּאָליט, מעהר ווי אַלע אַנדערע דייטשע דיכטער, אויסער געטע'ן.

קיין דיכטער פון אידישער אָפּשטאַמונג, פון יהודה הלוי'ס און משה אבן־עזרא'ס צייט (אומגעפעהר 1120) האָט ניט דערגרייכט צו אַזאַ הויכקייט אין פּאָעטישען שוואונג, נאָר היינע איז ניט עהנליך געווען צו קיינעם פון דיביידע גרויסע פאָרגענגער. ביי איהם זעהט זיך דייטליך אָן, ווי שפּעטער ביי דיזראַעלי'ן אין ענג־לאַנד, ביי לאַסאַל'ן אין דייטשלאַנד, ביי גאַמבעטען אין פראַנק־רייך, יענער אויסשנים, דורך וועלכען עס קוקט אַרויס די איינגע־טימליכקייטען פון זיין ראַסע, ווען די מאָדערנע קולטור האָט זיך אין איהר אַריינגעריסען, זי געדריקט און חרוב געמאַכט, ווי שטאָל צוברעקעלט קיזעלשטיין. אַלס דייטש האָט היינע איבערגענומען פיעל פון די דייטשע ראָמאַנטיקער: ער פאַרמאָגט זייער גרונד־שטימונג פון פאַנטאַזיעס, דעם שעהנעם קלאַנג און קאָלאָריט, נאָר

אַלס דייטש און גלייכצייטיג אויך אַלס שילער פון געטע'ן און העגעל'ן האָט ער איבערגענומען דעם העגעליאַניזם פוןביידע. און אַ חוץ דעם, האָט ער פונ'ם ערשטען איבערגענומען זיין הייד־גייסט און פונ'ם צווייטען — אַביסעל פון זיין דיאַלעקטיק און שאַרפזיניגקייט. אַלס קאָסמאָפּאָליט פאַרבינדט ער די סענטימענ־טאַלע ראָמאַנטיק מיט'ן פראַנצויזישען עספּרי און מיט דעם אי־דישען טרויער, האַרציגקייט, שפּאַסהאַפטיגקייט, וואָס האָבען מיט זייער גרינגען און צוציהענדען אויסזעהן פּאָפּולאַר געמאַכט זיינע ביכער אין אַלע וועלט־טיילען, אַזוי אַז איצט זיינען זיי איבערגע־זעצט אין אַלע שפּראַכען.

די נייע דייטשע רעגירונג האָט ניט געלאָזט שטעלען נאָך היי־נע'ן קיין דענקמאַל, וואָס זיינע פאַרעהרער האָבען געוואָלט שטעלען פאַר זיין כבוד וועגען, און אָהן וועלכען ער פערזענליך האָט זיך געקאָנט באַגעהן. די עסטרייך־אונגאַרישע קעניגין האָט געמוזט אָפּנעהמען צוריק די ביישטייערונג וואָס זי האָט געגעבען פאַר'ן דענקמאַל. אפילו אין זיין קליינעם געבורט־שטעדטעל האָט מען ניט געוואָגט איהם צו שטעלען אַ דענקמאַל. די פראַנצויזען האָבען געקאָנט, אויפ'ן סמך פון אָט דער אויפפיהרונג פון דער דייטשער רעגירונג, איהם שטעלען אַ דענקמאַל אין פּאַריז, וואָס ער האָט אַזוי ליעב געהאַט און דאָרט פאַרבראַכט די צווייטע העלפט פון זיין לעבען, נאָר זיי האָבען זיך דערויף ניט אַנגעשטויסען, אָדער ניט געוואָגט. אין דייטשלאַנד איז צו יענער צייט זיכער ניט גע־ווען נאָך אַזאַ שריפטשטעלער אין דער דייטשער שפּראַך, וואָס זאָל האָבען אַזאַ גרויסע צאָהל לעזער, ווי היינע.

די נייעסטע אייראָפּעאישע ליטעראַטור איז רייך ווי נח'ס קאַס־טען. זי פאַרמאָגט ווילדע און שטוב־חיות, קעניגליכע לייבען און מעכטיגע אָדלערס, גראָבע בערען און ווייסע שוואַנען, קלוגע קראָ־הען און באַריהמערישע פּאַוועס און זיך־קוועלענדע נאַכטיגאַלען, שוין ניט רעדענדיג פון די אייזלען און מאַלפּעס. וואָס זיינען אָהן אַ שעור. זי פאַרמאָגט אויך אַן אַנטילאָפּ.

דער אַנטילאָפּ איז געשיקטער און שנעלער פון אַלע ווילדע חיות וואָס גאָט האָט באַשאַפען, ווען ער האָט זיך געווענדעט צו

דער פרוי מיט פאָלגענדע ווערטער: האָט טאַקע אין אמת׳ן גאָט געזאָגט: אַז איהר טאָרט ניט עסען פון אַלע בוימער אין גאָר־טען?...

יא, דער אַנטילאָפּ האָט געשטעלט אַזאַ פראַגע.

דער אַנטילאָפּ לעבט, איז צערטליך און באַוועגליך; ווען ער דערפיהלט זיך אין אַ געפאַהר, איז ער פרעהליך און וויציג, ער איז שטענדיג געשיקט, פלינק און גראַציעז. זיין הויפּט־מעלה — איז גראַציע. עס איז פאַרהאַן אַן אַנטילאָפּ פאַמיליע, וואָס טראָגט דעם נאָמען בני־ישראל. צו איהר באַלאַנגט היינע.

איך צווייפעל, צי באַיראָן האָט געהאַט אַזאַ גרויסען איינפלוס אינ׳ם נייַנצעהנטען יאָהרהונדערט, ווי היינע. אַט דעם איינפלוס קאָן מען מערקען איבעראַל: אין דייטשלאַנד ווי אין עסטרייך און איטאַליען, אין רוסלאַנד ווי אין פוילען, אין פראַנקרייך — פון גאַטיע ביז רישפּען אויפ׳ן צפון האָבען היינע׳ס ווערק פאַרבלאַנדזשעט. די אומגעהייערע לעזע־וועלט האָט זיי ממש געשלונגען. היינע האָט געהאַט אַן איינפלוס אויף איינינגע פון די גרעסטע דענישע שריפטשטעלער, ווי אויף די פאָרשטעהער פונ׳ם עלטערען דור, אויף אַזעלכע, ווי כריסטיאַן ווינטער, אַראַל לעמאַן, עמיל אַרעסטופּ, גאָלדסמיט, אַזוי אויך אויף דער גרויסער צאָהל שריפטשטעלער פונ׳ם אינגערען דור, אָנהויבענדיג מיט יאַקאָבסען׳ען און ענדיגענדיג מיט סאָפוס קלאָוסענען. דאָסזעלבע קאָן מען אויך זאָגען אין באַצוג צו נאָרוועגיען, וואו עס זיינען אונטערגעפאַלען אונטער זיין איינפלוס ווי איבסען און זיינע צייט־גענאָסען, אַזוי אויך אַלעקסאַנ־דער קיללאַנד, גונאַר הייבערג מיט די זייערינגע. נאָר נאָך אין אַ גרע־סערער מאָס ווי אויף די שריפטשטעלער האָט היינע געהאַט אַ ווירקונג אויפ׳ן פּובליקום, אויף דעם גייסט און נשמה פון כמעט יעדער איינער נאָך ניט ענטוויקעלטער פערזאָן.

זיין ווירקונג קאָן מען ניט אָפּמעסטען, יעדענפאַלס איז זי געוועזן גראַנדיעז און מעכטיג, מעגליך, אַז אומבאַמערקבאַר. פאַר כאַראַקטערלאָזע פערזענליכקייטען און שוואַכע קעפּ איז זי שטענדיג געוועזן געפעהרליך, אַרויסרופענדיג ביי זיי עפּעס אַ צודרעהעניש, נאָר אויף געזונטע, שטאַרקע גייסטער האָט זי געהאַט אַ באַפריי־

ענדע, אויפלעבענדע ווירקונג; אין די אַלטע טעג האָט מען זי אויפ־
געכאַפּט גיך, ווי אַ מגפה, נאָר אין די שפּעטערינגע יאָהרען האָט זי
געבראַכט פרוכט. נאָר איצט, ווען איהר קאָנצענטרירטע מאַכט איז
שוין אָפּגעשוואַכט, טראָגט זי זיך נאָך אין לופטען און וועט זיך
נאָך לאָזען פיהלען אין דער אַטמאָספערע פונ׳ם צוואַנציגסטען
יאָהרהונדערט.



# פּאַרטייאישקייט.

בערנע, און אנדערע צוזאמען מיט איהם האבען ארויסגעטראָ־
גען, אדער זיינען געווען גרייט ארויסצוטראגען אן אורטייל איבער
היינע׳ן, טאדלענדיג איהם פאר זיין ניט־ערנסטע באציהונג צו קיין
זאך. אויב מען זאל אפּוואַרפען אן א זייט אלע קליינליכקייטען
און איינצעלהייטען, וואס זיינען א טייל פון בערנע׳ס כעס, ווען
מען אויסגעפינען, אז איינענטליך נעהמט זיך אט דער כעס
דערפון, וואס היינע האט ניט געוואלט באלאנגען צו א
פּאַרטיי. בערנע אליין איז געווען דער גרעסטער פּאַרטיי־מאן אין
דער ליטעראטור, אויף וויפיעל עס איז נאר מעגליך געווען אין זיין
ניט־פּאַרלאַמענטאַרישער צייט.

אין אונזערע צייטען זאגען אפט די קאנסערוואטארען ארוים
א געדאנק, אז קונסט פאלגט נאך איהרע אייגענע צוועקען; אין
יענער צייט האט געהערשט די איבערצייגונג, אז זי דארף דיענען
די לעבענס־אינטערעסען, און אין אלע דייטשע ווערק פון יענער
צייט, ווי אין די קלענערע אזוי אויך אין די גרעסערע, איז שטענדיג
בולט די אורזאכע, וואס האט געצוואונגען די שריפטשטעלער צו
שרייבען. נאר אפילו אזעלכע קלאר־טענדענציעזע, ווי היינע איז
געווען, זיינען אין די אויגען פון די פאנאטיקער (אזעלכע ווי בערנע)
געווען ניט גענוג טענדענציעז. אויף זיי פלעגט זיך באציהען דער
אויסדרוק: ער איז א טאלאנט, ס׳איז אמת, „נאר ער האט ניט קיין
כאראקטער". אט דעם אויסדרוק האט היינע שטארק אויסגעלאכט
אין זיין „אטטא טראלל". אין דעם פאַרוואָרט לאכט ער שוין אפּ
פון דעם, וואס מען דערצעהלט דעם פּובליקום, אז עהרליכע מענשען

זיינען שטענדיג שלעכטע מוזיקאַנטען, און, פאַרקערט, גוטע מוזי־קאַנטען זיינען זעלטען עהרליכע מענשען. נאָר עהרליכקייט, אבער ניט מוזיק, — איז די הויפּט־זאַך אין לעבען.

אין אַ צווייטען פלאַץ זאָגט היינע, אַז דאָס איז אַ סימן פון יענער פערזאָנ׳ס באַגרענעצטקייט, אויב די באַגרענעצטע מאַסע רופט איהם אַן כאַראַקטער און ליבט איהם, אלס אזעלכען; איהר ליבען איז דער רעזולטאַט פון דעם, וואָס די שמאָלע און אויבער־פלאַכע וועלט־אַנשויאונג ווערט זעהר גיך איבערגענומען פון דער מאַסע.

אַז היינע האָט צוליעב די אייגענטימליכקייטען פון זיין כאַ־ראַקטער ניט געהאַט קיין פעסטע שטעלונג — איז קלאָר. נאָר אויב מיר וועלען אַפּשטופּען אַן אַ זייט דעם אומשטאַנד, וואָס אין גע־וויסע פאַלען האָט ער ארויסגעוויזען כאַראַקטערלאָזיגקייט, ווערט פאַר אונז די פראַגע, באַגרינדעט אויפ׳ן פרינציפּען־פּונקט, אַזוי פאָרמירט: מוז אַ דיכטער זיך אומבאַדינגט שטעלען אויף דער זייט פון אַ פּאַרטיי, אָדער ניט?

נעמליך, אין יענער צייט, ווען היינע האָט אין זיין „אַטטאַ טראָלל“ אויסגעלאַכט די מענשען, וועלכע, זייענדיג פאַרכאַפּט פון די לעבענס־ציעלען, האָבען געזעהן אַ מעגליכקייט אין דעם פאַר־בייטען פון אַ טאַלאַנט אויף אַ כאַראַקטער, האָט מען אין דער דייטשער פּאָעזיע זיך ארומגעריסען ארום דער פראַגע, צי דאַרף אַ דיכטער זיך שטעלען אויף דער זייט פון דער אָדער אַנדער פּאַרטיי, אָדער זיך שטעלען העכער פון זיי אַלע. אין הערבסט 1841 איז ערשינען „אַטטאַ טראָל“, וואָס האָט אַזוי אָפּגעלאַכט פון פריילינג־ראַט׳ס יוגענד־ליעדער. אין נאָוועמבער פון זעלבען יאָהר האָט פריילינגראַט, וואָס איז באַריהמט געוואָרען מיט זיינע מזרח־ליע־דער, וואָס זיינען געשריבען אין הוגאָ׳ס סטיל, און האָט מיט אַ שטיקעל צייט צוריק געקראָגען אַ פּענסיע פונ׳ם דייטשען קייזער, אין זיין ליעד „פון שפּאַניען“, געווידמעט דער דערשאָסענעם דיעגאָ לעאָנען, אַנגעשריבען פאָלגענדעס וועגען דעם דיכטער: ער בוקט זיך פאַר׳ן העלד באַנאַפּאַרט און הערט מיט פאַרדראָס אויס הענ־גיענ׳ס געשריי פאַר׳ן טוידט, וואָרים דער דיכטער שטעלט זיך פיעל העכער פון דער פּאַרטיי. נעאָרג הערוועג האָט איהם דערויף גע־

ענטפערט אין זיין ליעד „פּאַרטיי“ (צו פערדינאַנד פרייליגראַט) און די מעהר כאַראַקטעריסטישע זיינען פאָלגענדע סטראָפען:

„פּאַרטיי! ווער קאָן ניט באַציהען זיך מיט כבוד צו אַ פּאַר־טיי, וואָס איז ביז איצט געווען די מוטער פון אַלע זיגען! קאָן דען דער דריטער זיך באַציהען קאַלטבלוטיג צום וואָרט, וואָס האָט געשאַפען אַלץ וואָס איז פּראַכטפול? פאַר אָדער געגען דאַרף זיך אַרויסזאָגען יעדער מוטיגער מענש. אונזער לאָזונג איז: אַ שקלאַף אָדער אַ פרייער. אפילו געטער האָבען זיך אַראָפּגעלאָזט אויף דער ערד פונ׳ם אָלימפּ און האָבען מיט דער געטליכער קראַפט זיך געשטעלט אויף דער זייט פון אַ פּאַרטיי“.

ווען הערוועג האָט מיט אַ יאָהר שפּעטער אין זיין ליעד „דער דועט פון פּאַנסיאָנערען“ חוזק געמאַכט פון פרייליגראַט׳ן פאַר דער פּענסיע וואָס ער קריגט, „די אינוואַלידען־פּענסיע“, ווי ער האָט זי אָנגערופען, האָט דער דיכטער, ווי באַקאַנט, זי צוריק אומגעקערט דעם דייטשען קייזער, איז געוואָרען אַ פּאָעט־פּאָליטיקער, און איז אַזוי גיך באַקעהרט געוואָרען פון אַ ראַדיקאַל אויף אַ רעוואָלוציאָ־נער, אַז ווען עס האָט אויסגעבראָכען די רעוואָלוציע אין 1848, איז זיין ראָלע געווען די גרעסטע פון אַלע רעוואָלוציאָנערע דייטשע דיכטער. מיר זעהען, אַז פרייליגראַט האָט אָנערקענט הערוועג׳ן אַלס גערעכט. נאָר דאָס באַווייזט נאָך ניט, אַז הערוועג איז ווירקליך טאַקע געווען גערעכט.

די פראַגע, צי אַ דיכטער דאַרף זיין אַ פּאַרטיי־מאַן איז זעהר אַ האַרבע. זי איז האַרב איבער דער פּיעל־באַדייטונג פונ׳ם וואָרט פּאַרטיי. היינע און בערנע, פרייליגראַט און הערוועג האָבען עס אין פאַרשיידענע צייטען פאַרשיידען אויסגעטייטשט.

אויב דער דיכטער פאַלט אונטער דער באַגרענעצטער פּאַרטיי־פּראָגראַם, אָדער רעליגיעזער לעהרע, פאַרלירט ער נאָר דערפון, ווי שמאָל ער אַליין זאָל ניט זיין. קאָן מען דען אָננעהמען, אַז זיינע אידעאַלען זיינען פונקט צוגעפּאַסט צו די פּאַרטיי־אויפגאַבען מיט זייער באַגרענעצטער באַשטימטקייט? אויב טהאָמאַס מור איז געווען דער וועהיג־דיכטער, און וואַלטער סקאָט — דער טאָרי־דיכטער, איז נאָר דערפאַר, וואָס זייערע מחות זיינען ניט געווען איבעריג גרויס. באַיראָן איז געווען טיעפער פון זיי ביידע, און

פון ביידע פּאָליטישע פּאַרטייען. דאָך פּיהלט יעדערער אינס־טינקטיוו, אַז ער וואָלט געוועזן אומגערעכט ווען ער זאָגט, אַז באיראָן אַלס דיכטער, איז ניט געשטאַנען אויף אַ זייט פון אַ געוויסער פּאָ־ליטישער אָדער רעליגיעזער פּאַרטיי. ער איז דאָס געוועזן מעהר ווי שילער, וועלכער קאָן אין פּאָליטישער הינזיכט ניט צוגערעכענט ווערען צו קיין פּאָליטישער פּאַרטיי שוין דערפאַר אַליין, וואָס אין זיין צייט האָבען אין דייטשלאַנד קיין פּאַרטייען ניט עקזיסטירט.

עס זיינען פאַרהאַן אָפּהאַנדלונגען איז דער שעהנער ליטע־ראַטור, וואָס האָבען ניט קיין שום שייכות צו פּאַרטייאישקייט. דער דיכטער פון ליעבע ליעדער קאָן ניט צוגערעכענט ווערען צו קיין פּאַרטיי, כאָטש מען קאָן ניט זאָגען, אַז ער איז אויסגעשלאָסען פון דער קינסטלער־פּאַרטיי. ווארים ווען מיר הויבען נאָר אָן רעדען וועגען ריכטונגען אין קונסט, שטויסען מיר זיך באַלד אָן אויפ׳ן וואָרט „פּאַרטיי“. נאָר ווען דער דיכטער ריהרט זיך נאָר צו צו אַ סוזשעט, דער יסוד פון וועמען עס זיינען די וועלט־אַנשויאונג און אידעען, מוז ער זיך אַנשליסען אין איין פּאַרטיי. ער מוז אויס־קלויבען איינע פון די וועלט־אַנשויאונגען.

אויב מיר וועלען וועלען איינשטימען מיט פּריילינגראַט׳ס מיי־נונג, אַז דער דיכטער האָט נאָר דאָס רעכט באַגייסטערט צו ווערען פאַר נאַפּאָלעאָנ׳ען און צו דערזעלבער צייט זיין ענטריסטעט פונ׳ם מאָרד אויף ענגינ׳ען, האָט די מיינונג גאָרניט וואָס צו טאָן מיט דער פראַגע וועגען פּאַרטייאישקייט. ווארים דאָס באַדייטעט פאַר אונז, אַז דער דיכטער האָט זיך ניט אָפּגעזאָגט פון זיין רעכט צו אורטיילען וועגען דער פאַרגאַנגענהייט פון דעם שטאַנד־פּונקט פון גערעכטיגקייט און באַמערקען די שלעכטע און גוטע זייטען פון זיינע העלדען. פּאַרטייאישקייט איז אַ מעהר באַשטימטער זין פון וואָרט איז ניט דאָס אָפּשאַצען פון דער פאַרגאַנגענהייט, עס האָט מעהר צו טאָן מיט דער פראַגע פון דער צוקונפט, און מען קאָן ניט געהן אין איין צייט אויף צוויי פאַרשיידענע וועגען.

דאָס וואָרט „פּאַרטיי“ האָט נאָך די שוואַכקייט: אַ פּאַרטיי מיינט אַ טייל, — נעמליך, אין דעם פאַל מיינט עס אַ געוויסען טייל פון דעם לאַנד׳ס באַפעלקערונג; אָבער דער דיכטער דאַרף באַלאַנ־גען צו זיין לאַנד און פאָלק, און ניט צו אַ געוויסען טייל פון זיי.

אויף אַזאַ אופן, איז די פּאַרטיי אַ שמאָלער באַגריף, דאָס פאָטער־לאַנד — אַ ברייטער. אויב אונטער׳ן וואָרט „פּאַרטיי“ ווערט פאַרשטאַנען, צום ב. ש., אַ פּאַקטיש באַוואוסטע פּאָליטישע פּאַרטיי, וואָס ענטשפּרעכט מעהר אָדער ווייניגער איהר נאָמען און פּראָגראַם, דאַרף מען אָנערקענען, אַז דאָס פאָטערלאַנד, פאַרשטעהט זיך, שטעהט איבער אַלע פּאַרטייען.

אויב מיר ווילען, פאַרקעהרט, פאַרשטעהן דאָס וואָרט „פּאַר־טיי“ אין דעם זין, ווי מען שרייבט עס צו צושילער׳ן און באַיראָנ׳ען, ווען מיר זאָגען, אַז זיי זיינען געשטאַנען נאָהענט צו אַ פּאַרטיי, באַקומט דאָס וואָרט אַ ברייטערע באַדייטונג ווי דאָס וואָרט „פאָ־טערלאַנד“; דערפאַר וואָס „פאָטערלאַנד“ מיינט, אַ באַשטימט־באַגרענעצטער שטח ערד, געוויסע פאַרענדיגטע אינטערעסען, אַ געוויסע פאַרענדיגטע געשיכטע, און די „פּאַרטיי“ איז דעם אויבענ־דערמאַנטען זין מיינט אַ סיסטעם פון אידעען, וואָס זיינען ניט פאַרבונדען מיט קיין אָרט: וועלטליכע אידעען, אַלגעמיינע אינ־טערעסען פון דער מענשהייט. און אויב די פּאַרטיי, ווי עס איז אין אַלגעמיין אָנגענומען, איז נאָר אַ פאַרקערפּערונג פון די מענש־ליכע גרונד־שטריכען פון אַ געוויסער צייט, איז יערענפאַלס, פאַר־נעהמט אַ יאָהרהונדערט, אַ גרעסערען פּלאַץ ווי אַ פאָטערלאַנד, און דער דיכטער טוט אַ טובה זיין פאָלק דערמיט, וואָס ער שטופּט אַרויס זיין וועלט־אַנשויאונג ווייטער פון די גרעניצען פון דער איינגער פאַרשטעלונג וועגען לאַנד.

בערנע און היינע זיינען, נאָך מיין מיינונג, ביידע געווען ביז׳ן העכסטען גראַד, פּאַרטיי מענשען, נאָר דאָס האָט זיי ניט געשטערט צו זיין אין דערזעלבער צייט די גרעסטע פּאַטריאָטען; אַזוי וויינ־ציג איז זייער פּאַרטייאישקייט געווען אַ שטערונג צו זייער ליעבע צום פאָטערלאַנד.

בערנע איז געווען באַוואוסט אין דער אָפיציעלער פּרעסע אין זיין צייט ניט נאָר אַלס זינלאָזער ראַדיקאַל, נאָר אַלס פיינט פון פאָטערלאַנד. ער האָט געהאַט אַ געפעהרליכע אייגענשאַפט, אַזוי בולט אויסצודריקען זיינע געדאַנקען, אַז זיי פּלעגען אָפּשטויסען, באַליידיגען, אָדער אַרויסרופען פאַרקעהרטע האַנדלונג. ער האָט, אַ שטייגער, אַרויסגערופען גרויס אומצופרידענהייט מיט זיין ער־

קלערונג, אַז יעדעס פאָלק קאָן אַרונטערוואַרפען זיין קעניג, אויב זיין נאָז געפעלט ניט דעם פאָלק, און גאַנצע ביכער מיט זידלערייען אויף איהם זיינען אַנגעשריבען געוואָרען, דערפאַר וואָס ער האָט אַנגערופען די דייטשען „שקלאַפען אין דער נאַטור". עס איז דער גאַנגען אַזוי וויים, אַז ער האָט זיי גערופען „דאָס קעלנער פאָלק".
אָט וואָס ער אַליין שרייבט וועגען דעם:
„וואָס זאָל איך טאָן מיט מענשען, וואָס גלויבען ערנסט, אַז איך האָב גע׳עצה׳ט די פעלקער אַראָפּצואוואַרפען זייערע קעניגען, אויב זייערע נעזער געפעלען זיי ניט?... ווען איך זאָל זאָגען: „מיינע הערען, נעהמט ניט מיינע ווערטער אין בוכשטעבליכען זין", וואָלטען זיי, מעגליך, מיר געווען געגלויבט, אָבער וואָס פאַר אַ נוצען וואָלט עס געבראַכט? מען וואָלט מיר געענטפערט: „איהר דאַרפט געדענקען, אַז איהר שרייבט ניט הויפּטזעכליך פאַר געבילדעטע מענשען, נאָר אַז פיעלע ניט־געבילדעטע וועלען אייך אויך לייענען". — דערויף וואָלט איך אָדער גאָרנים געענטפערט, אָדער וואָלט פשוט געזאָגט: „פיהרט מיך אַוועק אין תפיסה". פאַר׳ן געריכט וואָלט איך געהאַלטען אַזאַ דרשה: „מיינע הערען! דער דייטש איז אַ קראָקאָדיל. (אַלגעמיינע ענטריסטונג: קראָקאָדיל! צום פּונקט!) מיינע הערען! דער דייטש איז אַ קראָקאָדיל (צום פּונקט! דער פאָרזיצענדער: — איהר מיסברויכט דאָס רעכט פון פאַרטיידיגונג.) מיינע הערען! דער דייטש איז אַ קראָקאָדיל — איך בעט ערלויבעניש זיך אַרויסזאָגען ביז׳ן סוף. עס זאָל ניט פאַרשטאַנען ווערען, אַז איך מיין מיט מיינע ווערטער ווילדקייט אָדער קראָקאָדילען־טרערען. דער דייטש איז אַ גוטהאַרציגע שטוב־חיה און פאַרגיסט אַזעלכע ריינע אמת׳ע טרערען, ווי יעדער אויסגעשמיסען קינד. אויב איך רוף אַז דאָס דייטשע פאָלק קראָקאָדילען, איז דאָס אַ דאַנק זיין אויסערליכען הייטעל, וואָס איז עהנליך צו אַ קראָקאָדילישען. עס באַשטעהט פון הארטע שופּען, און איז עהנליך צו אַ ציגעלנעם־דאַך. אַלץ, וואָס פאַלט אַרויף אויף איהם, שפּרינגט צוריק אָפּ, אַלץ וואָס פליסט, רינט דורך איהם דורך. שטעלט זיך פאָר, מיינע הערען, אַז איהר האָט באַשלאָסען צו מאַגנעטיזירען אַזאַ קראָקאָדיל, כדי אָביסעל צו היילען זיינע שוואַכע נערווען, און אָביסעל, אָדער הויפּטזעכליך טאַקע צוליעב

דעם, אום איהר זאָלט קאָנען זעהן זיינע אינגעווײדען, זיך דער־וויסען זיין קראַנקהייט און וואָסערע היילונגס־מיטלען איהר דאַרפט געברויכען. וואָס וואָלט איהר געטאָן אין אַזא פאַל? איהר וואָלט איהם געגלעט מיט אייער וואַרימער האַנט איבער זיין קראָקאָדילען פאַנצער? ניין, איהר זענט צו קלוג פאַר דעם, איהר וועט דאָך דערמיט קיין שום ווירקונג אויף איהם ניט האָבען. איהר וועט איהם טופּען מיט די פּיס, אַריינקלאַפּען צוועקעס אין זיין פעל, און אויב דאָס וועט אויך ניט זיין גענוג, וועט איהר אין איהם אַריינשיסען אַ פּיער הונדערט ביקסען־קוילען. איהר וועט אויס־רעכענען, אַז ניין־און־ניינציג פון זיי וועלען זיין פוסטע, און דערפאַר וועט איינע, די הונדערטע, טרעפען אין פונקט, וועט עס האָבען די צאַרטע און באַשיידענע ווירקונג, וואָס איז געווען דער ציעל פון אייער מאַגנעטיזירען. דאָס, אייגענטליך, האָב איך געטאָן...“ („פּאַריזער בריעף“, פונ׳ם 14טען דעצעמבער, 1831).

מיר זעהען, אַז בערנע׳ס שאַרפע אויסדרוקען ווענען די דייטשע שקלאַפען־זיטען און פּאַסיוויטעט דריקען נאָר אויף אַ פאַרשטעלטען אופן אויס זיין ליעבע צום פאַטערלאַנד. זיין פּאַטריאָטיזם איז שטענדיג אַן אָפענער. נאָר ער ברעכט זיך דורך אַ וועג דורכ׳ן טרויעריגען סאַרקאַזם, ווי דורך די גייסטיגע דיפיראַמבען ביי אַנדערע.

וואָס באַלאַנגט היינע׳ן, איז בערנע אָהן צווייפעל געווען גע־רעכט, זאָגענדיג, אַז דעם דיכטער׳ס בויגיגער טעמפּעראַמענט האָט געמאַכט פאַר איהם אונמעגליך צו אָנפיהרען אַ קאַמף פאַר פּאָ־ליטישע איבערצייגונגען; ער איז אויך געווען גערעכט אין זיין באַהויפּטונג, אַז היינע, ווי מיר האָבען פריהער אָנגעוויזען, האָט געליטען פון דאָפּעלטקייט און אומקלאָרהייט, דערפון, וואָס ער האָט זיך גערעכענט אי אַלס פאָלקס־רעוואָלוציאָנער, אי אַלס אָנ־הענגער פון אַריסטאָקראַטיזם. נאָר אויב היינע האָט ניט געוואָלט באַלאַנגען צו קיינער פון די אין זיין צייט עקזיסטירענדע פּאָלי־טישע אָדער רעליגיעזע פּאַרטייען, איז דאָס דערבעסטער באַווייז פון זיין גייסטיגער ענטוויקלונג. זיין שפּאָט אין „אַטטא טראָל“ איבער די אָפּאָזיציאָנעלע פּרעדיגער־קלעריקאַלען איז אָנציהענד און גאַנץ גוט באַגרינדעט. דאָס באַווייזט, אַז ער האָט פיינט גע־האָט דעם דאָגמאַטיזם אין אַלע זיינע ווענדונגען.

דערפאַר איז בערנע אומגערעכט מיט זיין באַהויפּטונג, אַז היינע האָט אין פולען זין פון וואָרט זיך אָפּגעריסען פון זיין פּאַרטיי, האָט פאַרוואָרפען אַלע גרונד־אידעען, פאַר וועלכע ער האָט געקעמפט. דאָס האָט ער אפילו ניט געטאָן דעמאָלט, ווען ער האָט נאָך אַן אַכט־יאָהריגען מאַרטירערטום אויף זיין טויטען־בעט מיט גרויס מיה אויפגעעפענט זיינע פּאַראַליזירטע שלייפען, אום צו געפינען דעם גאָט אין הימעל, וועמעס פּוסטקייט ער האָט אַליין באַשריבען מיט טרויער און צאָרן.

אין יענער צייט איז היינע געוועזען ניט קיין קלענערער פּאַטריאָט ווי בערנע. פאַר יעדען קענער פון היינע׳ס ווערק איז, פאַרשטעהט זיך, באַקאַנט די שעהנע שטעלע, צום סוף פון די „רייזע בילדער“, וואו עס ווערט דערצעהלט די כראָניק פון׳ם קעניג מאַקסימיליאַן. ער איז איינגעשפּאַרט אין טיראָלער תפיסה, פאַרגעסען פון זיינע ריטער און הויפס־לייט, ווען עס עפענט זיך אויף די תפיסה־טיר און עס קומט אַריין אַ פאַרמאַסקירטער מאַן, אין וועמען דער קעניג דערקאַנט קונץ־פאַן־דער־ראָזענע, זיין געטרייען הויף־וויצלער.

איך האַלט, אַז אַט די היינע׳ס ווערטער זיינען ניט נאָר שאַרפזיניג, נאָר אויך אמת:

„אָ, דייטשלאַנד! אָ, טייער דייטש פאָלק! איך בין דיין קונץ פאַן דער ראָזען. איך בין דער מאַן, וועמעס גאַנצע ארבייט איז באַשטאַנען נאָר אין זאָגען וויצען, און וועלכער האָט געקאָנט אין די אויפהאַלטען דעם פרעהליכען גייסט; איצט, אין טרויעריגען מאָמענט, געה איך אַריין אין דיין צעל; אונטער מיין מאַנטעל האַלט איך דיין קעניגליכען סצעפּטער און דיין קרויז. — דערקענסטו מיך, מיין קעניג?... אויב אפילו דו קוועלסט זיך איצט אין די קייטען, וועט דאָך דיין גוטע ארבייט, פריהער אָדער שפּעטער, טריאומפירען, דער באַפרייאונגס־טאָג דערנעהנטערט זיך, עס פאַרנעמט זיך דער פריהמאָרגען פון אַ נייער צייט. מיין קעניג, די נאַכט איז פאַראיבער, און פון יענער זייט וועגט דיינע, הויבט זיך אָן דער מאָרגען רויטלען“.

אויב מיר ווילען זיך ניט אָפּשטעלען אויף די איינצעלהייטען, אויף דרייסטע איינפאַלען און פרעהליכע שפּאַסען, ווען מיר

זיך איבערצייגען, אז דאָס געפיהל, וואָס האָט געפונען אין אַ די ווערטער אַ קלאַסישען אויסדרוק, איז מעכטיג ביי היינע'ן. ניט זיין פּאַרטייאישער שטאַנדפּונקט, און די באַגייסטערונג פאַר פרעמדע רעכט און סיסטעם, וואָס זיינען אַ אויסגאַנג פון דעם שטאַנדפּונקט, האָבען ביי איהם צוגענומען די אמת'ע און טיעפע ליעבע צו זיין פאָטערלאַנד, וואָס האָט איהם געמאַכט אַזוי שטאַרק צו ליידען פון בענקשאַפט נאָך זיין היימלאַנד. נאָר ער האָט ניט געהאַט יענעם פּאַטריאָטיזם, וואָס עס פאַרמאָגט אַ פּשוט'ער דייטש, וואָס באַשטעהט אין דעם, אַז דאָס האַרץ קוועלט זיך, ווערט איינגעשרומפּען ווי פּעל אויף דער קעלט: אין איהם איז לעבעדיג געווען יענער פּאַטריאָטיזם, וואָס דערוואַרימט דאָס האַרץ און צושפּרייט עס, אַזוי אַז דורך זיין ליעבע צו זיין לאַנד, אומ־אַרמען מיר די גאַנצע ציוויליזירטע וועלט. און ווי אַזוי האָט ער געקאַנט ניט ליעבען דייטשלאַנד! ווי ער האָט אַליין געזאָגט, און ווי יעדערער וואָלט געזאָגט וועגען זיין היימאַט: „די הויפּט־זאַך איז דאָס, וואָס דייטשלאַנד זיינען מיר". זיין גאַנץ וועזען האָט דאָך געקראָגען דעם שטעמפּעל פון זיין געבורט אין דייטשלאַנד און פון די יוגענד־יאָהרען וואָס ער האָט דאָרט פאַרבראַכט.

און אַזוי ווי ער האָט געמוזט פאַרברענגען די צווייטע העלפט פון זיין לעבען אין האַלב־ווילענדיגען, האַלב ניט־ווילענריגען גירוש, און נאָך מעהר היימלאָז איז ער געווען דערפאַר, וואָס דער דייטשער בונד האָט קאָנפיסקירט זיינע ווערק, איז די דייטשע שפּראַך פאַר איהם געוואָרען די אמת'ע, העכסטע היימאַט. ער האָט זיך אַליין אויסגעדריקט, אַז די דייטשע שפּראַך איז זיין היילינסטער פאַר־מעגען, דער אומבאַקעמפּטער סטימול פון פרייהייט, און ער האָט זי ערקלערט אַלס אַ ניי פאַטערלאַנד פאַר דעם, וועמעס נאַרישע עקשנות האָט פאַרטריבען פון זיין אמת'ען לאַנד.

.10

# אימערמאַן.

אַלע וואָס זיינען באַקאַנט מיט היינע'ס ווערק און בריעף האָבען געמוזט באַמערקען די הארציגע פריינדשאַפט און צערטליכע באַציהונגען, וואָס האָבען אין דער יוגענד איהם פאַרבונדען מיט קאַרל אימערמאַנ'ען. ער האָט פאַרגעשלאָגען אימערמאַנ'ען אריינצושטעלען עטליכע פון זיינע עפּיגראַמען אין די „רייזע בילדער“, און ווירקליך איז צווישען די אַפּטיילונגען „רייזע־בילדער“ און בוך „לע־גראַנד“ אריינגעשטעלט געוואָרען אַ האַלבער בויגען פון אימערמאַנ'ס ריפּם־עפּיגראַמען, אין וועלכע עס ווערען אויסגעלאַכט די שריפטשטעלער און דער ליטעראַטור־לאַגע פון יענער צייט, — צווישען אַנדערע אויך די דיכטער, וואָס האָבען געשריבען ליעדער אין דער אַריענטאַלער פאָרם; אַט די עפּיגראַמען האָבען שטאַרק געטראָפען פּלאַטענען און ארויסגערופען זיין דראַמאַטישע סאַטירע „דער ראָמאַנטישער עדיפּ“, און דערנאָך היינע'ס ענטפער אויף איהר.

ס'איז מערקווירדיג פּלאַטענ'ס נאַכלעסיגקייט, וואָס ער האָט אַנגערופען אַלס ראָמאַנטיקערביידע שריפטשטעלער, וואָס האָבען, ניכער ווי אימיצער אַנדערש און אפילו מעהר ווי פּלאַטען אַליין, מיטגעהאָלפען דער ענטוויקלונג פונ'ם נייעם גייסט און נייער קונסט, און זיינען, יעדערער אויף זיין שטייגער, געוואָרען די גרינדער פון דער מאָדערנער פּאָעזיע.

קאַרל אימערמאַן, געבוירען אין 1796, איז געווען מיט איין יאָהר עלטער פון היינריך היינע'ן, אַ זוהן פון אַן אַלטען פּערזאַנטישען געוועזענעם בעאַמטען אין מאַגדעבורג; אַליין פאַר זיך

איז ער געווען אַ גאַנץ ענטוויקעלטער; דער פּרייסישער גייסט, וואָס האָט אויף היינע'ן קיין שפּור ניט איבערגעלאָזט, איז זעהר פריה אין איהם פאַרקערפּערט געוואָרען. זיי זיינען געווען געגענזאַצען כמעט אין אַלעם.

אימערמאַן האָט אַלס וואָלונטיר גענומען אַנטייל אין שלאַכט נעבען וואַטערלאָא, איז מיט'ן חיל אַריין אין פּאַריז, אַרויס פון דיענסט מיט'ן ראַנג אָפיצער און זיך גענומען שטודירען רעכט אין האַללע. אַ דאַנק דעם שטרענגען געפיהל פון גערעכטיגקייט, וועלכער איז געווען איינגעבוירען אין איהם, האָט ער זיך צוקריעגט מיט דעם גרויסען סטודענטען־בונד „טעוטאָניע", וואָס האָט זיך גענומען דאָס רעכט פון מאָראַלישער הערשאַפט איבער אַלע סטודענטען, וועלענדיג איינפיהרען מאָראַל־ריינקייט מיט דער הילף פון גראָבקייטען, און האָט זיך אַרויסגעצייגט אַלס מאַכט־ליעבענדער און זעהר גראָב. מיט דעם בונד האָט אימערמאַן אין פאַרלויף פון עטליכע יאָהר געפיהרט אַ קאַמף. פיעל מאָל האָט ער געמוזט אַנקומען נאָך פּאָליציי־הילף, צוליעב די פאַרפאָלגונגען און באַליידיגונגען, וואָס ער פלעגט אויסשטעהן פון'ם בונד. דעריבער האָבען די געגנער איהם פאַראַכטעט, און די הערשענדע פּאַרטיי האָט איהם אַנגערופען מוסר; אַט די באַשולדיגונג האָט געהאַט אַ גרונד, וואָרים די פאַרשטעהער פון דער פּאָליטישער רעאַקציע האָבען, געגען זיין ווילען, זיך באַנוצט מיט זיין געגנערשאַפט צו די אומווירדיגקייטען, וואָס די סטודענטישע אָרגאַניזאַציעס האָבען זיך ערלויבט, אום זיי צו אונטערדריקען און דערנאָך זיי אינגאַנצען צושליסען. זינט דעמאָלט האָט אימערמאַן געלעבט אינגאַנצען אָפּגעזונדערט. פיעל פון זיין נאַטור, דאָס טרוקענע און די אייגענאַרטיגקייט פון זיין כאַראַקטער, ווערט דערקלעהרט מיט זיין דאַמאָלסדיגער לאַגע. אָזאַ אָפּגעזונדערטקייט איז אַ גינסטיגער באָדען פאַר דער ענטוויקלונג פון שטאָלצקייט און זעלבסט־ווירדע.

אין 1819 האָט אימערמאַן געקראָגען אַ אַמט איז געריכט אין מיונסטער, וועסטפאַליע, אַ שטרענג־קאַטוילישע פּראָווינץ־שטאָדט. ער האָט זיך גלייך דערפיהלט פרעמד צו דער אָרטיגער באַפעלקערונג. נאָר דאָ האָט ער, אין אַ שטיקעל צייט אַרום, זיך באַקאַנט

מיט אַ פרוי, וואָס האָט געהאַט אַ גרויסען איינפלוס אויף זיין שפּע־טערדיגען שיקזאַל.

ליזאַ פאָן־ליוצאָוו איז געווען פון דענישער אָפּשטאַמונג. זי האָט געהייראַט מיט אַ בריגאַדיר־קאָמאַנדיר, אַדאָלף פאָן ליוצאָוו, דער באַוואוסטער פיהרער פון וואָלונטערען־קאָרפּוס, וועמען קערנער האָט באַזונגען. אַ נעבוירענע אַלס גרעפין אַלפעלדט־לאורוויג, אין טראַנקעקער לאַנגלאַנד, איז זי צו יענער צייט אַלט געווען 20 יאָהר און האָט יעדען באַצויבערט מיט איהר גראַציע, מאַניערען, גוטער נשמה און איידעלען כאַראַקטער. פון איהר פריהסטער יוגענד אָן האָט זי געמאַכט אַ טיפען איינדרוק אויף יעדען, וואָס האָט זיך מיט איהר באַקאַנט.

זי איז געווען אַ יורש׳טע פון גרויסע רייכטימער, אָבער זי איז אויסגעוואַקסען צווישען אומגליקליכע פאַמיליען־פאַרהעלטענישען. איהרע עלטערען זיינען זיך צוגאַנגען, ווען זי איז פערצעהן יאָהר אַלט געווען. דער גראַף אַלפעלדט, באַליעבט פון פרידריך דעם זי־בעטען, האָט געהאַט אַ גענוס־זוכענדען טעמפּעראַמענט; ער האָט אויפגעהאַלטען אַ האַרעם, האָט ליעב געהאַט מוזיק און טעאַטער, האָט אויפגעהאַלטען אין טראַנקעקער אַ שטענדיגען אָרקעסטער און אַ טרופּע פון דייטשע און פראַנצויזישע אַקטיאָרען; ער איז געווען אַזוי ניט־אויסגערעכענט, אַזוי פאַרשווענדעריש און גאַסט־פריינד־ליך, אַז אפילו זיין רייכטום האָט זיך לאַנג ניט געקאָנט האַלטען. דער גרעפינ׳ס באַקאַנטשאַפט מיט אימערמאַנ׳ען איז פאָרגעקומען ביי פאָלגענדע אומשטענדען: זי האָט זיך געווענדעט צו איהם נאָך אַ יורידישער עצה, ווארים איהר פאָטער האָט ניט נאָר פאַר־האַלטען איהר ירושה, וואָס איז געבליבען פון דער מוטער — די מוטער איז געשטאָרבען אין 1812 — נאָר ער האָט אפילו ניט גע־וואָלט איהר אַרויסגעבען די יעהרליכע סומע, צו וועלכער זי איז געווען בארעכטיגט.

לאַנג האָט דער גראַף ניט געוואָלט איינשטימען אויף דער טאָכטער׳ס הייראַט מיט אַן אָרימען און דעמאָלט נאָך גאַנץ אומ־באַקאַנטען אויסלענדישען אָפיצער. נאָר ערשט אין 1810 האָט ער געגעבען זיין ערלויבעניש. און ווען אין 1813, האָט אויפ׳ן פאָרשלאַג פון פרידריך דעם דריטען, די דייטשע יוגענד זיך געכאַפּט פאַר׳ן

געוועהר מיט גרויס באַגייסטערונג, און ליוצאַוו האָט נעגרינדעט דעם באַוואוסטען קאָרפּוס פון שוואַרצע יעגער, האָבען די ליוצאָוו־צעס, דער „דרייסטער, ווילדער אַטריאַד" ענטדעקט זייער וואָלקריע אין דער געשטאַלט פון זייער פיהרער׳ס פּראַכטפולער פרוי, וועלכע איז פאַרגעטערט געוואָרען פון דער מאַסע. עליזע, וואָס האָט, ווי עס זעהט אויס, פון קינדווייז אַן גערעדט דייטש, זיך געפיהלט אויפ׳ן דייטשען באָדען ווי אַ טאָכטער פון איהר נייעם פאַטערלאַנד און האָט מיט איהר גאַנצער נשמה זיך איבערגעגעבען צו זיין שיק־זאַל. זי האָט באַגייסטערט די דרייסטע, איז ארומגעגאַנגען מיט אַ העלדען־מוט אַרום די קראַנקע, איז געווען אַ הילף און טרייסט פאַר די בעסטע יונגע־לייט, און נאָך אַ זיעג, פלעגט מען איהר ברענ־גען די בעסטע טראָפעיען. דער אָפיציער, וואָס איז דער ער־שטער, נאָכ׳ן שלאַכט נעבען „בעל־אַלבאַניע", אריין אין דער פאַר־כאַפּטער נאַפּאַלעאָנ׳ס קאַרעט, האָט איהר געבראַכט אַ פּאָר האַנד־שוה און צוויי גלעזער, וואָס האָבען באַלאַנגט צום אימפּעראַטאָר.

נאָכ׳ן שליסען פון פרידען האָט זי געוואוינט מיט׳ן מאַן אין פאַרשיידענע שטעדט, אין וועלכע מען האָט איהם אַלע מאָל אי־בערגעפיהרט, און פון 1817 האָט זי געוואוינט אין מיונסטער. די קליינליכע, נאַרישע, חניפה־דיגע געוואוינהייטען פון דער באַפעל־קערונג זיינען איהר געווען דערווידער, נאָר אויך דאָ, ווי אומעטום, וואו זי האָט זיך געפונען, האָט זי געקאָנט אַרום זיך צונויפנעהמען אַ קרייז פון פריינט, וואָס זיינען באַגייסטערט געוואָרען פון איהר אויסערגעוועהנליך עסטעטישען געשמאַק און איידעלען שכל, וואָס האָט זיך אַרויסגעוויזען ניט נאָר אין איהר געשפּרעך, נאָר אפילו אין איהר שמייכלען און אין פּשוט׳ען בויג פון קאָפּ.

אימערמאַן האָט פון דער ערשטער באַגעגעניש אין איהר דער־זעהן ווי עפּעס אַן ענטדעקונג פון דער העכסטער, איידעלסטער וועלט, נאָך וואָס ער האָט אַזוי געבענקט אין זיין איינזאַמען, ניט פרעהליכען לעבען. אין דעם, צו אַ שלאָס עהנליכען, הויז, וואו די ליוצאָוו׳ס האָבען געוואוינט, וואָס איז פריהער געווען אַ מאַנאַסטיר מיט גרויסע פענסטער און הויכע טירען, האָט עליזע, ארומגערינ־גלט מיט בלומען, ביוסטען, ביכער, בילדער, פויגלען, הינט און פאַרעהרער אויסגעקוקט ווי אַ דאַמע פון די לאַנג פאַרגאַנגענע ריי־

טער־צייטען, אָדער ווי איינע פון יענע פרינצעסינס פון דער אויפ־בליהונגס־צייט, וואָס האָט געצווינגען די דיכטער צו איהר שלאָס און זיי באַגייסטערט.

דאָס יאָהר 1825 האָט געבראַכט אַ גרויסע איבערקעהרעניש אין עליזע'ס לעבען. דער גוטמוטיגער און ריטערישער, נאָר לייכט־זיניגער און גיך־זיך־איינליבענדער ליוצאָוו האָט זיך אַזוי שטאַרק פאַרליעבט אין אַ קאָקעטישער און ניט־אינטערעסאַנטער פרוי, אַז ער האָט געבעטען ביי דער ווייב, זי זאָל איהם פריי לאָזען. זי איז ניט געווען צוגעגרייט פאַר אַזאַ שריט פון זיין זייט. נאָר אונטערהערענדיג ליוצאָוו'ס געשפּרעך מיט זיינעם אַ פריינד, וואו ער האָט זיך אויסגעדריקט, אַז ער האָט שוין אַ פאַרטיגען פּלאַן צו הייראַטען אַ רייכע יורש'טע, האָט זי מיט אַנדערע אויגען אָנגע־הויבען קוקען אויף זיין אַמאָליגער דרינגענדער עקשנות מיט איהר חתונה צו האָבען — און ער האָט פיעל פאַרלאָרען אין איהרע אוי־גען. מיט איהר שטאָלצקייט האָט זי גלייך איהם געלאָזט וויסען, אַז זי וויל ניט זיין קיין שטערונג פאַר זיין גליק און גלייך צוגע־שטימט צו אַ גט. די אורזאַכע דערפון האָט זי קיינעם ניט פאַר־טרויט. מיט קיין איין שאַרף וואָרט האָט זיך דאָס פּאָר פאָלק ניט פאַרביטען. אין אַפּריל 1825 האָבען זיי זיך געזעגט. פאַר'ן און נאָכ'ן גט האָט ליוצאָוו געשריבען בריעף צו עליזע'ן, אין וועלכע ער האָט אויסגעדריקט זיין וואַרימסטע פריינדשאַפט און גרויסע באַגייסטערונג. פאַר איהם האָט די שיידונג געהאַט די אומגליק־ליכסטע רעזולטאַטען. מען האָט איהם געטאַדעלט פון אַלע זייטען, און ווען די זאַך איז שוין געשעהן, האָט זיין קאַפּריזנע דאַמע איהם אָפּגעזאָגט. צו שפּעט האָט ליוצאָוו חרטה געקראָגען אויף זיין צור־געהן זיך מיט עליזע'ן, און ווען ער האָט מיט עטליכע יאָהר שפּע־טער, אום צו קריגען זיין אייגען ווינקעל, חתונה געהאַט מיט דער אַלמנה פון זיין פאַרשטאָרבענעם ברודער, האָט די צווייטע ווייב אַרויסגעצייגט אַן אומערטרעגליכען כאַראַקטער, און ער האָט די לעצטע יאָהרען פון זיין לעבען געפיהרט אַ ביטערע עקזיסטענץ.

אַזוי ווי דער גט האָט עליזע'ן געמאַכט היימלאָז און זי איבער־געלאָזט אין פולער איינזאַמקייט, האָט דאָס געבראַכט אַלץ ווייטער צו אַ גרעסערער דערנעהנטערונג צווישען איהר און דעם יונגען

דיכטער, וועלכער האט אין דער יונגער פרוי געזעהן זיין אידעאל. אימערמאן האט שטארק געוואלט זיך אויף אייביג מיט איהר פאר־בינדען, נאר עליזע האט מיט שרעק געטראכט וועגען דער מעגליכ־קייט פון א צווייטער הייראט: דעם מנהג אליין האט זי געהאסט. און דערצו האבען נאך די זעקס יאהר וואס זי איז עלטער פון איהם, זי געמאכט צו פארטראכטען זיך. ווען אימערמאן האט אין 1828 געקראגען דעם אמט פון ראט־געבער אין דיוסעלדארפער געריכט, האט ער אנגעהויבען בעטען ביי עליזע'ן, זי זאל איהם נאכפאלגען אהינצו. זי האט איינגעשטימט און האט דערביי ווידערהאלט איהר מעלדונג, אז זי וועט מיט איהם ניט חתונה האבען; דערפאר האבען זיי זיך ביידע געגעבען דאסווארט, אז קיינער פון זיי וועט מיט קיין אנדערער ניט הייראטען.

די פארליעבטע האבען זיך באזעצט אין א זומער־וואוינונג אין דארף דירענדארף, נעבען דיסעלדארף; זייער הויז איז געוועזען ארומגערינגעלט מיט א שעהנעם גארטען, פול מיט רויזען. זיי האבען איינגעארדנעט א פיינע און אנגענעמע הויז, וואו זיי האבען ביידע געהאט זייערע באזונדערע צימערען. פיעל יאהרען האבען זיי דא אפגעלעבט אין אינהאלטסרייכען און גליקליכען לעבען. צו יענער צייט איז דיסעלדארף געוועזען דער צענטער פון א גרויסער צאהל פון די דייטשע אויסגעצייכענטע קינסטלער, אזעלכע מאלער ווי שאדאוו, לעסינג, הילדעבראנדט. אהערצו זיינען זיך צונויפ־געקומען פון אלע עקען דייטשלאנד דיכטער ווי גראבבע, קאמפא־זיטארס ווי מענדעלסאן, ליעבהאבער און קענער פון קונסט ווי שנאאזע. אימערמאנ'ס און עליזע פ. אלעפעלד'ס הויז איז געווא־רען דער צענטער פאר די אלע באגאבטע מענשען. נאך אין מיונ־סטער האט אימערמאן אין עליזע'ס קרייז ארויסגעציינט גרויס טא־לאנט אין פארלעזען דראמאטישע ווערק. ער האט דא אויך פארט־געזעצט האלב־עפענטליכע פארלעזונגען. דערפון איז ער געקומען צום געדאנק צו רעזשיסירען טעאטער־פארשטעלונגען. ער האט מיט מיטגלידער פון דיסעלדארפער געזעלשאפט דורכגעלערענט עטליכע דראמען און געגעבען איינינע פארשטעלונגען; אנגעפאהרענע אק־טיארען האבען איהם אין דעם ארויסגעהאלפען; דער גרויסער בערלינער אקטיאר זיידעלמאן האט ביי איהם געשפילט אין דער ראל

פון נאַטאַן, און פעליקס מענדעלסאָן האָט אויף דער דיסעלדאָרפער ביהנע געשפּיעלט צוויי אָפּעראַס און האָט זיי אַליין דיריזשירט.

ווען עליזע׳ס פאָטער איז געשטאָרבען אין 1832 האָט זי, אמת, ניט געירש׳ענט אַזאַ גרויס פאַרמעגען, וואָס יעדערער איז, בעת איהר יונגענד געווען זיכער, אַז עס וועט איבערגעהן צו איהר, נאָר זי האָט אָנגעהויבען קריגען פון איהר שוועסטערקינד, וועלכער האָט געירש׳ענט די גראַפישע גיטער, אַ גרויסע יעהרליכע סומע אויף איהר גאַנצען לעבען. זי האָט מיט אימערמאַנ׳ען אַרומגערייזט אַרום ריין, אין דרעזדען, אין האָלאַנד; איין רייזע האָט אימערמאַן אַליין געמאַכט, נעמליך די, וואָס ווערט באַשריבען אין „רייזע־זשורנאַל“. די באַשרייבונג באַשטעהט פון די בריעף, וואָס ער האָט געשיקט צו עליזע׳ן. אַלץ וואָס ער האָט געשריבען האָט זי איבער־געקוקט, איז אונטערגעפאַלען איהר ליעבליכער, נאָר ניט זעלטען אויך שטרענגער קריטיק.

נאָך אַ דריי־יעהריגער עקזיסטענץ האָט דער טעאַטער, וואָס איז געפיהרט געוואָרען פון אימערמאַנ׳ען געמוזט, צום גרויסען באַ־דויערען פונ׳ם דיכטער, אונטערגעהן דערפאַר, וואָס די רעגירונג האָט עס ניט גענוג געשטיצט. ער האָט געוואָלט זיך צושטרייען אַרומרייזענדיג אין די פראַנצויזישע שווייץ (1837) וואָס ער האָט באַשריבען. די בריעף, פון וועלכע מען האָט אַרויסגענומען זיינע פראַנקישע שילדערונגען, זיינען אויך אַלע געשריבען געוואָרען צו עליזע׳ן, דאָס זיינען געווען זיינע לעצטע בריעף, וואָס ער האָט איהר געשיקט; וואָרים אויף דער איצטיגער רייזע זיינער האָט ער אין מאַגדע געטראָפען אַן אַכצעניהעהריגע מיידעל, מאַריאַנע נימייער, וואָס האָט געמאַכט אויף איהם אַ שטאַרקען איינדרוק. טרעפענדיג זיך, נאָך זייער אָפּמאַך, מיט עליזע׳ן, און אויף דער רייזע מיט איהר צוזאַמען צוריק נאָך דיסעלדאָרף האָט ער איהר פלוצלונג, צו איהר באַוואונדערונג, געמאַכט אַ פאָרשלאַג, זי זאָל מיט איהם חתונה האָבען. זי האָט, ווי געוועהנליך, איהם אָפּגע־זאָגט. ער איז, ווי עס ווייזט אויס, נאָך פריהער געווען זיכער, אַז זי וועט איהם אַזוי ענטפערען, און ער האָט נאָר געוואָלט ריין מאַכען זיין געוויסען. גלייך נאָך דעם האָט ער, ניט זאָגענדיג גאָרניט עליזע׳ן, פאָרפיהרט אַ לעבעדיגע קאָרעספּאָנדענץ מיט מאַ־

ריאַנע׳ן און איהר געמאַכט אַ פאָרשלאַג. עליזע האָט זיך דער־וואוסט וועגען זיין פאַרקנס׳ונג פון זייטיגע מענשען, און זי האָט באַשלאָסען באַלד מיט איהם איבעררייסען אַלע באַציהונגען און איהם פאַרלאָזען.

אין אויגוסט 1839 איז זי אַרויסגעפאָהרען פון דיסעלדאָרף מיט איהרער אַ פריינדין, און אימערמאַן האָט זי באַגלייט ביז קעלן. ביז דאַמאָלס איז עליזע, ניט קוקענדיג אויף איהרע 49 יאָהר, גע־ווען נאָך גאַנץ שעהן, און איצט איז זי מיט אַמאָל אַלט געוואָרען. אין אָקטאָבער 1839 האָט אימערמאַן געהייראַט, און אין אויגוסט 1840 איז ער געשטאָרבען. עליזע האָט איהם אויף 15 יאָהר איי־בערגעלעבט 1).

עס איז קלאָר, אַז זיינע פאַרהעלטנישען צו עליזע׳ן, וואָס זיי־נען אין פאַרלויף פון פיעל יאָהרען געווען אַ קוואַל פון פרייד און אונטערהאַלט פאַר אימערמאַנ׳ען, האָבען צום סוף איהם אַנגעהויבען קוועלען. אבער עס וואָלט געווען אומגערעכט צו באַהויפּטען (ווי הערדעקע האָט עס געטאָן), אַז כלומר׳שט די איבערגעריסענע פאַר־העלטניסען און די גלייך נאָכפאָלגענדע געזעצליכע הייראַט האָבען אימערמאַנ׳ען געגעבען די פּאָעטישע קראַפט, וואָס ער האָט אַזוי גלענצענד אַרויסגעציינט אין זיין גרעסטען ווערק „מינכהויזען" אַט דאָס לעצטע ווערק איז ווי זיינע אַנדערע פאַרטראַכט און אויפ־געשריבען געוואָרען אין דער צייט פון זיין צוזאַמענלעבען מיט עליזע׳ן.

איהר געשטאַלט און זיינע באַציהונגען צו איהר האָבען אין פיעל הינזיכטען אויפ׳ן פאַרשיידענאַרטיגסטען און שטאַרקסטען אופן געהאַט אַן איינפלוס אויף זיין שאַפונג. מען קאָן געפינען סימנים פון אַט דעם איינפלוס אין זיין דראַמע „פּעטראַרקע". וואו עס ווערט געשילדערט פּעטראַרקע׳ס ליעבע צו לאַורע׳ן און די אומבאַזיעגטע קראַפט פון אַזאַ ליעבע, אויב זי איז אפילו געווענדעט צו ניט קיין פרייער פרוי. איהר מיינונג וועגען דער אומבאַדינגטער, אַבסאָלוטער ליעבע־רעכט ווערט באַשריבען אין דער דראַמע „קאַר־דעניאָ און צעלינדראַ". אויסער דעם איז זי, ווייזט אויס, גענומען

1) לודמילא אסינגי: „גרעפין עליזא פון אהלפעלד".

געוואָרען אַלס מאָדעל פאַר דער העלדין פון דער קאָמעדיע „די שטיפערישע גרעפין“, און האָט אויך, אָהן צווייפעל, געדיענט אַלס מאָדעל פאַר יאָהאַנ׳ען אין ראָמאַן „עפיגאָנען“. נאָר דאָס אַלעס איז נאָך גאָרנישט אין פאַרגלייך מיט דער ווירקונג פון ענט־וויקלונג און פאַרפיינקייט, וואָס זי האָט געהאַט אויף אימערמאַנ׳ען, אַלס דיכטער.

מערקווירדיג איז געווען דער שיקזאַל פון זיין רוהם. פון זיינע פיעלע ווערק ווערט איצט געלייענט נאָר דער איינציגער ראָמאַן „מינכהויזען“; ריכטיגער געזאָגט, נאָר איין טייל פון דעם ראָ־מאַן, — נעמליך נאָר די העלפט, וואָס מען האָט אויסגעטיילט פונ׳ם איבעריגען און עס אַרויסגעגעבען באַזונדער — ווער איבערגעבען זיין נאָמען דעם שפּעטעריגען דור. דער טייל פונ׳ם ראָמאַן האָט איבערגעלעבט אַלע אנדערע אימערמאַנ׳ס ווערק.

דער ראָמאַן „מינכהויזען“ איז געווען פאַרטראַכט, אַזוי ווי עס ווערען געוועהנליך פאַרטראַכט ראָמאַנטישע ערצעהלונגען, אין אַ פון פריהער־געפּלאַנטען, אומאָרדענטליכען אויסזעהן. למשל, דאָס בוך הויבט זיך אָן פון דעם עלפטען קאַפּיטעל. דער העלד, אַ וועסט־פאַלישער באַראָן, איז אַ זוהן פון דעם אַלטען ליגנער מינכהויזען, און אויך אַזאַ ליגנער און פאַנטאַזיאָר ווי זיין פאָטער. אַלץ צו־זאַמען איז עס אַ סאַטירישע באַשרייבונג פון פאַרשידענע ליגענס און פאַרשיידענאַרטיגע פאַלשקייטען און באַריהמערישע איינפאַ־לען פון יענער צייט, וואָס גיט דעם דיכטער אַ גרויסע אַרענאַ פאַר זיין פאַנטאַזיע. נאָר די אַלע ניט־געצוואונגענע פאַנטאַסטישע ער־צעהלונגען, וואָס ענטשפּרעכען דעם טיטול פונ׳ם בוך „אַן ערצעה־לונג אין אַראַבעסקען“, האָבען געלעגט דעם יסוד פאַר אַ שפּעטע־ריגער גרויסער נאָוועלע פונ׳ם דאָרפישען לעבען, וואָס פאַרנעמט אַן אַנגעזעהן פּלאַץ אין דער דייטשער ליטעראַטור, אונטער׳ן נאָמען „דער אויבער־הויף“. די הויפּט פּערזאָנען דאָרט, די העל־בלאָנדע ליזאַבעט און דער דאָרפישער „סטאַראָסטאַ“, זיינען די פאַרקערפּערונג פון דעם נייעם אמת און נייע פּאָעזיע. די האַנדלונג קומט פאָר אויף דער „רויטער ערד“ פון וועסטפאַליע; זיי זיינען די ערשטע טיפּען פון דייטשען פּשוט׳ען פאָלק, אַרויס־געפיהרט אין דער דייטשער ליטעראַטור, אָהן דער גורנער זיסקייט

פון די פאַסטוכישע אידיליעס און אהן דער באַלעט־עהנליכער באַפוצונג און אָפּערעטען־גייסט. ער איז דאָ געשילדערט מיט דייטליכע, שטאַרקע פאַרבען, מיט זיינע אייגענשאַפטען און אָריגינעלער אָפּשטעמפּלונג. אין די טיפּען וואָס אימערמאַן האָט אויסגעמאָלען איז פאַראַן פיעל פרישקייט און נאַטירליכקייט, וואָס פאַרהיט זיי פון דער שעדליכער ווירקונג פון די יאָהרען.

„דער אויבער־הויף איז געווען דער גרונד־מאָדעל פאַר אַלע ערצעהלונגען פונ׳ם פויערשען לעבען אין אייראָפּאַ; אין פיעלע הינזיכטען שטעהט די ערצעהלונג העכער פון די איבעריגע, ווי אַלט זי איז ניט אין אַנדערע ווענדונגען. הונדערטער פאַנטאַסטישע פעדים פאַרבינדען אָט די מייסטערהאַפט־אָנגעשריבענע ערצעהלונג מיט די גרויסע ראָמאַנטישע ראָמאַנען, נאָר מען קאָן אָהן שום שוועריגקייטען צושניידען די פעדים און דאַמאָלס וועלען מיר באַקומען ריינעם קריסטאַל, אין וואָס די ראָמאַנטיק האָט צולעצט זיך פאַרוואַנדעלט אין אימערמאַנ׳ס נשמה.

ביי דער איצטיגער צייט זיינען מיר געוועהנט צו דענקען, אַז די ערצעהלונגען פון פויערשען לעבען זיינען ענטשטאַנען פונ׳ם ראָמאַנטיזם. פונדעסטוועגען האָבען זיי אינ׳ם צפון און אין פראַנקרייך געדיענט אַלס איבערגאַנג צו אַ מעהר אמת׳ער קונסט־נאַטור, ווי די ראָמאַנטישע איז געווען. אין דייטשלאַנד איז פאָרגעקומען אַ גרויסע ענדערונג. ווען אימערמאַן האָט אויפ׳ן אָרט פון היסטאָרישע און פאַנטאַסטישע יאַמבישע דראַמען, פון וועלכע די האַנדלונג פלעגט פאָרקומען אין אַזעלכע פלעצער, וואָס דער שריפטשטעלער האָט קיינמאָל ניט געזעהן, אָנגעהויבען שילדערען דאָס פשוט׳ע מענשען־לעבען אין דער ווענינ־באַקאַנטער וועסטפאַליע, וואו ער האָט געוואוינט און געטראָגען זיין ריכטער־אַמט. אין יענער צייט האָט די געגענד ניט געהאַט קיין באַהנען און מסחר, נאָר דאָרטען זיינען געבליבען אומבאַריהרט די געזונטע פאַטריאַרכישע געוואוינהייטען און זיטען, און עס האָט זיך נאָר געפאָדערט אַ רעאַלע שילדערונג, אַז עס זאָל זיך באַקומען אַ באַשרייבונג פונ׳ם פויערען־לעבען, וואָס זאָל זיך דערהויבען איבער אַלע פריהעריגע פאַנטאַסטישע שאַפונגען פון זיין דיכטערישער פאַרשטעלונג.

דער געזונטער פויער, דער רייכער בעל־גוף, וועלכער איז די

הויפּט־פּערזאָן איז דער ערצעהלונג, איז דער ערשטער פון די אַלע געזונטע, זעלבסטשטענדיגע טיפּען אין די דייטשע און אין די פרעמד־שפּראַכישע ערצעהלונגען. אָבער ער שטעהט העכער פון אַלע אויערבאַך'ס, איז אַלגעמיין גוט־געשילדערטע פויערען, אַ דאַנק דער געשיכטליכער גרויסקייט, מיט וואָס ער איז, אַזוי צו זאָגען, דורכגעדרונגען, און וואָס איז באַגרינדעט אויף זיין ווארימער ליעבע צו דער טויזענד־יעהריגער פאַרגאַנגענהייט פון זיין פאַטער־לאַנד. אַט דער פויער טרעט אַרויס פונ'ם הינטערגרונד פון די טראַ־דיציעס פון די לאַנג־פאַרגאַנגענע און פאַרגעסענע צייטען, וואָס זיינען אַזוי לעבעדיג אין יענער געגענד.

ער — איז דער נאַטירליכער פויער. ער פאַרמאַגט ניט אין זיך קיין מילדקייט, ער האָט אפילו קיין צייט ניט געהאַט זי אין זיך איינצוזאַפּען, ווארים פון דער פריהעסטער יוגענד האָט ער געמוזט פיהרען אַ זעהר שווערען לעבען. ער איז אינגאַנצען די פאַרקער־פּערונג פונ'ם געזונטען גייסט, גערעכטיגקייט, עקשנות, צערטליכ־קייט, שטאַנד־שטאַלצקייט און עגאָאיזם. איז יסוד פון זיין וועזען אין פאַראַן עפּעס גראַניט־עהנליכעס. אַלס נאַטירליכער פויער איז ער קלוג און כיטרע אין זיינע האַנדלונגען און וועגדונגען, איז שטענ־דיג גרייט אַרויסצוהעלפען זיינע דאָרפס־לייט מיט אַן עצה, אום צו באַשיצען זייערע אינטערעסען, מענען זיי זיין ניט גערעכטע, גע־גען דער רעגירונגס־מאַכט; ער איז שטענדיג אויף דער וואַך גע־גען די רעגירונגס־באַאמטע, און איז גרייט צו יעדער צייט זיך דאַ־נעגען שטעלען, מעג זיך אפילו האַנדלען וועגען פּראַגרעס, — ווי אַ שטיינער, וועגען דורכלעגען נייע וועגען. ער איז קאַלט אין זיינע פאַמיליען־פאַרהעלטענישען און איז אַרומגעלעגט מיט אַ גאַנצער נעץ פון פויערשען אַבערגלויבען.

און דאָך איז ער גרויס. ער האָט אַ גרויסע ווירקונג אויף זיינע מענשען און פיהרט שטענדיג אוים וואָס ער וויל. ער הערשט ניט נאָר איבער זיין גרויסען הויף מיט דער גאַנצער שטרענגקייט פון אַן אַלטען פּאַטריאַרך, שטיצענדיג די אַלטע מנהגים, אַליין נאָכ־קוקענדיג נאָך אַלץ און אַלעמען, צונישט מאַכענדיג יענעמ'ס רייד מיט אַ טרעפענדען ווערטעל, צאָהלענדיג נאָר מיט'ן כבוד וואָס מען דיענט ביי איהם, — נאָר אויסער דעם, ניט האָבענדיג צו זיך

קיין גלייכע צווישען די שכנים, צווינגט ער צו קוקען אויף איהם ווי אויף א מנהיג און באַפעהלט זיי שווייגענד. אהן ווידערשטאַנד פון אימיצענ׳ס זייט, זיך באַפרייען פון דער רעגירונג׳ס אויבער־מאַכט און זעלבסטשטענדיג זיך רעגירען, באַטראַכטענדיג איהם אלס זייער פיהרער, עהנליך צו א שופט פונ׳ם אלט־העברעאישען טיפ. אין זיין געגענד זיינען ניטאָ קיין קרימינאַל און בירגער־פּראָצעסען. קיינער הויבט דאָרטען ניט אויף קיין בירגער־קריעגען און באַשולדיגט ניט דעם צווייטען אין קיין פאַרברעכען. מען קאָן דענקען, אַז דאָרט איז אַן אינזעל, אויף וועלכען מען באַגעהט קיינ־מאָל קיין זינד ניט. אבער אין דער ווירקליכקייט איז פּונקט קאַ־פּויר. נאָך פונ׳ם מיטעלאַלטער עקזיסטירען דאָ געהיימע געריכ־טען, „פעהם־געריכטען“, און די פּויערען, אונטער דער פיהרערשאַפט פון זייער דאָרף־סטאַראָסטאַ, זאָרגען זיך אַליין וועגען אויפהאַלטען נערעכטינקייט אין זייער סביבה. זיי קומען זיך צונויף אין געהיים ביינאַכט, אין אַן אַפּגעזונדערט פּלאַץ, אויף א בערגעל, ענטשיידען זייערע קריגערייען, און דער אורטייל וואָס ווערט אַרויסגעטראָגען, ווערט גלייך און פּינקטליך דורכגעפיהרט: די איינציגע שטראָף איז, אַז דער שולדיג־געפונענער זאָל זיך האַלטען אַפּגעזונדערט פון דער געמיינדע, — דאָס איז פאַר איהם אַזאַ שטרענגע שטראָף, וואָס איז פיליכט אַזוי שווער פאַר איהם ווי די שטרענגסטע שטראָף וואָס א רעגירונגס־געריכט לעגט אַרויף; ווארים דער פּויער, פון וועמען אַלע קעהרען זיך אָפּ, וועמען קיינער אין זיין געגענד וויל ניט העלפען, ליידט אפילו דאָן, ווען קיין שום אַנדער שלעכטס ווערט געגען איהם ניט אָנגעווענדעט. די איזאָלירונג איז פאַר איהם, ווי ער זאָל זיצען אין אַן איינצעל־קאַמער אין תפיסה.

אלס א סימבאָל פון זיין ווירדע און מאַכט טראָגט זיך דער סטאַראָסטאַ אַרום מיט א שווערד און באַטראַכט זי, נאָך לעגענדע, אלס די שווערד פון קאַרל דעם גרויסען, און קוקט דערויף, ווי אויף דעם קאָסטבאַרסטען שאַץ אין זיין הויף. די שווערד טראָגט ער מיט זיך בעת׳ן געריכט. די שווערד איז אויסגעגראָבען געוואָרען פון אונטער דער ערד, און איז א גאַנץ־געוועהנליכער געוועהר־אינס־טרומענט, ניט עלטער פון 200 יאָהר, און דער מחבר באַשרייבט דאָ זעהר בילדליך, ווי דעם אַלטען פּויער באַפאַלט אַפּט א צוויי־

פעל וועגען דער אלטקייט פון שווערד און ווי אזוי ער באמיהט זיך, מיט א ריין פויערשען פארשטאנד, עס צו אונטערדריקען אין זיך. ער צווינגט אַן אנטעקוואר, אלס באלוינונג פאר א וואונדערבארען אלטען קרוג, וואס ער ברענגט איהם אלס מתנה, איהם ארויסצוגעבען א שריפטליכען באווייז, אז די שווערד האט ווירקליך באלאנגט צו קארל דעם גרויסען.

א וואגאבונד, נאך א ליעבע־באציהונג מיט׳ן סטאראסטא׳ס טאכטער, דער־הרג׳עט זיין זוהן, באשיצענדיג זיך געגען איהם. די טראגעדיע־קאטאסטראפע אין דער ערצעהלונג איז געגרינדעט אויף פאלגענדעס: דער וואגאבונד, וועלענדיג זיך נוקם זיין אינ׳ם פויער, דערפאר וואס ער האט איהם איזאלירט פון דער געזעלשאפט און צובראכען זיין לעבען, האט אוועקגע׳גנב׳עט דעם שווערד און איהם אזוי באהאלטען, אז דער פויער האט איהם ניט געקאנט געפינען. אט דער גרויזאמער שאדען האט אויף דעם אלטען שטארק געווירקט. עס ווערען אויפגעדעקט אלע געהיימניסען פונ׳ם זעלבסט געריכט און שווערד און דער אלטער פויער ווערט געבראכט אין געריכט.

„הערדען ריכטער! — זאגט ער אין זיין לעצטער רעדע: — איך זעה קלאהר, אז מיט מיין שווערד און געהיימען פויערשען זעלבסט־געריכט קוק איך אוים ווי א נאר אין דעם פראקוראר׳ס אויגען, און אויב איך בין זיך ניט טועה, ווערט אלץ וואס איז מיר אזוי טייער, דא אנגערופען — נאריש. איך וועל זיך ערלויבען אייך דא צו ערקלעהרען די באדייטונג פון די אלע נארישקייטען“.

דער סטאראסטא דערצעהלט, אז זינט ער געדענקט, האט ער באאבאכטעט אז שטענדיג נאך עפעס אן אומגליק, ווי, א שטייגער, א פארפלייצונג, א הונגער, א פגירה פון פיה, קומען אין דארף אריין צופאהרען די הערדען וואס קאנען לייענען און שרייבען און וויסען אלץ בעסער, ווי די אומגליקליכע, וועמען דער אומגליק האט געטראפען; זיי האבען באשריבען דעם אומגליק מיט א צייט שפעטער נאך דער געשעהעניש, נאר זיי זיינען קיינמאל ניט געוועזען אויפ׳ן ארט צו העלפען, און ווען די רעגירונג האט יא געשיקט עפעס געלט, זיינען זיי קיינמאל ניט אריינגעפאלען אין די נויטיגע הענט.

„צום מיינסטען פלעגט אונז וואונדערען איין זאַך: אַמאָל פלעגט איינער פון אַט די שרייבענדע הארען אַזעלכעס אָפּטאָן ביי אונז, אַז מיר פלעגען שטאַרק איבער איהם לאַכען. און אין צוויי יאָהר שפּעטער פאָהרט שוין דערזעלבער הערר פאַרביי אונזער דאָרף אין אַ קאַרעטע געשפּאַנט מיט פיער פערד, און האָט אַזאַ אויסזעהן, גלייך ווי ער האָט געהאָלפען גאָט צו באַשאַפען די וועלט, און זיין ברוסט איז אויסגעפּוצט מיט אַ סך שעהנע בענדער. און אַט זעהענדיג דאָס אַלץ און באַטראַכטענדיג עס מיט מיין פּשוט'ן שכל, האָב איך באַשלאָסען, אַז די שרייבענדע הערען העלפען אונז גאָר ווינציג, און האָבען ניט קיין איבעריגען חשק צו ברענגען אונז די הילף; זיי שרייבען נאָר, און ביסלעכווייז צעשרייבען זיי זיך ביז אַ קאַרעטע מיט פיער פערד... איך האָב אַ טראַכט געטאָן, אַז אַ פיינער מענש קאָן זיך שטענדיג דורכשלאָגען אַ וועג אין לע־בען, אויב מען זאָל נאָר שטאַרק באַאַבאַכטען, וואָס עס טוט זיך אַרום דיר, אונטער דיינע פיס, ניט זיצען מיט צונויפגעלעגטע הענט, און ערליך באַהאַנדלען דיינע שכנים... צוערשט האָב איך זיך אַליין אָפּגעוועהנט פון ערוואַרטען הילף פון פרעמדע, האָב פלייַ־סיג גענומען צאָהלען מיינע שטייערען און טאָן מיינע פליכטען... און דערנאָך האָב איך אָנגעהויבען אויך צוגעוועהנען מיינע דאָרפס־לייט דערצו... זיי האָבען גענומען אַ ביישפּיעל פון מיר, און דער־פאַר האָבען פיעל זאַכען, צוליעב וועלכע מען האָט אין אַנדערע ערטער אויפגעהויבען אַ טומעל, ביי אונז ניט געטראָפען... און ווען אַלץ האָט זיך אויסגעגלייכט, האָבען מיר אָנגעהויבען אַליין ענטשיידען אַלע קריעגערייען. וואָרים מיט'ן פּשוט'ען פּויערשען שכל איז ניט שווער צו באַשליסען וואָס איז דיינס און וואָס איז מיינס, ווען עס געהערט די וואַנט און ווען יענער שטריק. און ווען עס טרעפט זיך אַ גנבה ווייסט דאָס דאָרף כמעט שטענ־דיג ווער דער גנב איז, כאָטש קיין אמת'ע באַווייזען זיינען געגען איהם ניטאָ, און אַ רעגירונגס־געריכט קאָן דערפאַר באַפרייען דעם פאַרברעכער, און ער וועט אומפאַרשעמט אַרומשפּאַצירען אין דאָרף, זיך פרעהענדיג מיט דער גנבה, וואָס דער באַ'גנב'עטער וועט שוין קיינמאָל ניט זעהן, ווי ער זעהט ניט זיינע אויערען. און אַזוי געלאָסען האָבען מיר גע'משפּט, און קיינער קאָן צו אונז קיין טענות

ניט האָבען, ווארים מיר האָבען קיינעם קיין שלעכטס ניט געטאָן; מיר האָבען נאָר איבערגעריסען די באַציהונגען מיט פאַרברעכער און אומווירדיגע לייט, און דאָס איז געווען אונזער אורטייל; און דאָס פאָלק האָט מורא געהאַט פאַר דעם אורטייל פיעל מעהר ווי פאַר די רעגירונג׳ס געריכטען און תפיסה.

„און אַט, האָט ער פאַרענדיגט זיין רעדע, ווען אַלע מענשען זאָלען זיך אויף אַ פריינדליכען אופן צונויפשליסען, אַ בירגער מיט בירגער, אַ סוחר מיט סוחרים, אַן אַדעליגער מיט אַדעליגע, אַ געלע־רענטער מיט געלערענטע, וואָלט, מיר דוכט זיך, געווען פיעל בע־סער. מענשען וואָלטען דעמאָלט ניט געווען עהנליך צו נאַרישע קינדער וואָס שרייען שטענדיג: פּאַפּע, מאַמע. נאָר יעדערער וואָלט זיך געווען ווי אַ פירשט ביי זיך אין הויז און מיט זיין גלייכען. דעמאָלט וואָלט דער קעניג אויך געווען אַ מעכטיגער הערשער, ווארים ער וואָלט דעמאָלט געקעניגט איבער פיעל הונדער־טער טויזענדער מלוכות“.

ווען מיר ענדיגען דאָס בוך דוכט זיך אונז, אַז איצט, ווען די נעהיימנים פונ׳ם זעלבסט־געריכט איז שוין אויפגעדעקט און די שווערד איז פאַרשוואונדען, וועט שוין נעהמען אַ סוף צום זעלבסט־געריכט. נאָר דער מחבר זאָגט דאָ, ווייזט אויס, אַרויס זיין מיי־נונג, ווען ער צווינגט דעם קלוגען דיאַגאָן ערקלערען, אַז די זעלבסט־שטענדינקייט, וואָס איז אויסגעאַרבייט און פאָרמולירט געוואָרען פונ׳ם פויער און זיינע פריינד, שטעלט מיט זיך פאָר אַ געוויסען לאָזונג, וואָס וועט, ניט קוקענדיג אויף קיינע אונטערדריקונגען, ניט אונטערגעהן, און די גרונד־אידעע, אַז דער מענש איז אָפּהענגיג פון זיין גלייכען, און ניט פון פרעמדע, וואָס רייסען זיך אויף אַ נעקינסטעלטען אופן אריין אין זייער לעבען, איז אַן אויפריכטיגע. פון זיין שטאַנדפּונקט איז דער אַלטער פויער — אַ געזונטער מענש, די אמת׳ע שווערד פון קאַרל דעם גרויסען, וואָס קיין גנב קאָן ניט אוועק־גנב׳ענען, דער שטאַרקסטער רעגירונגס־יסוד.

געדענקט, אַז דאָס בוך איז אָנגעשריבען געוואָרען פון אַ דיכ־טער, וואָס איז אַ רעגירונגס־ריכטער, אַ זוהן פון אַ פּרייסישען באַ־אַמטען.

אַלס נעגענזאַץ צו דער פעסטער סטאַראָסטאַ־פיגור, שילדערט

אונז אימערמאַן, מיט דערזעלבער זיכערער האַנט, די העלדין, א יונגע, דאַרפישע מיידעל, די העל־בלאָנדע ליזאַבעט. אין איהר פאַר־ליעבט זיך דער יונגער גראַף אַסוואלד, וואָס געהט צופוס אַרום איבער'ן לאַנד, און די ליעבע פון די צוויי ריינע נשמות מיט איהר רייכען אינהאַלט, איז דאָס שעהנסטע אין בוך. אימערמאַן האָט שוין לאַנג אַרויסגעוויזען אין זיינע ווערק זיין טיעפען גלויבען, אַז די אומבאַגרענעצטע ליעבע איבט אויס איהר מאַכט איבער די מענשליכע זעעלען; נאָר דאַ האָט ער געמאַהלען די יונגע ליעבע מיט אַזאַ קראַפט, ווי אין ערגעץ ניט. דאַ שלאָגען אָן ברענען צוויי יונגע, אומשולדיגע הערצער. זיי באַגעגענען זיך מיט דער גאַנצער איבערפולקייט פון זייערע געפיהלען, רייך מיט געזונטע, טיעפע, ניי־געבאָרענע און צובליהטע האָפנונגען. קיין ענטזאַגונג און ענטוישונג האָבען נאָך ניט אָפּגעקיהלט קיין איין טראָפּען פון זייער הייסען בלוט. שאַרפזיניג איז אַרומגעקלערט דער מיטעל, ווי אַזוי דער אונטערשייד צווישען זיי ווערט אַלץ קלענער: א יונגער יעגער, דער ערגסטער שיסער אין דער וועלט, וואָס האָט געירשענט פון זיינע עלטערן די ליידענשאַפט צו שיסען, נאָר קאָן קיינמאָל ניט טרעפען אין פונקט, מאַכט איינמאָל אויף זיין געיעג, דאָס ערשטע מאָל אויף זיין לעבען, א גוטען שאָס, וואָס טרעפט אין א לעבעדיגען פונקט, דער פולווער־שטויב טרעפט דער יונגער מיי־דעל'ס פלייצע. דער טיעפער בזיון, וואָס ער פיהלט צוליעב דעם, ווערט צוביסלעך איבערגעגאַנגען אין שטאַרקער ליידענשאַפט. ווען ליזאַבעט ווערט געזונט, באַגעגענען זיי זיך ווידער אַמאָל, און איין מאָל גערען זיי צוזאַמען אוועק אין וואַלד:

„איך וויל בעטען ענטשולדיגונג פון דיינע וואונדען —

האָט ער געזאָגט, און אַראָפּגעהמענדיג פון איהר דאָס טיכעל, האָט ער א קוש געטאָן די קליינע רויטע סמנים צווישען איהרע ברוסטען און די ווייס־בלענדענדע פלייצעס. זי האָט געלאָזט, זיך ניט גע־וועהרט; נאָר אויף דער ברוסט האָט זי פאַרלעגט די קליינע הענט, און איז געזעסען אַזוי אַנטקעגען איהם, גלייך ווי דער אונ־טערטעניגער ליעבע־קרבן, און געקוקט אויף איהם מיט א בעטענדען, פאַרשעמטען בליק. אַט דעם בליק האָט דער גראַף ניט געקאָנט אויסטראָגען. ער האָט צוריק גיך אַרויפגעוואָרפען דאָס טיכעל

אויף איהרע אקסלען, איז געפאַלען צו איהרע פיס, האט צוגעדריקט איהרע קניהען צו זיין הארצען און איז אפגעגאַנגען פון איהר אויף עטליכע טריט, אום זיך אביסעל צו בארוהיגען פון זיין אויפרע־גונג".

אזעלכע סצענען קאָן מען ניט אין קורצען אויסדערצעהלען. איבערלייענען אין אָריגינאַל די דאָרפישע אידיליע צווישען די גע־ליעבטע, איבערלייענען ווי זיי דערצעהלען אבער איינער דער צוויי־טער וועגען זייער ליעבע, ווי ער שפּיעלט זיך מיט איהרע האָר, און זי געפינט ניט קיין אנדערע ווערטער אום אויסצודריקען איהרע געפיהלען, ווי נאָר: „אך, דו!" — זיי מאַכען זיך אָן איבערביי־סען איינקויפענדיג ווייצען־ברויט און עפּעל, און זיי איינ‍יגען זיך אויף דער מיינונג, אַז די ראמאַניסטען ליגען ווען זיי דערצעהלען, אַז ליעבע ווערט געקאָרמעט פון דער לופט אליין. אַט די סצענעס זיינען אזוי נאַטירליך געמאָלט, ווי די עהנליכע צו זיי ביי אויערבאַך׳ן, קעללער׳ן, אָדער ביערנסאָנ׳ען.

און אימערמאַן שטעהט אויף דערזעלבער הויך מאַלענדיג די אומגליקליכע, ווי די גליקליכע זייטען פון לעבען. עס איז ניט פאַראַן קיין שעהנערער פלאַץ אין זיין ראמאַן ,ווי דער, ווען דער פאַ־טער דערצעהלט ליזאַבעט׳ן, אַז איהר געליעבטער איז אַ זעהר אָנ־געזעהענער מענש, און ער צושטערט איהר האָפנונג, אַז אַסוואַלד וועט מיט איהר הייראַטען. יענער האט באַהאַלטען פון איהר זיין שטאַנד און זיך אָנגעגעבען אלס פּשוט׳ער וואַלד־שומר, נאָר אום צו מאַכען איהר אַ פרעהליכען סורפּריז. ווען זי זאָל גוט געווען באַ־קלערען די זאַך, וואלט זי זיכער באַשלאָסען, אז זי האט ניט וואָס מורא האָבען, טאָמער וועט ער איהר אויפהערען צו ליעבען. נאָר די נייעס, אַז איהר געליעבטער האט זי אָפּגענאַרט, האט גלייך ביי איהר צוגענומען דעם גלייכגעוויכט פון איהר נשמה, און אי־מערמאַן זאָגט דערביי אַרויס אַ טיעפען געדאַנק:

אזוי לאַנג ווי די ליעבע איז אומבאַדירט, פאַרמאָגט זי אַ געט־ליכע אונדרינגענדקייט; נאָר טאָמער הויבט מען זי אָן צו וואַקלען, נעהט זי גלייך אַרויף אויפ׳ן וועג פון פאַלשע פאַראויסזעהונגען: אומזיניגקייט פילט זי אַז, זי נעהט דורך דורך קאַטעדראַלען און זעהט

זיי נים, און פאַרקעהרט, אָפט נעמט זי אַן ווערים־בערגלער פאַר אַלפּען־בערג.

אין די ווערטער ליעגט אַ טיעפער געדאַנק: זיי גיבען אַ ריכטיגע באַשרייבונג פון די געפיהלען, וואָס זיינען איינגעוואָרצעלט אין דער אומבאַוואוסטזיניגקייט. ביי היינע׳ן איז די לעצטע פּסיכאָלאָגיע שטענדיג אַ פּשוט׳ע: אויב ער באַקלאָגט זיך, איז דאָס נאָר אויף אומטרייהייט, ווי אויף דער אומגערעכטיגקייט וואָס ווערט געטאָן באַוואוסטזיניג. אימערמאַן האָט דאַ געשאַפען סאָמנאַבולישען עלעמענט, באַוועגט פון געפיהלען, — די סאָמנאַבולישע זיכערקייט, וואָס קומט אַרויס פון די געפיהלען, אויב זיי געפינען זיך אויסער די גרענעצען פון די כחות, וואָס צושטערען זייער גלייכגעוויכט.

ווי אין גאַנצען, אַזוי אויך אין די איינצעלהייטען, איז אַט די ערשטע ערצעהלונג פון פּויערען־לעבען דורכגעדרונגען מיט ריינער פּאָעזיע. דער ראָמאַנטיש פאַנטאַסטישער עלעמענט שפּיעלט נאָך דאָ אַ ראָלע: דער געהיימער געריכט, קאַרל דעם גרויסען׳ס שווערד, דאָס אַנהאַלטען פון די אַלטע טראַדיציעס — דאָס אַלץ זיינען ראָמאַנטישע שטריכען; אַ ראָמאַנטישער שטריך איז אויך עליזאַבעטע׳ס פאַנטאַסטיש קומען אויף דער וועלט: אַט די יונגע מיידעל איז, ווי מיר דערוויסען זיך דערנאָך, דעם ליגנער מינכענהויזען׳ס אומגעזעצליכע טאָכטער. די אַלע שטריכען באַווייזען אונז, ווי די ערצעהלונג האָט זיך אויסגעוויקעלט פון דער ראָמאַנטישער ליטעראַטור פון דער פאַראיבערגאַנג־עפּאָכע. נאָר גראָדע אַ דאַנק דעם, זעהן מיר דעם זעהר שווערען און ענערגישען איבערגאַנג־פּראָצעס, אַ דאַנק וועלכען, די מאָדערנע רעאַלע שילדערונג פון דעם געזונטען פאָלקס־לעבען איז געבאָרען געוואָרען פון די אומגעצאַמטע פאַנטאַזיעס פון דער פריהעריגער עפּאָכע.

אימערמאַן, ווי דאַניעל דעפאָ, אַבאַט פּרעוואָ, וועסעל, שאַמיסאָ, בערנאַרדין־דע־סען־פּיער, האָט זיך נאָר מיט איין ווערק באַריהמט געמאַכט אויף שטענדיג, בעת זיינע פיעלע אַנדערע זיינען גלייך פאַרגעסען געוואָרען. קיין אַנדער ווערק ווי „מינכהויזען" איז ניט געבליבען נאָך אימערמאַנ׳ען. ער האָט געשריבען שפּאַסיגע העלדען־ליעדער. „טוליפּענטרען", וואָס זיינען אַמאָל געלויבט

געוואָרען, זיינען איצט אומלעזבאַר. ער האָט געשריבען אַנדערע ווערק, וואָס זיינען אין זייער צייט אַנערקענט געוואָרען פאַר גאַנץ גוטע, און איצט ליגען זיי באַדעקט מיט שטויב, ווי אַ שטיינגער. די דראַמאַ „מערלין" (אין 1831) אין שעהנע ריפמען, אַ גרויס ראָמאַנטישע ווערק, אַ ניט־געלונגענער פענדאַנט צום צווייטען טייל פון געטע׳ס „פאוסט", אָדער די היסטאָרישע טראַגעדיע, וואָס האָט צוערשט געטראָגען דעם נאָמען: די „טראַגעדיע אין טיראָל" און דערנאָך: „אַנדרעאַס האָפער". פון די דראַמעס איז די לעצטע די בעסטע. זי איז געגרינדעט אויף אימערמאַנ׳ס קינדהייטס־ערי־נערונגען וועגען דער גרויסער שלאַכט מיט די פראַנצויזען אין טי־ראָל און איז געשריבען מיט׳ן פאַרלאַנג צו באַשרייבען אין אמת׳ע און ניט־צוגעפוצטע פאַרבען די צוויי ניט־גלייכע און קעמפענדע פעלקער און זייערע געגענגעזעצטע קולטורען. אַזוי ווי זי איז ערשינען אין 1828 און איז קריטיקירט געוואָרען פון בערנע׳ן אין זיינע „דראַמאַטישע בלעטער" און אויסגעלאַכט פון פּלאַטענען אין דער ראָמאַנטישער עדיפוס, איז זי אינטערעסאַנט צום מיינסטען אַלס דאָס אומגעזעצליכע קינד, געבוירען אין קלייסט׳ס געניע און פון שיללער׳ס מוזע, וואָרים זי דערמאָנט גלייכצייטיג מיט׳ן העלד׳ס כאַראַקטער אין שילער׳ס „ווילהעלם טעלל" און מיט דער ליעבע־געשיכטע צווישען דעם פראַנצויז און דער טיראָלישער פרוי און איהר גוטען אויסגאַנג — אַן קלייסט׳ס — „די הערמאַן מלחמה". אַט דער חסרון איהרער איז טאַקע די אורזאַכע פון איהר קורצען לעבען, און ווען אימערמאַן האָט זי אין 1831 איבערגעאַרבייט, אויסשליסענדיג אַלץ, וואָס איז קריטיקירט געוואָרען, אַרויסוואַר־פענדיג די גאַנצע ליעבע־געשיכטע און (וואָס דערמאָנט אויך אַן קלייסט׳ען) די סצענע מיט דער שווערד, וואָס דער מלאך ברענגט אין שלאָף צו האָפער׳ן — האָט ער דערמיט צוגענומען ביי דער דראַמע איהר גאַנץ לעבען, — איהר האַרץ. שוין צוליעב שטאָלצקייט אַליין האָט ער געדאַרפט געוועזן איבערלאָזען די פיגור, וואָס איז אַזוי ביטער אויסגעלאַכט געוואָרען פון פּלאַטענען.

אומגליקליכע אומשטענדען האָבען געצוואונגען אַזעלכע צוויי פרייהייט־ליעבענדע פערזאָנען ווי אימערמאַנען, פּלאַטענען און צוויי אַזעלכע זעלטענע טאַלאַנטען ווי היינע און פּלאַטען צו פיהרען

אַ פּאַרביטערטען קאַמף. אַלס אורזאַך פאַר דעם ליטעראַרישען קאַמף, פאַר די גראַב־אומאַנשטענדיגע אַנפאַלען געגען אימער־מאַנען און היינען אין „ראָמאַנטישען עדיפּ“, אַזוי אויך פאַר היי־נע׳ס שאַרפע, שלאַגענדע אַנפאַלען געגען פּלאַטענען אין זיינע „רייזע בילדער“, איז געווען אימערמאַנ׳ס אַ ניט־וויכטיג, נאַר ביטערען צוויי־שורה׳דיג ליעד: עס האַט זיך געפאָדערט נאַר פּלאַטענ׳ס קרענקליכע זעלבסט־ליעבע און זיין גאַנצער קריעגערישער גייסט אום אַנצוהויבען אַזאַ קאַמף, וואָס איז אַנגעגאַנגען מיט פאַר־סמ׳טען געוועהר.

פון פּלאַטענ׳ס בריעף זעהט מען, ווי נאָהענט ער האַט גענומען צום האַרצען אימערמאַנ׳ס צוויי שורות, וואָס זיינען אַריינגעטראָגען געוואָרען אין די „רייזע־בילדער“ און ווי שטאַרק ער האַט ביי זיך באַשלאָסען זיך נוקם זיין פאַר זיי אויפ׳ן ערגסטען אופן. ווי גרויס און אין זיך זיכער פּלאַטען איז געווען אַלס אמת׳ער קינסטלער, און ווי מוטיג ער האַט זיך ניט אַרויסגעציינט אין זיין באַגייסטע־רונג פאַר דער פּאָליטישער פריהייט, נאַר דאָך ציינט אַרויס דער אופן פון זיין האַנדלונג געגען מענשען, וואָס זיינען אויף איהם אַנגעפאַלען, ווי זעלבסט־באַגייסטערונג, וואָס ווירקט אומאַנגענעם און דערגרעהט ביז זעלבסט־לויב און גראָבקייט, וואָס נעמט זיך אַביסעל פון שטאַנד־שטאָלצקייט און אַביסעל פון פּאַרדרוס פאַר דעם באַליידיגטען עהרע־גייז. פּלאַטענ׳ס בריעף פון רוים פונ׳ם 18טען פעברואַר 1828, ציינט, אַז ער האַט גאַרניט געהאַט דעם מינדסטען באַגריף וועגען אימערמאַנ׳ס טראַגעדיע „די טראַגעדיע פון טיראָל“, אויף וועלכער האַט נאָך פריהער באַשלאָסען אַנצופאַ־לען. דער „ראָמאַנטישער עדיפּ“ איז שוין כמעט געווען פאַרענדיגט. ער שרייבט צו פוגער׳ן:

„שרייב מיר עפּעס וועגען אימערמאַנ׳ס „אַנדרעי האָפער“, עפּעס וואָס פון דער האַנדלונג, עפּעס אַ פּיקאַנטע שטעלע. איך מוז עס האָבען פאַר דער ענדע פון דעם 5טען אַקט, וואו איך שילדער איהם אַלס אַ משוגע׳נעם“.

די אומבאַגרענעצטע פיינדשאַפט וואָס פּלאַטען ווייזט אַרויס אין זיין דראַמע צו אימערמאַנ׳ען, ציינט אונז קלאָר זיין שטרעבונג נאָך נקמה, כאָטש ער באַמיהט זיך דאָס אָפּצולייקענען. היינע׳ן

וואַרפט ער נאָר אויס זיין אידישע אָפּשטאַמונג. אין דער דראַמע דרעהט זיך אַלץ אַרום אַט דעם פּונקט: היינע—איז דער פּעטראַרקא פון׳ם יום־טוב סוכות, דער שטאַלץ פון דער שוהל. די אַנפאַלען זיינען אַזוי פּערזענליך, אַז אימערמייער האָט ערקלערט, אַז ער איז היינע׳ס אַ פריינד, נאָר ער וואָלט ניט געוואָלט זיין זיין געליעבטע, וואָרים פון זיינע קושען הערט זיך קנאָבעל און אַז. וו. פון די בריעף זעהט מען, אַז פּלאַטען האָט זיך שטאַרק טועה געווען וועגען זיינע נעגנער׳ס כחות. ער האָט זיך געפיהלט פעהיג „צו צוקוועטשען דעם אידען היינע׳ן“, ווען ער זאָל עס נאָר וועלען. ווען זיינע פריינד מאַכען איהם אויפמערקזאַם, אַז דאָס וואָס ער פאַלט אָן אויף היינע׳ס אָפּשטאַמונג איז לעכערליך, ענטפערט ער זיי מיט פעסטען גלויבען:

„דאָס וואָס ער איז אַ איד, אָדער אַזעלכער געווען, איז ניט קיין מאָראַלישער חסרון, נאָר אַ קאָמישער שטריך. דער אויפמערקזאַמער לעזער וועט באַגרייפען, צי האָב איך זיך באַנוצט מיט אַט דעם צופאַל מיט דער אַריסטאָפאַנישער איידעלקייט“.

און פּלאַטען איז אַזוי זיכער מיט זיין פּאַרטרעפליכקייט, אַז נאָך אין דעצעמבער 1828, ניט לאַנג פאַר דעם, ווי היינע האָט איהם „דורכגעריבען“, האָט ער אין איהם געזעהן נאָר „דעם אומפּאַרשעמטען אידען, דעם מיאוס׳ען נע־ונד׳ניק אין סאַנקיולאָט“; זיין אומצופרידענקייט מיט די ערשטע אויסגאַבען פון די „רייזע־ביל־דער“, צוליעב זייער אונמאָראַלישקייט איז געווען אַזוי גרויס, אַז ער האָט אָנגערופען דעם דיכטער אַלס אמת׳ן טייוועל. דעם ביטערען ענטפער וואָס ער האָט געקראָגען האָט ער פאַרדיענט, און פאַר זיין ניט קאָנען שעצען היינע׳ס און אימערמאַנ׳ס פאַרדיענסטען איז איהם דערנאָך דרייפאַכיג באַצאָהלט געוואָרען. אמת, היינע׳ס אַנפאַלען זיינען געווען ניט קיין גאַר־עהרליכע, נאָר זיין שמערצליכסטע שטראָף איז געווען די, וואָס זיינע פריינד און פאַרעהרער האָבען עס איהם ניט פאַרגעבען. די פיינדשאַפט צווישען אימערמאַנען און פּלאַטענען איז אַרויסגערופען געוואָרען פון דער עהנליכקייט אין זייערע ביידענס כאַראַקטערען, — פון דעם געפיהל פון איינזאַמקייט, וואָס האָט אין צוזאַמענהאַנג מיט דער קרענקליכער זעלבסט־ליעבע, באַשאַפען אין זיי די נייגונג צו זעלבסט־לויב און צו אומגערעכטע אַנפאַלען אויף אַנדערע, ווען זיי האָבען נאָך

גוט ניט געקאָנט. פּלאַטען, ווי אימערמאַן, יעדער אויף זיין שטיי־
נער, פאַרצייכענען דעם איבערגאַנג פון דער ראָמאַנטישער רעטונג
צו דער מאָדערנער. פּלאַטען, נאָכגעהענדיג דעם ראָמאַנטיזם, האָט
שטענדיג זיך באַרייכערט מיט נייע פאָרמען, מזרח־ישע ווי האַזעל׳ס,
דרום־דיגע — ווי די אַלט־גריכישע סאָנעטען, ווי די אַריסטאָפאַנישע
קאָמעדיעס און פינאַדראַווער אָדעס. און מיט אַ שטיקעל צייט
פאַר זיין טויט האָט ער דערגרייכט מיט זיינע „ליעדער און געדיכ־
טען" („פּאָליטישע ליעדער", צווישען אַנדערע: „די ליעדער וועגען
פּוילען") דעם העכסטען פּונקט אין דער ענטוויקלונג פון דער פּריי־
נעזאָנענער מאָדערנער ליריק, — און אימערמאַן, וועלכער האָט
זיין גאַנצען לעבען באַארבייט טראַגישע און פאַנטאַסטישע סוזשע־
טען מיט דער ראָמאַנטישער עקזאַלטאַציע, אַריינברענגענדיג אין
זיי אַ ראָמאַנטישע סימבאָליק, האָט זיך פאַר׳ן טויט באַקעהרט צו
דער ווירקליכקייט פון זיין היים־לאַנד, אַרויסצייגענדיג אין זיין
לעצטען ווערק אַ לעבעדיג־פּאָליטישען געפיהל, וואָס האָט באַגייס־
טערט נאָך זיין טויט אַ גאַנצען דור שריפטשטעלער אין גאַנץ
איירָאָפּאַ.

